ראָמאַן קים

# דער געפונענער העפט אין סונטשאַן

דאָקומענטירטע דערציילונג




ייִדיש: פּ. קאַץ



פאַרלאַג „הײמלאַנד"

בוענאָס אײַרעס

אָקטאָבער 1952

* * *

ראָמאַן קים, דער מעכאַבער פון דער דאָקומענטירטער דערציילונג, וואָס מיר דרוקן דאָ אין ייִדישער איבערזעצונג, איז אַן אָנגעזעענער סאָוועטישער שרײַבער און שטאַמט פון קאָרעע.

זײַן נאָמען האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין 1933, אין מאַקסים גאָרקיס אַלמאַנאַך „דאָס זעכצנטע יאָר", ווו ער האָט אָפּגעדרוקט אַ פּאַנפלעט אונטערן טיטל: „דרײַ קעגנ:בערדיקע הײַזער און צוויי שכיינעסדיקע". אין דעם פּאַנפלעט האָט דער יונגער מעכאַבער, אַפן גרונט פון די יאַפּאַנישע שרײַבער־דעקאַדענטן, איבערצײַגנדיק־שאַרף אַרויסגעשטעלט דעם צעפאַלונגס־פּראָצעס פון דער בירגערלעכער ליטעראַטור. קימס פּאַנפלעט האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג. מען האָט אים דערנאָך אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע און איבערגעזעצט אין יאַפּאַנעזיש. שפּעטער האָט קים אָנגעשריבן אַ ריי דערציילונגען אַף טעמעס פונעם בירגער־קריג און פון דער יאַפּאַנישער אינטערווענץ אַפן ווײַטן מיזרעך („אַ קלאָר טײַכל לעבן אַ גרויסן באַרג", „פּרימאָריער קאָמענטאַריסטן א"אַ), אויך געדרוקט אין גאָרקיס אַלמאַנאַך. קים האָט זיך אויך מיט דערפאָלג באַקאַנט געמאַכט ווי אַ קריטיקער און פּובליציסט. זײַנע ליטעראַרישע אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן האָבן זיך געדרוקט אין מאָסקווער צײַטונגען און זשורנאַלן.

אינעם פּאַנפלעט „אַ רײַזע אַפן צאָפן־אַמעריקאַנישן פּאַרנאַס" (1948), איבערגעזעצט אַף ענגליש, דײַטש און אַנדערע שפּראַכן, לאַכט קים אויס אַף אַ בײַסיקן אויפן די צאָפן־אַמעריקאַנישע ליטעראַרישע אינדוסטריע, דעם סטאַנדאַרד־כאַראַקטער פון דער פּראָדוקציע סעריעסווײַז און די בירגערלעכע פאַרלאַגן, וואָס זײַנען אויסן צו רייצן באַם לייענער זײַנע נידעריקע אינסטינקטן און אָפּטעמפּן באַ אים דעם סייכל און דאָס לעבעדיקע מענטשלעכע געפיל.

ראָמאַן קימס באַדײַטנדיקסטע אַרבעט איז זײַן נײַע דאָקומענטירטע דערציילונג „דער געפונענער העפט אין סונטשאָן". אין דער אַרבעט ברענגט דער מעכאַבער אַרויס און סינטעטיזירט מיט גלענצנדיק־געצייכנטע פּאַרשוין, געשיכטלעכע פאַקטן און געשעענישן, וואָס באַשטעטיקן, אַז שוין באַם סאָף פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, האָט עקזיסטירט

אַ געהיימער אָפּמאַך צווישן די נאָרדאַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן און די יאַפּאַנישע מיליטאַריסטן.

אַפן גרונט פון אויטענטישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, באַשרייבט דער מעכאַבער ווי־אַזוי די נאָרדאַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט לעבט אויף אין יאַפּאַן די אַרמיי, דעם יאַם־פּלאָט און דעם לופט־פּלאָט און נוצט זיך מיט דער יאַפּאַנישער סאָלדאַטעסקע פאַר איר אינטערווענץ אין קאָרעע. אין דער דערציילונג ווערן קלאָר ווי אַף דער האַנט אַרויסגעבראַכט די אַכזאָריעסן פון די נאָרדאַמעריקאַנער אַגרעסאָרן, זייער שענדן די ציווילע באַפעלקערונג און דער העלדישער ווידערשטאַנד פון די קאָרעער, וואָס פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד.



# דער געפֿונענער העפֿט פֿון סונטשאָן

דעם 24טן נאָוועמבער 1950, אין באַגינען, האָט דאָס נאָרדאַמעריקאַנער מיליטער אָנגעהויבן אין קאָרעע אַן אַלגעמיינע אָפּענסיווע. דער ציל פֿון די נאָרדאַמעריקאַנער איז געווען אַרומצורינגלען און דערנאָך צעקלאַפּן די הויפּט־קויכעס פֿון דער קאָרעער פֿאָלקס־אַרמיי און כינעזישע וואָלונטירן און פֿאַרכאַפּן די גאַנצע קאָרעיִש־מאַנדזשורישע גרענעץ. אַכוץ דעם נאָרדאַמעריקאַנישן מיליטער, האָבן זיך אין דעם אָנגריף באַטייליקט ענגלישע, אויסטראַלישע, טערקישע, פֿיליפּינישע און לי סין מאַנס מיליטערישע טיילן.

דער הויפּט־שטויס איז געגאַנגען פֿון צאָפֿן־זײַט אַנדיו און פֿון טאָקטשען, ווו מען האָט קאָנצענטרירט די אינטערווענציאָניסטישע מיליטער־קויכעס: דער ערשטער און דער נײַנטער נאָרדאַמעריקאַנישע אַרמייקאָרפּוסן, וואָס האָבן געבילדעט אַ טייל פֿון דער אַכטער אַרמיי פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן. די שלאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן אַף דער גאַנצער ליניע פֿון דעם מיזרעכדיקן און צאָפֿן־מיזרעכדיקן קאָרעער פֿראָנט.

אַלע פֿאַרטיזאַנער דעסטאַקאַמענטן וואָס האָבן זיך געפֿונען אינעם הינטערלאַנד פֿון די אינטערווענציאָניסטן, האָבן באַקומען אַ באַפֿעל אָנצוהייבן אַקטיווע אָפּעראַציעס לויטן פּלאַן, אַן אָנגעצייכנטן פֿון דער העכסטער אָנפֿירונג מיט דער פֿאָלקס־אַרמיי.

דער דעסטאַקאַמענט וואָס האָט אַקטויִרט אין די בערג דאָרעם פֿון טשאַנרים, האָט באַדאַרפֿט אַטאַקירן דעם הינטערטייל פֿון דער אַכטער אַרמיי, איבערשנײַדן די קאָמוניקאַציעס און אַרײַנברענגען פֿאַרווירונג אינעם סוינעס זאָנע נאָענט צום פֿראָנט.

ווי נאָר דער דעסטאַקאַמענט האָט באַקומען דעם באַפֿעל, האָט ער זיך אַ רוק געטאָן אַף מיזרעוו, האָט אין עטלעכע ערטער אויפֿגעריסן די

באַן־ליניע, האָט פאַרקירעוועט צו צאָפן־מיזרעוו און נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעשניטן די ליניע מאַנפּאַ־פּכעניאַן לעבן יאַמפּאַרי, האָט ער פאַר־כאַפּט אָט די לעצטע באַן־סטאַנציע. אין וועג, האָבן די פּאַרטיזאַנער צע־שטערט דעם סוינעס אַלע צוגן און וואַכפּאָסטנס, האָבן באַשאָסן און צע־שטערט עטלעכע צענדליק אויטאָמאָבילן מיט נאָרדאַמעריקאַנער מיליטער.

אַרום פיר אַזייגער באַטאָג פון 26טן נאָוועמבער, האָבן זיך דריי גרופּעס פּאַרטיזאַנער אַרײַנגעריסן אין דער שטאָט סונטשאָן, וווּ עס האָט זיך געפונען דער הויפּטשטאַב פונעם 1טן נאָרדאַמעריקאַנישן מיליטער־קאָרפּוס.

די אינטערווענציאָניסטן האָבן זיך ווײַט נישט געריכט אָף אַן אַטאַ־קע אין דער ריכטונג. די פּאַניק אין שטאָט איז געווען אַ שרעקלעכע. אַ גרויסע טייל נאָרדאַמעריקאַנער און לי סין־מאַנער זײַנען טייקעף אַנט־לאָפן ; די ערשטע — אין לאָסט־אויטאָס און אין ,,דזשיפּס״ ; די צוויי־טע — צופוס. נאָר איין לי סין מאַנער טייל, וואָס איז פאַרשאַנצט גע־ווען אין אַ פאַבריק פון כעמישע פּראָדוקטן נאָנט פון דער באַן־סטאַנציע, האָט גענומען שיסן אָף די צענטער־געגנטן פון דער שטאָט, וווּ עס האָבן זיך נאָך געפונען די נאָרדאַמעריקאַנער. אינמיטן דער שיסערײַ האָבן זיך באַוויזן צוויי ,,82־פּ״ מיט טאָפּלטער פוסעלאַזש און האָבן, פליִענדיק קימאַט באַ דער ערד, פון מעטראַליעס באַשאָסן דאָס אייגענע מיליטער. אַזוינס פלעגט טרעפן זייער אָפט. נאָך די אַנגריף־אַוויאָנען, האָבן זיך באַוויזן די לײַכטע באָמבאַרדירער ,,ב־26״. די פליִער האָבן די מינדסטע אַכט ניט געלייגט אָף די בענגאַלישע פײַערן און אַנדערע סיגנאַלן פון די נאָרדאַמעריקאַנער און לי סין מאַנער און האָבן דאָס אַנגענומען פאַר ,,אַ נײַעם טריק פון די קאָרעער קאָמוניסטן״.

ווי נאָר עס האָט זיך פאַרענדיקט די באָמבאַרדירונג זײַנען די פּאַרטי־זאַנער אַריבער אין אַטאַקע. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, איז די שטאָט ריין געווען פון פײַנטלעכן מיליטער.

דער הויפּטשטאַב פון דעם דעסטאַקאָמענט האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין דער געבײַדע פון דער באַן־סטאַנציע וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן נאָך אין דער צײַט פון די יאַפּאַנער. פונעם פעראָן האָט מען געקענט זען די שטאָט, וואָס האָט זיך געהייבן איבערן רוקן פון אַ היפּשן בערגל. געברענט האָט אַ גרויסע טייל פונעם שטאָטישן שעטעך. לויטן רויטן קאָליר פונעם פײַער, איז צו זען געווען אַז אונטערגעצונדן האָט מען די שטאָט מיט באָמבעס אָנגעפילטע מיט קאָנצענטרירטן גאַזאָלין, מיט נאַ־פּאַלם. צווישן צוויי פײַער־זײַלן האָט זיך געשוואַרצט דער שפּיציקער דאַך פון אַ קריסטלעכן קלויסטער.

אַלע נײַע פאַרכאַפּטע באַם סוינע לאָסט־אויטאָס און ,,דזשיפּס״ זײַ־נען אָנגעקומען פול מיט קריגס־טראָפּעען צום פּלאַץ פאַר דער באַן־סטאַנ־ציע. געבראַכט האָט מען עטלעכע געפאַנגענע נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן. אַלע האָבן זיי אָפן אַרבל געטראָגן די עמבלעם פון דער צווייטער די־

וויזיע: אַ שטערן אַף אַ הערב און אינמיטן דעם שטערן אַ קאָפּ פון אַן אינדיאַנער.

אין ביוראָ ווו דער אָפּטיילונג־שעף פיאַנג־האַק איז געזעסן בײַ אַ טיש מיט טעלעפאָנען און זיך איבערגעבונדן דעם באַנדאַזש אַף אַן אָרעם, איז אַרײַנגעלאָפן אַק־טאַנג, דאַלמעטשערן פונעם הויפּט־שטאַב. פאַר דער מילכאָמע אַ סטודענטקע פון ביאָלאָגיע. „קומט אַרויס! שנעל!" — האָט דאָס מיידל אַ רוף געטאָן און איז צוריק אַרויסגעלאָפן.

פיאַנג־האַק האָט געטראָגן קליידונג פאַרכאַפּטע באַם סוינע: אַ ברייטן פאַרוסינענעם ראָק אונטערגעבעט מיט ציגן־פוטער און הויכע פוטערנע שטיוול; געהאַט האָט ער בײַ זיך אַ קאָלט אין זײַן הילצערנעם שײַדל און אַפן רוקן אַ ביקס, און אלס צוגאָב, אין באַנדאַזשן אײַנגעוויקלט אַ דורכגעשאָסענעם אָרעם מיט צוויי קוילן אַף דורך און דורך. מיט דעם אַלעמען איז אים גאַנץ שווער געווען צו לויפן אַזוי שנעל ווי אַק־טאַנג. ווען ער איז אַרויף אַפן „דזשיפּ", האָט ער קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. אַק־טאַנג האָט געפירט ווי אַ געניטער שאָפער. באַלד איז זי אַריבער אַף איר צוגעווױנטער שנעלקייט, אַף ספרינט, ווי זי האָט דאָס גערופן.

אין וועג, האָט פיאַנג־האַק זיך דערוווּסט, אַז לויטן איידעס־זאָגן פון איינעם אַ געפאַנגענעם, האָט אין דער געבײַדע וואָס לעבן דעם מע־טאַדיסטישן געבעט־הויז פונקציאָנירט די קאָנטרשפּיאָנאַזש־באַדינונג און אַ צווייטע שטרענג־געהיימע סעקציע באַם הויפּטשטאַב פון 1טן נאָרד־אַמעריקאַנישן אַרמיי־קאָרפּוס. די אָפיצירן פונעם הויפּטשטאַב זײַנען נאָ־טירלעך געווען די ערשטע צו מאַכן פּלייטע, נאָר מעגלעך אַז טייל זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן: דאַרף מען זיי ראַטעווען.

די מאַשין האָט אַ סקריטשע געטאָן פון אַ האַסטיקן קער און איז שטיין געבליבן פאַר דעם הויז. די געבײַדע האָט געברענט, נאָר לויטן קאָליר פונעם פײַער, האָט מען דאָס הויז נישט אונטערגעצונדן מיט נאַפּאַלם. אַק־טאַנג האָט געגעבן אַ שפּרונג אַראָפּ און איז אַרײַנגעלאָפן אינעם הויף. עטלעכע זעלנער האָבן איר דעם וועג פאַרשטעלט: מען קען ניט אַרײַנגיין, דאָס הויז האַלט באַם אײַנפאַלן. זיי האָבן שוין דורכ־גענישטערט די גאַנצע געבײַדע און האָבן קיינעם נישט געפונען.

לויט די זעלנער האָבן איבערגעגעבן, האָט מען די אַרעסטירטע גע־האַלטן אין אַ שטיינערנער סטאַדאָלע אין עק הויף. די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן זיך אַזוי געאײַלט באַם אַנטלויפן, אַז זיי האָבן קיין צײַט נישט געהאַט זיי צו צעשיסן. דורך אַ פענצטער האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט, וואָס האָט בלויז דרײַען פאַרוווּנדעט. אַלע באַפרײַטע קאַמעראַדן האָט מען אַריבערגעפירט צו דער באַן־סטאַנציע.

אַ זעלנער, אין אַ האַלב־אָפּגעברענטן וואַטאָווען רעקל האָט דער־לאַנגט פיאַנג־האַקן אַ נאַסן פאַרטפעל און אַ רײַזע־טאַש פון כאַזער־פעל. ער האָט זיי געפונען, האָט ער אים געזאָגט, אין אַ צימער, ווו מען

האָט געפונען גרויסע מאַפּעס אָפן טיש, צעריסענע פּאַפּירן און ליידיקע פּאַרטפעלן ברענען אין אַ ווינקל.

צוגעקומען זײַנען נאָך צוויי זעלנער און האָבן באַ די אָרעמס גע־פירט אַ פאַרשווין אין אַ נאָרדאַמעריקאַנער מונדיר. איבער דעם ווינקל־דיקן אָפּצייכן, וואָס איז צוגענייט געוועזן צום לינקן אַרבל, האָט מען געקענט איבערלייענען די אויסיעס ,,או. נ.״ און אונטן — וואַר־קאָרעס־פּאָנדענט. אָק־טאַנג האָט איבערגעזעצט: ,,פאַרייניקטע מעלוכעס. קריגס־קאָרעספּאָנדענט״.

— זיכער אַ יאַפּאַנעזער. דאָס האָט ער דאָס הויז אונטערגעצונדן — האָט אַ זאָג געטאָן איינער פון די זעלנער. — מיר האָבן אים גע־כאַפּט מיט אַ בלעך גאַזאָלין אין דער האַנט.

דער מענטש מיט דעם אָפּצייכן פון אַ קאָרעספּאָנדענט האָט אַ באַל־בע געטאָן אין קאָרעיִש:

— איך בין נישט קיין יאַפּאַנעזער... מען האָט מיך געצוווּנגען...

די צוויי זעלנער האָבן זיך רײַנגעזעצט מיט דעם אונטערציג־דער אַף דעם הינטערשטן זיץ. פיאַנג־האַק האָט אַ זאָג געטאָן צו אָק־טאַנג אין אַן אָפיציעלן טאָן:

— אין אַכט נעמענדיק, אַז מיר פירן מיט זיך דאָקומענטן און אַ געפאַנגענעם, בעט איך אײַך פאָרן מיט אַ מעסיקער שנעלקייט און ניט מיט קיין זעלבסטמערדערישער.

— גוט — האָט אָק־טאַנג נאָכגעגעבן. — נאָר שוין נאָענט פונעם הויפּטשטאַב האָט זי אַזאַ האַסטיקן קירעווע געטאָן די מאַשין, אַז איי־נער פון די זעלנער האָט אַ געשריי אַרויסגעלאָזט.

דעם אַרעסטירטן האָט מען אַרײַנגעפירט אינעם וואַרט־זאַל פאַר די געפאַנגענע און פיאַנג־האַק מיט אָק־טאַנג זײַנען דערווײַל אַרײַנגעגאַנגען זיך מעלדן צום שעף פונעם הויפּטשטאַב.

דער מינען־אַרבעטער האָן זשיל־יאַנג, שעף פונעם הויפּטשטאַב, האָט באַפוילן אים מיטצוטיילן דעם אינהאַלט פון די דאָקומענטן. דער פּאַרט־פעל, וואָס האָט געהאַט די אויפשריפט טאָפּ סעקרעט. גראַוּפּ זשי — ,,שטרענג געהיים. גרופּע זשי״ — האָט געהאַט פלוגבלעטלעך אין כינע־זיש: אַ רוף פון דעם העכסטן אָנפירער מיט די מיליטערישע קויכעס פון דער ,,און״ צו דער באַפעלקערונג פון מאַנדזשוריע און מאָנגאָליע.

דער שעף פונעם הויפּטשטאַב האָט די גאַנצע צײַט פון דער מיל־כאָמע מיט יאַפּאַן געקעמפט אין דער אַרמיי פונעם גענעראַל לין פּיאַאָ און האָט גוט געקענט כינעזיש. ער איז מיט די אויגן דורכגעלאָפן דעם אויפרוף, האָט איין עקזעמפּליאַר אָפּגעלייגט אָן אַ זײַט און האָט באַ־פוילן די איבעריקע באַלד פאַרברענען.

— זיי האָבן גערעכנט די בלעטלעך אַראָפּצוואַרפן ווען זיי וועלן האָבן אַריבער דעם טײַך יאַלו. זיי האָבן אַלץ גרייט געהאַט, די מענו־וואַלים — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

אינעם רײזע־טאַש איז געווען אַ יאַפּאַנישער האַנט־בוך פון שאַך־שפּיל און אַ דיקער העפט מיט טאַוולען פון געפּרעסטן לײַוונט. פּיאַנג־האַק האָט אַ בלעטער געטאָן דעם בוך, האָט איבערגעזעצט די טיטלען פון די קאַפּיטלען — אַרײַנפירן, מיטן־שפּילן, קאָמבינאַציעס מיט דעם טורעם, די גאָלדענע און זילבערנע לויפערס און דאָס פערד, פּאַרטיידי־קונגס־מיטלען — און איז געקומען צום שלוס, אַז נישטאָ איז דאָרט קיין שום באַזונדערס: אַ געוויינלעכער האַנט־בוך פון שאַך־שפּיל.

דער העפט, פאַרקערט, האָט אים טייקעף פאַרינטערעסירט. געווען איז ער געדיכט באַזעצט מיט יאַפּאַנישע אויסיעס, נאָרביידע אַלעפבייסן — דער קאַטאַקאַן און דער כיראַגאַן — צוזאַמענגעמישט און די יעראָ־גליפן אַזוי אײַליק געצייכנט, אַז מען האָט זיי קוים פאַרשטאַנען. פּיאַנג־האַק האָט אויפגעמישט אַ זײַטל פון דער מיט און גענומען דעשיפרירן אַפן קאָל. נאָך די ערשטע צוויי פראַזן, האָט אים דער שעף פונעם הויפּט־שטאַב אָפּגעשטעלט:

— מען דאַרף דעם העפט דעשיפרירן אינגאַנצן. נעם זיך שוין צו דער אַרבעט.

אָק־טאַנג, וואָס האָט גענומען דורכקוקן דעם שאַך־בוך, האָט אַ גע־שריי געטאָן:

— איך האָב עס! יעדער זײַטל האָט אַ נומער און אַן אָס אונטער־געשטראָכן מיט דעם נאָגל. ס׳איז אַ שליסל.

— ס׳וועט שווער זײַן אים צו דעשיפרירן — האָט פּיאַנג־האַק אַ מורמל געטאָן און זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ. — ער איז אַזוי פאַרפּלאָנטערט . . .

דער שעף פונעם הויפּטשטאַב האָט אויסגענוצט זײַן באַליבט וואָרט:

— דער בעסטער אויפן ווי צו באַזײַטיקן אַ שוועריקייט איז די שוועריקייט צו באַזײַטיקן.

ווען פּיאַנג־האַק איז צוריקגעקומען אינעם ביוראָ פון דער באַן־סטאַנציע, האָט ער זיך גענומען דעשיפרירן די יאַפּאַנישע פאַרצייכענונ־גען אינעם העפט. די שוועריקייטן, פון אָנהייב גאַנץ גרויסע, זײַנען גע־וואָרן אַלץ קלענער ווי נאָר ער איז היימיש געוואָרן מיט דעם קסאַוו. אייניקע שטעלן, איבערהויפּט די נעמען און בײַנעמען זײַנען געווען שיפ־רירטע. נאָר פּיאַנג־האַק האָט זיי אַן גרויס מי איבערגעזעצט: די ציפערן זײַנען פּאַשעט געווען די נומערן פון די זײַטלעך אינעם שאַך־ביכל, ווו עס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן עפּעס אַן אָס.

אָק־טאַנג איז עטלעכע מאָל אַרײַן אין ביוראָ. דער געפאַנגענער אונ־טערצינדער, האָט זי געזאָגט, האָט זיך שוין מוידע געווען ווי ער הייסט און האָט דערציילט זייער אינטערעסאַנטע זאַכן. באַלד האָט דאָס מיידל אַרײַנגעבראַכט דאָס נײַעס, אַז די פאָלקס־אַרמיי און די כינעזישע וואָ־לונטירן זײַנען אַריבער אין אַ קאָנטראָפּענסיווע, אַז זיי האָבן געבראָכן

דעם סוינעס פראַנט אין סינפּונדאַנג־נאַנוואַל און שלאָגן איצט די 2טע און 25סטע דיוויזיע טרומאַניסטן.

ווען עס האָט געגומען טאָגן, האָט שוין פיאַנג־האַק גויווער געווען אַלע שוועריקייטן און האָט פאַרענדיקט איבערזעצן דעם פולן טעקסט פון די פאַרצייכענונגען. אינעם העפט איז געווען געשריבן אַט־וואָס:

## טעקסט פונעם העפט

פון אַט־דעם אַלטן געלענדער אַף דער באַרגיקער הייך עפנט זיך אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע פון די אַרומשטאַטישע פּלעצער, באַזונדערס דער וועג, וואָס ציט זיך פונעם דאַרעם־טויער. אין דער ווײַט זעט מען די שטיינערנע בריק, ווו פון דער רעכטער זײַט הייבט זיך אָן אַ געדיכטער סאָסנע־וואַלד. די ביימער באַדעקן דעם רוקן פונעם באַרג, וואָס פאַרשטעלט דעם האָריזאָנט. געשטאַנען בין איך בײַ דער שטיינערנער באַלוסטראַדע פונעם געלענדער און האָב אויסגעהערט די דערקלערונגען פון מײַן געהילף און דאָלמעטשער פאַק טשאַ־דיאַנג.

דעם געלענדער האָט אויסגעבויט מיט העכער הונדערט און פופציק יאָר צוריק טשאַנגטשאַנג, דער צווייטער און צוואַנציקסטער קעניג פון דער לי־דינאַסטיע. נישט ווײַט פון דאַנען, הינטער דעם באַבוימטן באַרג, געפינט זיך דער קייווער פון זײַן פאָטער, פירשט טשאַנכאַן, וועלכער איז געשטאָרבן אַף אַן אַבסאָלוט אומגעוויינלעכן אופן.

די געשיכטע פון זײַן טויט איז אַזעלכע: דער פירשט האָט נישט מאַסקים געווען מיט זײַן פאָטער, דעם קעניג טשאַנגטשאַנג, מיקויעך דער אויסערן־פּאָליטיק פונעם קעניגרײַך. דער פירשט האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף פאַרכאַפּן כינע; דער קעניג איז געווען קעגן דעם. דער וויקועך האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט וואָס דער קעניג האָט באַפוילן מען זאָל זײַן יוירעש פאַרמאַכן אין אַ קאַסטן און אים פאַרקלאַפּן מיט צוועקעס. אַפן זעקסטן טאָג איז דער פירשט געשטאָרבן. דאָס האָט פּאַסירט מיט 188 יאָר צוריק, נאָר פּאַק דערציילט דאָס אַזוי לעבעדיק און מיט אַזוי פיל פּראַטים, ווי ער אַליין וואָלט דאָס צוגעזען.

דער קעניג טשאַנגטשאַנג פלעגט אָהער אָפט קומען פאַרגיסן אַ טרער אַף זײַן פאָטערס קייווער. צוריקקומענדיק צו זיך אין פּאַלאַץ, פלעגט ער אַרויפגיין אַף דעם הויכן אָרט און פונעם געלענדער שיקן אַ געזעגענונגס־בליק צום באַרג. געוואָרן איז עס אַ מינעג. אַלע קאָרעער מעלאָכים נאָך טשאַנגטשאַנגן פלעגן יעדן פרילינג קומען קיין סוואָן אויסצײַען זיך אַף דער ערד פאַרן קייווער פון זייער עלטער־פאָטער. און פאַרן אַוועקגיין פלעגן זיי אַרויפקומען צו דעם געלענדער, לאַנג קוקן אַף דעם באַרג און שטיל קנײַען.

דערנאָך האָט פּאַק געגומען דערציילן נאָך אַנדערע היסטאָרישע פאַ־

סירונגען וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די ערטער, נאָר איך האָב אים שוין מער ניט אויסגעהערט. געקומען איז מיר אָפט זיקאָרן אַ טאָג, ווען איך האָב, פונקט ווי איצט, באַקוקט די לאַנדשאַפט וואָס האָט זיך פאַר מיר געצויגן. געווען איז עס אָפט באַרג טאַקאַטאָרי, אָף דעם האַלב־אינדזל מיוראַ. פון דעם באַרג זעט מען די יאַם־פאַסן פון טאָקיאָ און סאָגאַמי און דעם באַרג פודזי. איך האָב מיך דערמאָנט וואָס יענעם טאָג האָט פאַסירט. דערנאָך האָבן גענומען דורכגיין בײַ מיר אין זיקאָרן די ווײַטערדיקע פאַסירונגען.

נאָכדעם ווי איך בין אין געדאַנק דורכגעגאַנגען מײַן לעבן אין די לעצטע יאָרן, האָב איך באַשלאָסן אָנצוהייבן אָט־די פאַרצייכענונגען. אַכוצדעם, מוז איך דאָך ווי עס איז מײַן צײַט פאַרטרײַבן. כאַש־כאַש וועט זיכער קומען ערשט אין אַ כוידעש אַרום, און ביז דעמאָלט האָב איך אַבסאָלוט נישט וואָס צו טאָן. מײַן געצוווּנגענעם ליידיקגיין וועל איך אויסנוצן אַף אויסצופילן דעם ליידיקן העפט.

פון אָט־דעם געלענדער פלעגן די מעלאָכים פון קאָרעע באַקוקן זייער אָפגעגאַנגענעם וועג און זיך פאַרנייגן צו דער זײַט פון וואַנען זיי זײַנען געקומען. אַזוי וועל איך אויך טאָן. איך פאַרנייג מיך צו דער זײַט פונעם באַרג טאָקאַטאָרי, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אומגעריכטער וועג וואָס האָט מיך, דעם אָפיציר פון ספּעציעלן דינסט אין דער אימפעריאַלער אַרמיי, באַדאַרפט פירן צו דער קאָרעיִשער שטאָט סוואָן, צו דעם אַלטן געלענדער אַף דעם הויכן אָרט.

מײַנע פאַרצייכענונגען זײַנען נישט געשריבן עמעצער זאָל זיי לייענען. איך שרײַב זיי פאַר מיר און פאַר מיר האָב איך קיין סוידעס ניט.

# דאָס פּלעשל קאָניאַק

.1

אין די ערשטע טעג פון יוני 1945, האָט די רויז פון טאָקיאָ (אַזוי פלעגן די נאָרדאַמעריקאַנער רופן די ספּיקערן פון אונדזערע ראַדיאָ־עמי־סיעס אין ענגליש) צו וויסן געבן דער גאַנצער וועלט, אַז דער נאָרד־אַמעריקאַנער אַוויאַציע־רעגימענט „די פליִענדיקע פּײַל" איז אַרויפגעקו־מען אַפן אינדזל טיניאַן. דער רעגימענט איז באַשטימט געוווען פאַר אַן אויסעראָרדנטלעכער אָפּעראַציע, און אַריבערגעפירט האָט מען אים פון די פאַרייניקטע שטאַטן צום פּאַציפישן אָקעאַן שטרענג אין געהיים. די מעלדונג פון דער טאָקיער רויז האָט דערום מאַמעש געפּלעפט דעם סוי־נעס אַנפירערשאַפט. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גלענצנדיקן ניצאָכן אַפן עטער־פראָנט.

ווער נאָר עס האָט געוווּסט פון דעם סאָד, האָט מיך באַגריסט. איך האָב בעעמעס געהאַט אַ גרונט צו פילן זיך שטאָלץ מיט מײַן דערפאָלג, כאָטש צו דאַנקען איז עס אַלץ געווען דעם צופאַל.

אונדזער גרופּע — אָפיצירן פון דער סעקציע אַרמייען פונעם גע־נעראַל־שטאַב און הויפּטשטאַב אין דער מיזרעך־זאָנע — האָט מען אַרויס־געשיקט צום האַלב־אינדזל מיוראַ אינספּעקציאָנירן די פאָרטיפיקאַציעס וואָס מען האָט אויסגעבויט באַ די ברעגעס פון טאָקיער און סאַגאַמער יאַם־פּאַסן. מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט אַ קאָלאָנעל פון דעם אָפּטייל פעלד־אַדיוטאַנטן אינעם גענעראַל־שטאַב, מײַן אַלטער פרײַנט כינטאַן. דעם צונאָמען האָט מען אים געגעבן ווען ער איז נאָך געוווען אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע, פאַר זײַן ענלעכקייט מיט דעם אַנאַנס פון די פילן „דזינטאַן".

מיר האָבן דורכגערײַזט דעם גאַנצן האַלב־אינדזל פון קאַמאַקוראַ ביז מיסאַקי, און פון דאָרטן, נאָכדעם ווי מיר זײַנען אַריבער דעם או־ראַגאַ, זײַנען מיר אָנגעקומען קיין אָיאַמאַ, וווּ עס איז געוווען אַן עראָ־דראָם פון דער פלאָט־אַוויאַציע. דאָ האָט זיך אונדזער גרופּע צעטיילט. איין טייל איז אַוועק קיין דזוסי און דער רעשט איז געבליבן וואַרטן אין

איאַמאַ אַפן גענעראַל אַנאַמי, קריגס־מיניסטער, און אַפן אַדמיראַל טאָ־יאָדאָ, וואָס איז ערשט געהאַט באַשטימט געוואָרן פאַר שעף פונעם צענ־טראַלן העכסטן שטאַב אינעם פלאָט.

דזשינטאַן האָט מיך פאַרבעטן אַרויפגיין מיט אים אַפן באַרג טאָקאַ־טאַרי, וואָס שטייט אינמיטן דעם האַלב־אינדזל, צו באַוווּנדערן דאָס בילד, וואָס די צוויי יאַם־פאַסן, דער האַלב־אינדזל באַסאָ און די בערג פוזשי און האַקאָנע שטעלן מיט זיך פאָר. דאָס בילד איז בעעמעס שיין געווען. נאָר אונדזער באַגײַסטערונג האָט זיך באַלד אויסגעלאָשן, ווען ס׳ האָבן זיך באַוויזן עטלעכע נאָרדאַמעריקאַנער באָמבאַרדירער פונעם טיפּ „גרונמאַן־אַווענדזשער”. געקומען זײַנען זיי פון טאָקיאָ צוריק פון אַ באַבאַרדירונג. איינער פון די באָמבאַרדירער האָט פּאַרקירעוועט צו אונדזער זײַט, קענטיק, קעדיי איבערצושנײַדן דעם האַלב־אינדזל. אַן אַ־טי־לופט־באַטאַרייע, וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן צופוסנס דעם באַרג, האָט אין אים אויסגעשאָסן. דער אַוויאָן האָט זיך געגעבן אַ בייג אויס און האָט פון אונטער אַ פליגל אַרויסגעלאָזט אַ זײַל רויך. עטלעכע מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט פאַראַשוטן. דער ווינט האָט זיי אַביסל אַוועקגעשטויסן און זיי האָבן זיך גענומען אַראָפּלאָזן אויף אַן אָרט, וווּ ס׳ האָט זיך צווישן ביימער אַנגעזען דער דאַך פון דעם טעמפּל טינבוי.

מיר זײַנען אַראָפּגעגאַנגען צום טעמפּל איבער אַ סטעזשקע. דער־הערט האָבן זיך עטלעכע שאָס. מיר האָבן אַרויסגעכאַפּט אונדזערע רע־וואָלווערן און זיך געלאָזט גיין שנעלער. באַם אַרײַנגאַנג אינעם טעמפּל האָבן מיר אַנגעטראָפן אַ קאַפּיטאַן מיט דעם שוואַרצן אַפּצייכן פונעם זשאַנדאַרן־קאָרפּוס. ווען ער האָט זיך דערוווּסט ווער מיר זײַנען, האָט ער אונדז אָפּגעטראַטן דעם וועג.

פאַר די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום טעמפּל זײַנען געשטאַנען דרײַ געפאַנגענע מיט אַ שטריק צוגעבונדן. צוויי זייערע, סערזשאַנטן, הויכע יונגען; דער דריטער, אַ נידעריק־געוויקסיקער אָפיציר מיט צוגע־זשמורעטע אויגן און קליינע דיקלעכע ליפּן. אַפן אַרבל האָט ער געהאַט אַ גרינעם בלאַט מיט אַ בליץ אינדערמיטן: די עמבלעם פון דער 25סטער דיוויזיע. הינטער אונדז איז אינעם טעמפּל־רוים אַרײַנגעקומען אַ לייטע־נאַנט־קאָלאָנעל מיט שוואַרצע אָפּצייכנס. דזשינטאַן האָט אַ שמייכל געטאָן ווען ער האָט אים דערזען:

— בראַוואָ, מוסאָליני! האָסט אַ גוטן כוש האָרייעד צום יאַגד. ביסט געקומען צו דער רעכטער צײַט.

דער זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק האָט געהאַט קײַלעכדיקע אויגן און אַ פעסטע פירעקיקע מאָרדע. דער צונאָמען איז געווען טרעפלעך צוגע־פאַסט. מוסאָליני האָט באַטראַכט די געפאַנגענע מיט דער מינע פון אַ גע־ניטן מענטשן. ער האָט אַ צופרידענעם פעטשל געטאָן אויף דער ברוסט אַ הויכן רויטהאָריקן יונג און האָט אַ פרעג געטאָן באַ די צוויי יונגינקע אָפיצירן וואָס זײַנען געשטאַנען לעבן די געפאַנגענע:

— אַנדערע זעלנער זײַנען רעקרוטן?
אַן אָפיציר מיט ברילן האָט געענטפערט:
— רעקרוטן. אײן כוידעש ערשט ווי מען האָט זיי מאָביליזירט. סטודענטן.
— קענסטו פעכטן?
דער אָפיציר מיט די ברילן האָט אַ שמייכל געטאָן:
— אינעם אוניווערזיטעט בין איך געווען אין דעם פעכטער־קרײַזל.
מוסאָליני האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אָפן רויטהאָריקן יונג:
— באַווײַז אָף אָט דעם דאָס וואָס דו קענסט. מיט איין קלאַפּ, אָף דער העלפט.
דזינטאָן האָט מיר אַ ווונק געטאָן:
— גיב אים דו צוערשט אַ לעקציע.
איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט:
— ניין, מיט איין קלאַפּ קען איך ניט. איך האָב דאָס עטלעכע מאָל געפּרוווט אָף דעם מאַקין־אינדזל און ס'האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן. איך האָב בלויז דעם מאַטעריאַל קאַליע געמאַכט.
— דאָס איז געווען דערפאַר וואָס דו האָסט געגעבן דעם קלאַפּ האָריזאָנטאַל — האָט מוסאָליני זיך אָנגערופן, — מיט דעם קלאַפּ פונעם „שוואַלבן־פלי״. אַ גאַנץ שיינער קלאַפּ, נאָר אַ שווערער. דאָס בעסטע איז דערלאַנגען דעם שניט פון אויבן־אַראָפּ אין דער קרום, פונעם אַקסל ביז דער פולקע, מיט דעם קלאַפּ פון „בושל־פּאַל״.
דער פּלאַט־לייטענאַנט, וואָס איז געשטאַנען לעבן דזינטאָנען, האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אַרײַנצושטעלן זײַנע אַ באַמערקונג:
— דער פײַנסטער קלאַפּ איז פונעם שפּיץ קאָפּ ביזן היסטביין, אין צוויי גלײַכע העלפטן, לויטן סטיל פון מיאַמאָטאָ מוּסאַסי...
דזינטאָן האָט איראָניש אַ שמייכל געטאָן:
— אינעם פּלאַט, זאָגט מען, שטודירט איר דעם קלאַפּ מיט גרויס אייפער, און איר פּראַקטיצירט אָף הינער.
אַלע האָבן מיר זיך פונאַנדערגעלאַכט, אַכוץ דעם פּלאַט־לייטענאַנט.
מוסאָליני האָט שטײַף אַ קוק געטאָן אָף דעם געפאַנגענעם אָפיציר און האָט עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן דזינטאָנען. מיטאַמאָל האָב דער נאָרד־אַמעריקאַנער זיך אַראָפּגעלאָזט אָף די קניִען און גענומען שנעל ריידן אין יאַפּאַנעזיש, קימאַט אָן פרעמדן אַקצענט:
— האַרגעט מיך נישט! איך בין נישט קיין פליִער, איך בין אַן אָפיציר פונעם העכערן שטאָב. האַרגעט מיך נישט, וועל איך אײַך אַלץ זאָגן! איך בעט אײַך, האַרגעט מיך נישט!
דער געפאַנגענער האָט די הענט צוזאַמענגעלייגט ווי צו אַ געבעט און האָט זיך געבוקט.
איך האָב אַוועקגענומען אַן אַ זײַט דזינטאָנען און אַ זאָג געטאָן צו אים אָפן קאָל:

— לאָז אים איבער פאַר מיר. איך וועל אים אויספרעגן ווי עס געהער צו זײַן — און גאַנץ שטיל האָב איך צוגעגעבן: — נאָכן אויס־פרעגן, וועל איך אים אַליין דערענדיקן.

דזינטאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז ער איז מאַסקים און האָט זיך געלאָזט גיין מיט מוסאַלינין צום גלאָקן־טורעם, נאָכדעם ווי ער האָט באַפוילן די זעלנער זיי זאָלן אַהין אַוועקפירן אויך די אַנדערע צוויי געפאַנגענע.

איך בין אַרויף אַף דער טעראַסע פונעם טעמפּל. אַ דינער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ צימער, ווו מען האָט געהאַלטן אין טשעכאָלן אײַנ־געהילט די סטאַטוען, און די בילדער אײַנגעראָלט. איך האָב געהייסן אַ זעלנער אויפבינדן דעם געפאַנגענעם. דער דינער האָט אַרײַנגעבראַכט אַ טאַץ מיט אַ טשײַניק, טאַזעס, פאַרשימלטע רײַז־פּלעצלעך און שטעקעלעך צום עסן. איך האָב דעם געפאַנגענעם געהייסן זיך אַוועקזעצן אַף דער ערד, באַ אַ טישל, און איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אַקעגן אים אַף אַ צו־נויפגעלייגטן פאַראַשוט.

דער געפאַנגענער האָט זיך מיט האַכנאָע אַוועקגעזעצט מיט די פיס הינטער זיך. איך האָב אים געגעבן אַ ציגאַרעט. ער האָט אים גענומען זשעדנע רייכערן און מיטאַמאָל האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַפן טישל און האָט זיך פונאַנדערגעשלוכצט. איך האָב אים אָנגעבאָטן אַ טאַזע טיי. ער האָט זי אויסגעטרונקען, האָט פאַרקנייטשט דאָס פּאָנעם און אַרויס־געשטעקט די ליפּן, ווידער גרייט צו וויינען. איך האָב אים אַ פּאַטש געטאָן אין פּאָנעם און העפלעך אַ זאָג געטאָן צו אים:

— נעמט אײַך אין די הענט אַרײַן. איר זענט אַן אָפיציר און ניט קיין מיידעלע. איר האָט נאָך אַ געלעגנהייט לעבן צו בלײַבן.

איך האָב אים דערלויבט אַ צווייטן ציגאַרעט אויסצורייכערן און האָב אים גענומען אויספרעגן.

## .2

גערופן האָט מען אים אַלבערט האַרשבערגער. געווען איז ער אָפי־ציר אינעם הויפּטשטאַב פון דער 25סטער דיוויזיע און איז צוגעשריבן געווען צום הויפּטשטאַב פונעם גענעראַל מאַק־אַרטור, העכסטער שעף פון די אַליאירטע באַוואָפנטע קויכעס אַפן פּאַציפישן אָקעאַן. מיט אַ שטיקל צײַט פריִער האָט מען אים געהאַט געשיקט מיט אַ ספּעציעלער מיסיע אַפן אינדזל טיניאַן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דער אינדזל איז געווען באַ די נאָרדאַמעריקאַנער אין די הענט שוין הע־כער אַ יאָר צײַט, זײַנען נאָך דאָרט געווען פאַרבליבן אויסבאַהאַלטן אין די באַמבוק־וועלדלעך לעבן דעם באַרג ראַסאָ רעשטן פון דעם יאַפּאַנישן גאַרניזאָן. די נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן און העכערע ראַנגען פונעם פּרווי־אישן געהילפס־קאָרפּוס האָבן זיך דעריבער געמוזט אָפּהאַלטן פון שפּאַ־

צירן אינעם וואַלד. האַרשבערגער האָט זײַן מיסיע אויסגעצייכנט אויס־געפירט: מיט דער הילף פון אַ הויכריידער, האָט ער איבערגערעדט די יאַפּאַנעזער זיי זאָלן אָפּשטעלן דעם ווידערשטאַנד. צום גרויסן שטוינען פון די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען פון צווישן די קוסטעס אַרויסגעקומען נישט מער ווי פינף מאַן.

פאַר דער מילכאָמע האָט האַרשבערגער געלעבט אין יאַפּאַן און האָט געאַרבעט אין אַ לוטעראַנישער געמיינשאַפט. געהאַט איז ער צוריקגע־פאָרן קיין נאָרדאַמעריקע פאַר דעם ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מי־ליטערישע אָפּעראַציעס.

— בעקיצער, געווען זײַט איר אַ שפּיאָן — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— ניין, איך האָב געגעבן אונטעררי‌כט אין ענגליש אינעם טאָקיער לוטעראַנישן טעאָלאָגישן אינסטיטוט.

— ווו איז געווען דער אינסטיטוט? ווער האָט מיט אים אָנגעפירט?

— אינעם נאָקאַנאָ־באַצירק, אינעם שטאָט־פערטל וואַסינאָמיאָ. די־רעקטאָר — דער נאָרדאַמעריקאַנער האָרן. דערנאָך האָב איך געגעבן אונ־טערריכט אין סעול, אינעם ענקי־אינסטיטוט...

— ווו געפינט זיך דער אינסטיטוט? ווער האָט מיט אים אָנגע־פירט?

— באַצירק סינטשאָן; דירעקטאָר — דער נאָרדאַמעריקאַנער אַנ־דערוווד.

— קורץ, איר האָט זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש ניט נאָר אין יאַפּאַן, נאָר אויך אין קאָרעע. לאָמיר נישט דיסקוטירן. פאַרוואָס־זשע האָט איר זיך געוואָרפן אַף די קניִען און האָט זיך צעכליפּעט? האָט איר זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך?

דער געפאַנגענער האָט זיך פאַרדעקט דאָס פּאָנעם מיט די הענט.

— איך האָב דאָס פאַרשטאַנען פון די רייד פונעם זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק. אַף די דאָרעם־אינדזולען פלעגן מיר צומאָל אָנטרעפן זיך וואַלגערן גופים פון אונדזערע אָפיצירן און זעלנער... און די אָרטיקע פלעגן אויך זאָגן, אַז איר... — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט זוכן די פּאַ־סיקע ווערטער, — אַז אײַערע אָפיצירן שינדן אָפּ די געפאַנגענע לעבע־דיקערהייט און נעמען אַרויס...

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— די לעבער פון א סוינע, אַז מען פרעגלט זי אָפּ און מען עסט זי דערנאָך אויף, גיט זי צו דעם זעלנער קוראַזש און קויעך.

— שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער אײַנ־פאַל פון דעם קאָלאָנעל צוזי מאַסאַנאָבו. די יאַפּאַנעזער גופּע פלעגן אים דערפאַר רופן דער טיגער פון מאַלאַזיע... — האָט דער געפאַנגענער אַלץ גערעדט ניט אָוועקנעמענדיק די הענט פונעם פּאָנעם.

— דאָס איז אַ פאַרצײַטיקער מילכאָמע־מינעג וואָס רופט זיך „קאָ־מאָטאָרי" — האָב איך פאַרלעך אים אויפגעקלערט — מיר האָבן אים

אויפגעלעבט. נעמט אַראָפּ די הענט פונעם פּאָנעם! איר געפינט אײַך ניט אין קיין מיידל־שול.

דער געפאַנגענער האָט אַוועקגעלייגט די הענט אַף די קניען. אי, בין ווײַטער אָנגעגאַנגען:

— לאָמיר נישט פאַרלירן קיין צײַט. איר ווייסט וואָס אײַך דער־וואַרט. איר קענט אײַך ראַטעווען נאָר אַף איין אויפן: אונדז איבער־געבן ווערטפולע ידיעות. איר זײַנט אַן אָפיציר פונעם הויפּטשטאַב, און עפּעס מוזט איר וויסן. איך גיב אײַך דרײַסיק סעקונדן אַף איבערצוקלערן — און האָב אַ קוק געטאָן אַף מײַן האַנט־זייגער.

דער געפאַנגענער האָט גענומען ענטפערן איידער עס האָט זיך פאַר־ענדיקט די האַלבע מינוט. איך קען אײַך איבערגעבן, האָט ער מיר גע־זאָגט, אַלץ וואָס איך ווייס וועגן די עקספּערימענטן מיט אָנווענדן גיפ־טיקע סובסטאַנצן מיצאַד נאָרדאַמעריקע. נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאַנען, לע־מאָשל, האָבן אין פאַרשיידענע ערטער פון נײַ־גווינעע אַראָפּגעוואָרפן ספּעציעלע באָמבעס צו פאַרגיפטן די רײַז־פעלדער און די צוקער־פּלאַנ־טאַציעס.

— דאָס — האָב איך אים געזאָגט — ווייסן מיר שוין פון לאַנג.

באַלד איז ער אַריבער ריידן וועגן דער „אָלימפּיק״־אָפּעראַציע, דאָס הייסט, וועגן דעם פּלאַן אַרויסצוזעצן מיליטער אַפן קוסו־אינדזל. די אויספירונג פון דעם פּלאַן איז אָפּגעלייגט געווען אַף סאָף האַרבסט פון יענעם יאָר.

איך האָב אים געזאָגט, אַז בּאַ אונדז אין לאַנד ווייסן אָפילע זויג־קינדער פון דעם פּלאַן. און צוגעגעבן האָב איך, אַז באַקאַנט איז יעדן איינעם, אַז אויב די נאָרדאַמעריקאַנער וועלן זיך אַנטשליסן אַרויסצוזעצן מיליטער אין דער יאַפּאַנישער הויפּטשטאָט, וועט עס זיי זייער טײַער קאָסטן.

— דאָס איז ריכטיק — האָט דער געפאַנגענער מוידע געווען. — אָפילע אַזאַ קליין אינדזעלע ווי איוואָזשימאַ, וואָס האָלט אינגאַנצן 13 קוואַדראַט קילאָמעטער, האָט אונדז געקאָסט שווערע קאָרבּאָנעס. מיר האָבן פאַרלוירן דערבײַ קימאַט 33 פּראָצענט פון דעם אַרויסגעזעצטן מי־ליטער. אינעם פינף־עק, דאָס מיינט, אין אונדזער קריגס־מיניסטעריום, שאַצט מען אַז דאָס לאַנדן אין יאַפּאַן וואָלט אונדז געקאָסט דרײַ הונ־דערט טויזנט מאַן.

— און אין אונדזער פינף־עק, אינעם איטשיגאַזשאַדעי, האָט מען שוין אויסגערעכנט, אַז אײַער לאַנדונג וואָלט אײַך געקאָסט פינף הונ־דערט טויזנט מאַן. די לאַנדונג קען זיך פאַרענדיקן פאַר אײַך מיט אַ פול־שטענדיקער קאַטאַסטראָפע. וואָרעם ביז איצט האָט איר אָנגעווענדט די אַזוי גערופענע מאַק־אַרטור־סטראַטעגיע: איר האָט זיך געשלאָגן מיט אונדז בלויז אַף די קליינע אינדזלען, ווו מיר האָבן געהאַט ווייניק מילי־

טער און עס איז אַפילו קיין פּלאַץ ניט געווען ווי זיך אַ ריר צו טאָן. וואָלט איך זיך אַנגעטראָפן מיט אונדז אַף אַ גרויסן יאַבאַשע־פראָנט, דאָס הייסט, אין כינע, וואָלטן מיר אײַך אַף ברעקלעך צעריבן. אַלע אַנדערע אייראָפּעיִשע ניצחונות האָבן קיין שום ווערט ניט. די דײַטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן און איר זײַנט זיי נאָכגעלאָפן און געשריגן אַז דאָס איז אַן אָפענסיווע. ס'איז אָבער גענוג געווען, אַז צוויי דײַטשישע טאַנקען־טיילן זאָלן אַריבער אין אַ קאָנטראָפענסיווע אין אַרדען, אַז דאָס גאַנצע מיליטער אײַערס, וואָס איר האָט געהאַט אין אייראָפּע, זאָל זיך דערזען באַם ראַנד פון אַ קאַטאַסטראָפע. אײַך האָבן געראַטעוועט די רוסן. איר קענט אײַך שלאָגן נאָך דעמאָלט ווען דער סוינע האָט פּופּציק מאָל ווייניקער מיליטער, טאַנקען, אַוויאָנען און קוילן. אַלע אײַערע ניצחונות איבער אונדז, אַף די דאָרעם־אינדזלען, האָט איר אייגנטלעך דעם אומשטאַנד צו דאַנקען. צום ערשטן מאָל װעלן מיר זיך טרעפן אַף אַ ברייטן פראָנט, און דעמאָלט װעלן מיר זען וויאַזוי איר שלאָגט אײַך.

— איר זײַנט עפּשער געדערכט וואָס שײַעך דער „אַלימפּיק״־אָפּעראַציע — האָט האַרשבערגער זיך אַנגערופן. — איך האָב מוירע, אַז די אָפּעראַציע וועט אונדז שווער זײַן דורכצופירן. וואָס שײַעך דער אָפּעראַציע „קאָראָנעל״, דאָס הייסט, דער לאַנדונג אינעם טאָקיער יאַם־פּאָס, וועט זי פאַרבלײַבן דאָכט מיר אַפן פּאַפּיר... זי וואָלט אונדז געקאָסט צו טײַער. מיר ווילן ניט קיין פּירישן ניצאָכן. און נאָך ווייניקער ווילן מיר אַ מאַפּאָלע. קורץ, אונדז פעלט נאָך אַ סאַך אײַך צו באַזיגן. נישט לאַנג צוריק האָב איך גערעדט מיט דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב זאַטערלענד, מאַק־אַרטורס רעכטע האַנט, און מיט נאָך אַפיצירן. אַלע זײַנען זיי מאַסקים, אַז אַף צוצוקומען ביז טאָקיאָ פעלן אונדז נאָך עטלעכע יאָר...

— שרײַבט דאָס אַלץ אויף און וואָס פּראַטימדיקער.

— און אַז איך וועל דאָס אויפשרײַבן, וועט מען מיך נישט האַרגענען? — האָט דער געפאַנגענער אַ פרעג געטאָן און האָט זיך באַמיט אַ שמייכל צו טאָן.

— אויב אײַערע יעדיִעס וועלן אַנערקענט ווערן פאַר ווערט גענומען צו ווערן אין אַכט, וועט מען אײַך נישט האַרגענען. איינער פון די געבאָטן פון דער יאַפּאַנישער מילכאָמע־מאָראַל זאָגט: זײַט גרויסמוטיק מיט דעם געפאַלענעם סוינע. ביפראַט מיט דעם סוינע, וואָס האָט צוגעשטעלט וויכטיקע יעדיִעס. מיר שאַצן די אָניפריכטיקייט.

האַרשבערגער האָט זיך פאַרנייגט. אַן צו בעטן דערלויבעניש האָט ער גענומען אַ ציגאַרעט באַ מיר פונעם פּאַרטסיגאַר, וואָס איז געליגן אַפן טיש, און האָט אים אַנגעצונדן.

איך האָב צוגעמאַכט דעם פּאַרטסיגאַר און האָב אַ פרעג געטאָן:

— הייסט עס, אַז אײַער אַנפירונג האַלט, אַז ס'איז נאָך ווײַט צום ניצאָכן.

— יאָ. און דאָס איז דער מאָטיוו פאַרוואָס מען אינטערעסירט זיך אַזוי אין וואַשינגטאָן וועגן דעם וואָס עס טוט זיך איצט אין די הויכע יאַפּאַנישע ספערן וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די קאָנסאָרציומס. מיר ווייסן שוין, אַז אייניקע טעג נאָך דער דײַטשישער קאַפּיטולאַציע, האָט אַ גרופּע יאַפּאַנישע הויכגעשטעלטע לײַט אויסגעלייגט פאַרן אימפּעראַטאָר זייערע מיינונגען בענעגייע דער נויטווענדיקייט צו זאָנדירן דעם באָדן אָף אָנצוהייבן שאָלעם־פאַרהאַנדלונגען. מיר ווייסן אויך, אַז דער פאַרטרעטער פונעם יאָקאָהאַמער דיוויזן־באַנק אין דער שווייץ, אַ געווי־סער קיטאַמוראַ, האָט באַקומען פון די פינף הויפּט־קאָנסאָרציומס אין יאַפּאַן אַ טעלעגראַמע מיט פולמאַכטן אָנצובינדן פּרעלימינערע שמועסן מיט די נאָרדאַמעריקאַנער האנדלס־קרײַזן. און אונדזער וויצע־קאָנסול לאַ־דאַ מאַקאַרסקי, וועלכער איז אין דער זעלבער צײַט דירעקטאָר פון דער פיליאַלע פון דער שרעדער־באַנק, האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג זיך צו זען מיט דעם אַמבאַסאַדאָר קיטאַמוראַ...

— וואָס נאָך ?

— קיטאַמוראַ האָט געגעבן דײַטלעך אָנצוהערן, אַז זײַן רעגירונג איז גרייט צו זאָנדירן דעם באָדן וועגן אָנהייבן שמועסן מיט דער ראַטנ־מאַכט און אַז אָט די זאָנדירונג דורכצופירן האָט מען פאַרטרויט דעם פרעמיער הירעטאַ.

— און אין וואַשינגטאָן איז מען, נאַטירלעך, אומרויִק געוואָרן...

— שטאַרק אומרויִק. האַרימאַן, אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסק־ווע, שרעקט אונדז מיט דער מעגלעכקייט שוין איבער אַ יאָר צײַט. דער־פאַר טאַקע האָבן מיר באַפוילן טשאַנג־קײַ־שעק ער זאָל צושיקן קיין טאָ־קיאָ מיו או, אַ באַקאַנטער הויכגעשטעלטן פאַרשוין, ער זאָל פירן געהיימע שמועסן מיט דעם יאַפּאַנישן פּרעמיער־מיניסטער.

איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט.

— ס'איז ביט שווער געווען אָנצושטויסן זיך, אַז די געהיימע שמועסן קומען פאָר אָף אײַער פאַראָרדענונג. די גאַנצע צײַט וואָס מיו־או איז געווען אין טאָקיאָ, האָבן די נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאָנען קיין איין אייג־ציק מאָל נישט באָמבאַרדירט די שטאָט.

האַרשבערגער האָט געזאָגט, אַז די נאָרדאַמעריקאַנער האַנט שטעקט אויך אין פרײַערדיקע געהיימע שמועסן: לעמאָשל, אין די שמועסן צווישן סומאַ, דעם יאַפּאַנישן געזאַנדטן אין מאַדריד און דעם ענגלישן געזאַנדטן כאָר אין 1942. טשערטשיל האָט דעמאָלט אָנגעבאָטן שאָלעם צו יאַפּאַן אָנערקענענדיק אירע רעכטן אָף צאָפּן־כינע, נאָר געבעטן האָט ער דער־פאַר אומקערן סינגאַפּור און מאַלאַיאַ. פונדעסטוועגן, האָט טאָדזיאָ איבער־געריסן די שמועסן צוליב דעם וואָס גראָד דעמאָלט האָבן די דײַטשן אָנ־געהויבן זייער איבערפאַל אָף רוסלאַנד און ראַמעל האָט זיך גערוקט צום

סועץ־קאַנאַל. אַט־די געהיימע מאַדרידער שמועסן זײַנען געפירט געוואָרן מיט דעם וויסן פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

— די מאַדרידער שמועסן האָבן אונדז נישט איבערראַשט, מאַכמעס דעמאָלט איז אײַער לאַגע געווען אַ קריטישע. אין דאָרעם זײַנען מיר גע־שטאַנען באַ די טויערן פון אויסטראַליע און אין צאָפן האָבן מיר געהאַט זיך אַרויסגעזעצט אַף די אַלעוטן־אינדזלען. איצט, אָבער, האָט שוין יאַ־פּאַן נישט קיין פאַרבינדעטע, און די לאַגע אַפן פּאַציפיק האָט זיך געענ־דערט אײַך לעטויווע... פּאַרוואָס־זשע שיקט איר איצט צו אונדז מיור־או און איר זוכט אָנצובינדן שמועסן אין דער שווייץ? צי ווילט איר ניט פאַרענדיקן די מילכאָמע וואָס פריִער?

— יאָ. — דער געפאַנגענער האָט אַן אויסדרוקפולן פינטל געטאָן מיט די אויגן. — זעט איר... ווען דער נײַער פּרעזידענט האָט איבער־גענומען די מאַכט, האָט מען אין אונדזערע הויכע מיליטערישע ספערן גענומען ריידן וועגן דעם אַז עס לוינט זיך וואָס פריִער צו פאַרענדיקן די מילכאָמע מיט אײַך.

— שרײַבט דאָס אויף און ווי מעגלעך פּראָטימדיק.

— אַז איך וועל דאָס אַלץ אויפשרײַבן, וועט מען מיך נישט האַר־געגען?

— איר וועט לעבן בלײַבן. איר קענט אײַך באַגריסן.

האַרשבערגער האָט זיך פאַרנייגט.

— איך וועל דאָס אויפשרײַבן מיט אַלע פּראָטים. און אַז מען וועט מיך אויספרעגן אין טאָקיאָ, אינעם איטשיגאַזשאַדעי אָדער ווו, וועל איך דערקלערן, אַז מען האָט מיך גענומען געפאַנגען... איינצאַליק... אַז מען האָט מיך געפאַנגען איינעם אַליין. מער ניט — האָט ער צוגעקלאַפּט.

דער געפאַנגענער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו מײַן פּאַרטסי־גאַר. געדאַכט האָט זיך מיר, אַז ער פינטלט צו מיר מיט אַן אויג. איך האָב זיך געגעבן אַ שטעל אויף, האָב אים אַ פּאַטש געטאָן און אַ געשריי געגעבן אַף אים:

— גלײַך שטיין, מענוויל! דאָ איז דיר ניט קיין שענק. עס רעדט מיט דיר אַן אָפיציר פון דער אימפּעריאַלער אַרמיי! פיר דיך אויף אָנ־שטענדיק פאַר דײַן טויט!

האַרשבערגער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אַ מורמל געטאָן — דאָס מאָל אין ענגליש — מיט אַ ציטעריקן קאָל:

— איך בעט אײַך מיר אַנטשולדיקן, האַר לייטענאַנט־קאָלאָנעל. האַר־געט מיך ניט.

— זעצט אײַך, מאַיאָר — האָב איך העפלעך אַ זאָג געטאָן און האָב אים אָנגעבאָטן דעם פּאַרטסיגאַר. — איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז איר קענט זײַן רויִק פאַר אײַער לעבן. מיר וועלן אײַך שיקן אינעם

קאָמפּאַרטמעסיקסטן לאַגער, קיין קוסאַטסו, ווו עס זײַנען פאַראַן נאָרד־אַמעריקאַנישע און ענגלישע גענעראַלן.

דער געפאַנגענער האָט פאַרוווּנדערט אַ הייב געטאָן די ברעמען:

— קוסאַטסו? דאָס איז דאָך אַ קור־אָרט פון מינעראַל־וואַסער, לעבן דעם סיראַנע־באַרג. אַ באַרימטער באָד־פּלאַץ...

— דאָרט וועט איר זײַן. איר וועט אײַך קורירן, שפּילן ברידזש און פּינג־פּאָנג און וואַרטן די מילכאָמע זאָל זיך ענדיקן. מעגלעך איך וועל אויך קומען אַהין מיר היילן די וווּנד. זי טוט מיר אַמאָל וויי — און איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געוויזן דעם געפאַנגענעם אַ שראַם הינטערן אויער.

.3

דער געפאַנגענער האָט אויסגערייכערט דעם ציגאַרעט און האָט שטיל אַ מורמל געטאָן:

— דער עמעס איז אַז מיר טוען זייער שלעכט וואָס מיר שלאָגן זיך. ס׳איז אַ נאַרישקייט געווען די מילכאָמע אָנצוהייבן.

— אַ נאַרישקייט?

— יאָ. פאַראַן אַ סאַך באַ אונדז אין לאַנד וואָס זײַנען מיט דער מיינונג. וועט איר מיר דערלויבן צו ריידן אויפריכטיק, ווי אין אַ פריי־וואַטן געשפּרעך?...

— רעדט. זיצט ווי אײַך איז באַקוועמער, פאַרלייגט אַ פוס אַף אַ פוס.

— מיר האָבן שטענדיק גערעכנט — האָט האַרשבערגער אָנגעהויבן — אַז איר וואָלט באַדאַרפט גיין אַהין וווהין איר זײַנט געגאַנגען. מיר האָבן אַפילע מאָסקים געווען צו אײַער פאַרכאַפּן מאַנדזשוריע אין 1931, ווײַל מיר האָבן געוווּסט, אַז די אָפּעראַציע איז פאַרבונדן מיט דעם קריגס־פּלאַן קעגן רוסלאַנד, וואָס אײַער אימפּעראַטאָר האָט צו אים מאָסקים געווען. אונדזער שפּיאָנאַזש־דינסט האָט שוין לאַנג געוווּסט, אַז אין די יאַפּאַנישע מיליטערישע קרײַזן שטרײַטן צווישן זיך אָנהענגער פון צוויי פּלענער: דער אישיכאַראַ־פּלאַן, „פאָרויס צו צאָפן”, און דער מוטאָ־פּלאַן, „פאָרויס צו דאָרעם”. מיר האָבן געוווּסט, אַז דעם 2טן יולי 1941, איז אַף אַ זיצונג אונטערן פערזענלעכן פאָרזיץ פונעם אימפּעראַטאָר, באַשטימט געוואָרן צו דערקלערן קריג רוסלאַנד. דער אימפּעראַטאָר האָט מאָסקים געווען צום אישיכאַראַ־פּלאַן. נאָר ווען די דײַטשן זײַנען צוגע־קומען צו די טויערן פון מאָסקווע, האָבן די אָנהענגער פונעם מוטאָ־פּלאַן פאַרזיכערט דעם אימפּעראַטאָר, אַז די רוסן האָבן פאַרשפּילט די מיל־כאָמע און אַז אין אַ קורצער צײַט אַרום וועט מעגלעך זײַן פּאַשעט אַריי־בערצושיקן דאָס מיליטער קיין סיביר און פאַרנעמען די גאַנצע טערי־

טאַריע ביז די אוראַלן. אַנשטאָט דער מילכאָמע קעגן רוסלאַנד, האָבן טאַדזיאַ און מוטאַ פאַרגעלייגט צו פאַרנעמען מאַלאַיאַ, אינדאָנעזיע און אויסטראַליע, צוזאָגנדיק דעם אימפּעראַטאָר, אַז די מילכאָמע אָפן פּאַ־ציפיק וועט שנעל פאַרענדיקט ווערן, וואָרעם נאָך רוסלאַנד, וועט קאַפּי־טולירן ענגלאַנד, און נאָרדאַמעריקע וועט נישט וועלן זיך שלאָגן איינע אַליין. דער אימפּעראַטאָר האָט געגלויבט טאַדזיאָן און מוטאָן, איר האָט אײַך געלאָזט גיין אַף דאָרעם און איר האָט אײַך אײַנגעפּלאָנטערט אין אָט דער מילכאָמע. פאַרוואָס האָט איר אַזאַ טאָעס געמאַכט מיט דער ריכטונג ?

איך האָב געהייבן די אַקסלען און געשמייכלט.

— מאָנט באַ די רוסן. זיי וואָלטן זיך באַדאַרפט געווען אונטערגעבן די דײַטשן אין דעצעמבער 1941, נאָר זיי האָבן עס ניט געטאָן און האָבן צו נישט געמאַכט דעם מוטאַ־פּלאַן. איצט איז שוין שפּעט צו ריידן דערפון.

— אין אונדזערע אײַנפלוסרײַכע קרײַזן זאָגט מען עס אָן שום ספּיי־קעס, אַז די מילכאָמע צווישן אונדז איז אַ טראַגישער פעלער, וואָס מוז פאַרריכט ווערן. אַזוי לאַנג צווישן אונדז ציט זיך דער קריג, זײַנט איר אונדזער סוינע, נאָר ווײַטזיכטיקע מענטשן האַלטן אײַך שוין ניט פאַר דער סאַקאָנע נומער איינס.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מיט אַ מינע פון העסקעם.

— איר האָט גערעכנט, אַז די רוסן וועלן צוקומען צום ציל פון דער מילכאָמע אין אייראָפּע קוים מיטן לעבן, און איר האָט אַ טאָעס גע־האָט. איצט זײַנען זיי פאַר אײַך די סאַקאָנע נומער איינס און וועלן אין גיכן ווערן אײַער סוינע נומער איינס.

— יאָ. אונדזערע פירער האַלטן, אַז די צווייטע וועלט־מילכאָמע דאַרף ברענגען מיט זיך די אַבסאָלוטע העגעמאָניע פון נאָרדאַמעריקע איבער דער גאַנצער וועלט.

— די אַבסאָלוטע הערשאַפט ?

— יאָ. נאָר אָפן וועג צו אָט דער אַבסאָלוטער העגעמאָניע ליגט די שוועריקייט, וואָס מיר רופן זי אָן סאַקאָנע נומער איינס. און וואָס ווײַ־טער וועט די שוועריקייט זײַן אַלץ גרעסער. מיר מוזן טראַכטן פון דער צוקונפט. און, פאַר אַלעמען, אינעם קינפטיקן נאָרדאַמעריקאַנישן „פּלאַן אישיכאַרא". דעמאָלט וועלן מיר זיך שטאַרק נייטיקן אין יאַפּאַן. אַ גענוג מעכטיקע יאַפּאַן, פאַרשטייט זיך. דערפון איז צו דרינגען, אַז אונדז אינ־טערעסירט ניט פולשטענדיק צו דערדריקן די יאַפּאַנישע אימפּעריע. מיר מוזן פאַרענדיקן אונדזער מילכאָמע אַזוי, אַז קיין איינער פון אונדז ביידע זאָל ניט פאַלן נאָקאַוט.

— דאָס הייסט, אַז אין די נאָרדאַמעריקאַנער הויכע קרײַזן וויל מען פאַרענדיקן די מילכאָמע קעגן אונדז וואָס פריִער ?

— יאָ. קעדיי צו האָבן פרײַע הענט. קעדיי אָנצוהייבן וואָס פריִער...

פון דער ווײַט האָט זיך דערהערט אַ קוויטש, גאָרניט קיין מענטש־לעכער, און האָט זיך איבערגעהאַקט אַף דער העכסטער נאָטע. מוסאָליני, קענטיק, האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענ־דיקט דאָס אויספרעגן. האַרשבערגער האָט אַ דערשטיקטן געשריי געטאָן און איז אומגעפאַלן, אָנכאַפּנדיק זיך מיט די הענט באַם קאָפּ. דערנאָך האָט ער גענומען הילכיק שלוקערצן.

איך האָב אָנגעגאָסן אַ טאָזע טיי, האָב אַף דער טאָזע ווי אַ קרייץ איבערגעלייגט עטלעכע שטעקעלעך און האָב אָנגעבאָטן דעם געפאַנגענעם זופּן צו ביסעלעך פון יעדן פערטל נאָך דער ריי.

— דאָס איז אַן אַלט יאַפּאַניש מיטל קעגן שלוקערץ. פּרוווט, אויב עס וועט אײַך ניט איבערגיין, וועלן מיר אָננעמען אַ מער ווירקזאַמערן מיטל.

די שטעקעלעך ווי אַ קרייץ איבערגעלייגטע האָבן געווירקט: ער האָט אויפגעהערט צו שלוקערצן. שוין צײַט געווען פאַרענדיקן דאָס אויס־פרעגן. איך האָב שוין זיכער געהאַט אויסגעפרעסט פון אים אַלץ וואָס מען האָט געקענט פון אים אַרויספּרעסן. נישט קיין מענטשן האָב איך שוין פאַר מיר געהאַט, נאָר רעשטן, וואָס קענען מיר נוצן העכסטנס די שווערד אײַנצופּעצן. איך פלעג שטענדיק אַף אַזאַ אויפן פאַרענדיקן דאָס אויספרעגן. איך האָב מיך האַסטיק אויפגעשטעלט און האָב אַ געשריי געגעבן מיט אַלע מײַנע קויכעס:

— גענוג געשפּאַסט! אַלץ וואָס איר האָט מיר דאָ געזאָגט איז נאַ־רישקייטן! רעדט וועגן דעם וויכטיקסטן! אָט אַזוי! איך צייל ביז דרײַ! איינס...

באַם געפאַנגענעם איז די טאָזע אַרויסגעפאַלן פון די הענט, ער האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס צו מיר און שנעל געפּליסטערט:

— וואַרט אויס, האַרגעט מיך ניט. אויב איר באַציט זיך אַף טע־ניאָן, האָב איך דערפון נישט גערעדט, ווײַל איך אַליין וויים ניט קיין שום זאַך אַף ריכטיק. דאָס איז ביז גאָר אַ שטרענגער סאָד...

איך האָב ווײַטער געשריגן:

— רעדט! — און ווען איך האָב מיך אָוועקגעזעצט, האָב איך שוין מיט אַ געוויינלעכן קאָל צוגעגעבן: — וואָס ווייסט איר?

— איך וויים נאָר, אַז דעם 19טן מײַ איז אַפן אינדזל אָנגעקומען דער יאַבאָשע־פּערסאָנאַל פון דעם 509טן רעגימענט שווערע באָמבאַרדי־רער פון דער געהיימער לופט־באַזע אין וועדנאָוער, אינעם שטאַט יוטאַ. פריִער זײַנען געהאַט אָנגעקומען פופצן אַוויאָנען פונעם טיפּ „ב־29” פו־נעם זעלבן רעגימענט. איך האָב מיך גאַנץ צופעליק דערוווּסט, אַז דער רעגימענט האָט באַדאַרפט דורכפירן אַן אויסערגעוויינלעך וויכטיקע אָפּע־ראַציע.

— וועגן דעם אַלעמען ווייסן מיר. נאָר וואָס ווייסט איר פון אָט דער אויסערגעוויינלעך וויכטיקער אָפּעראַציע?

האַרשבערגער האָט די הענט צונויפגעלייגט און האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַבסאָלוט גאָרניט. איך שווער אײַך באַ מײַן ערן־וואָרט פון אַן אָפיציר. איך האָב בלויז געהערט, אַז דאָס האַנדלט זיך וועגן אויספּרווון אַ נײַ געווער... מען פאַבריצירט עס אין האַנפאָרד, באַ די ברעגעס פונעם קאָלומביאַ־טײַך, און אין לאָס אַלאַמאָס, אינעם שטאָט ניו־מעקסיקע. אָף צו האַלטן דעם סאָד, האָט מען אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט מיט דעם שיפרירטן נאָמען „קריפּס". איך האָב מיך אויך דערוווסט, אַז די אָפּעראַציע וואָס דער 509טער רעגימענט דאַרף דורכפירן רופט מען „זילבערנע טאַץ".

— ס'אַ ליגן. אויסגעצייכנט ווייסן מיר, אַז „זילבערנע טאַץ" רופט מען דאָס געווער און באַשפּײַזונג, וואָס נאָרדאַמעריקע שיקט די אַנדערע מעלוכעס. די צווייטע סעקציע פונעם צענטראַלן נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּט־שטאַב נוצט אייגנטלעך אָט דעם קאָנווענציאָנעלן נאָמען. איר האָט געליגנערט מיט דעם מיין, אַז מיר ווייסן גאָרניט.

— ניין, איך זאָג נישט קיין ליגן. מיר מוזן אַוואַדע האָבן צוויי „זילבערנע טאַצן". איך זאָג דעם עמעס. איר וועט אַליין זען ווי מײַנע ווערטער ווערן באַשטעטיקט. איך האָב אײַך אַלץ געזאָגט, אַלץ... און מער ווייס איך ניט... איך שווער אײַך. איך האָב דערציילט אַלץ וואָס איך ווייס... — און דער געפאַנגענער האָט אַן אייפערדיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז צוגעפאַלן מיטן פּאָנעם צום טיש.

— גוט, לאָמיר דאָ איבעררײַסן דעם געשפּרעך — האָב איך מיך אָפּגערופן. — איר האָט נאָך ניט אַלץ געזאָגט. מען וועט מוזן עפּעס אַ מיטל אָננעמען. דערווײַל רוט אײַך אָפּ און קומט צו זיך.

אָף מײַן אָרט האָב איך איבערגעלאָזט אַ זעלנער און בין אַוועק צו דזינטאַן. געזעסן איז ער אָף אַ שטיין לעבן דעם ברונעם און האָט געבלעטערט אַ העפט מיט פאַרצייכענונגען וואָס ער האָט געפונען באַ איינעם פון די געפאַנגענע. דזינטאַן האָט מיך אויסגעהערט און האָט געזאָגט, אַז אָף יעדן פאַל מוז מען איבערגעבן האַרשבערגערס יעדיעס דער הויכער מיליטער־אָנפירונג, דעם איטשיגאַזשאַדעי. ער וועט צופאָרן קיין אָיאַמאַ און וועט פון דאָרט אָרויסרופן דעם טייל פעלד־אַדיוטאַנטן פונעם גענעראַל־שטאַב.

— און די אַנדערע צוויי? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

דזינטאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פון אַ פּעכטער.

— איך האָב זיי געוויזן ווי מען דאַרף שנײַדן. איין קלאַפּ נאָר, פונעם אַקסל ביז דער פּולקע, אין דער קרום. מיט דעם צווייטן נאָרדאַמעריקאַנער איז עס נישט אַרויסגעקומען ווי געהעריק. מיר האָבן אים אַוועק־

געגעבן אַן אָפיצירל פון די סטודענטן. ער האָט געפּרווּווט, נאָר ס'האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן: ער האָט זיך ניט מער ווי פאַרשפּריצט אינ־גאַנצן. מוסאָליני האָט אים דעמאָלט גענומען אַף זיך. זײַן קימאָטאָרי איז געווען אַ מוסטערהאַפטער. די רעקרוטירטע סטודענטן האָבן שיִר ניט געכאַלעשט... נאָר דו וואַרט אויס ביז איך וועל באַריכטן דער העכס־טער אָנפירונג און וועל דיר זאָגן וואָס עס הערט זיך. ווילסט מיסטאָמע אויך פּרוּוון, נישט וואָר?

— איך האָב שוין געפּרווּווט אַף דעם מאַקין־אינדזל. דעמאָלט האָבן מיר אויך געכאַפּט פליִער. נאָר יענע זײַנען געווען בראַווע יונגען. דער גאַוּוער עקלט מיך שוין. ער קען דיך נאָר אָנשטעקן מיט זײַן פאַכדאָנעס. איך וואָלט אים פאָשעט מיט דעם זעבל צעהאַקט.

מיט איין שאָ שפּעטער האָט מיר אַן אונטערלייטענאַנט, צוגעשיקט פון דזינטאַנען, צו וויסן געגעבן אַז פון טאָקיאָ איז אָנגעקומען אַ פאַר־אָרדענונג טייקעף צוצושיקן דעם געפאַנגענעם אַ ניט באַשעדיקטן אינעם קריגס־מיניסטעריום. אינעם איטשיגאַזשעדאַי האָט האַרשבערגער איבער־געכאַזערט זײַנע פריִערדיקע רייד. ער האָט קענטיק מער ניט געוווּסט וועגן די אָפּעראַציעס „אָלימפּיק", „קאָראָנעט" און „זילבערנע טאָץ". נאָר גערעדט האָט ער מיט אַ סאַך פּראָטים וועגן די מיינונגען וואָס גייען אום אינעם פּינפּעק, און דעריקער, אַז מען הייבט שוין אָן דאָרטן באַ־טראַכטן פאַר אומפאַרמײַדלעך אַן אַנטשיידענע „דריטע וועלט־מילכאָמע". אַף דער פאַראָרדענונג פון דעם קריגס־מיניסטער, האָט מען לעבן געלאָזט דעם געפאַנגענעם און מען האָט אים אַוועקגעשיקט אינעם לאַגער נומער 17 אין פוקואָקאָ. די רויז פון טאָקיאָ האָט דאָס דעמאָלט געמאָלדן דורך ראַדיאָ די יעדיִע פונעם רעגימענט „פליִענדיקע פײַל". מיך האָט פאַר־בעטן דעם מיניסטערס ערשטער אַדיוטאַנט און פאַר מײַן אויסערגעוויינ־לעכער פעיִקייט אויסצופרעגן, האָב איך באַקומען אַ מאַטאָנע: אַ פלאַש פראַנצויזישן קאָניאַק „נאַפּאָלעאָן".

## „צעבראָכענער יאַספּים“

.1

די דערקלערונגען פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער אָפיציר, וועלכן איך האָב אַזוי געגיט אויסגעפרעגט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווערטפולער ווי איך האָב גערעכנט. די יעדיעס, אַז אין דער נישט ווײַטער צוקונפט קען זיך אָנהייבן די נאָרדאַמעריקאַניש־סאָוועטישע מילכאָמע זײַנען אָנערקענט געוואָרן פאַר אַבסאָלוט גלויבנסווערטע, דערמיט וואָס זיי האָבן געשטימט מיט די באַריכטן פון אונדזערע מיליטערישע אַטאַשעען — אַנאַדעראַ אין שטאָקהאָלם און אָקאַמאָטאָ אין בערן, — וואָס האָבן באַוויזן אָנצוקניפּן קאָנטאַקט מיט די אַגענטן פון דעם נאָרדאַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש־דינסט.

איצט, ווען מען קוקט אַף דער פאַרגאַנגענהייט, פון אָט דעם הויכן אָרט אין סוואָו, זעט מען ווי נאַריש און זינלאָז עס זײַנען געווען די דעבאַטן וואָס האָבן זיך אין מעשעך פון די לעצטע כאַדאָשים קריג געפירט אין אונדזערע „הויכע ספערן“. די באַגרענעצטקייט און קורצזיכטיקייט פון די וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם גוירל פון דער אימפּעריע איז צום שטוינען.

אַ גרופּע פון די העכסטע לײַט, ענג פאַרבונדענע מיט די פינאַנץ־מאַגנאַטן פון טאָקיאָ און אָסאַקאַ, האָט געטײַנעט, אַז די מילכאָמע איז שוין אומפאַרריכטלעך פאַרלוירן. מיר טאָרן נישט מער רייצן קעגן אונדז נאָרדאַמעריקע מיט אונדזער אַקשאָנעס. דאָס בעסטע איז וואָס פריִער צו קאַפּיטולירן און איר לאָזן פרײַ די הענט אָנצוהייבן די מילכאָמע קעגן רוסלאַנד. דערנאָך וועלן מיר שוין זען...

אונדזערע הויכע מיליטער־שעפן, די זעלביקע וואָס האָבן אין זייער צײַט געשטיצט טאָדזיאָן און מוטאָן און זײַנען באַגאַנגען דעם פאַטאַלן פעלער מיט באָמבאַרדירן פּירל האַרבאָר אָנשטאָט אַרײַנרײַסן זיך קיין סיביר, האָבן איצט געטײַנעט: נאָרדאַמעריקע וויל וואָס גיכער פאַרענדיקן די מילכאָמע אָפּן פאַציפיק קעדיי אָנצוהייבן אַ צווייטע מילכאָמע. דאָס הייסט, אַז מען קען צווינגען נאָרדאַמעריקע אײַנצוגיין מיט אונדז אַף אַ קאָמפּראָמיס־שאָלעם, וואָס זאָל לאָזן די אימפּעריע אין אַ הערש־

דיקער סיטואַציע איבער אַזיע. און אויב מיר ווילן צווינגען נאָרדאַמע־ריקע זי זאָל מאַכן האַנאָכעס, מוז מען איר ווײַזן, אַז מיר זײַנען נאָך גרייט לאַנג זיך צו שלאָגן.

אָף דער באַקאָשע פון דער אַרמיי־אָנפירונג, האָט מען פאַררופן אַן עקסטרע זיצונג פון דעם העכסטן ראַט פון דער מילכאָמע־אָנפירונג. קריגס־מיניסטער גענעראַל אַנאַמי, און שעף פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, גע־נעראַל אומעצו, האָבן אומגעריכט באַקאַנט געמאַכט אַ פּראָיעקט פון אַ „פונדאַמענטאַלער פּראָגראַם פאַר דער מילכאָמע־פירונג". דער פּרעמיער־מיניסטער אַדמיראַל סוצוקי און די איבעריקע רעגירונגס־מיטגלידער זײַ־נען געבליבן פאַרבליפט. זיי האָבן דעמאָלט צום ערשטן מאָל געהערט ריידן וועגן דעם פּראָיעקט.

דער סטראַטעגישער פּלאַן, וואָס איז פון יענער פּראָגראַם אַרויס־געקומען, איז באַשטאַנען אין אָט־וואָס: ווען די נאָרדאַמעריקאַנער וועלן אָנהייבן אַרויסזעצן זיך אין הושו, זאָלן אונדזערע מיליטערישע קויכעס פון דער מעטראָפּאָליע, צעטיילטע אין צוויי גרופּעס אונטער דער אָנפי־רונג פון די מאַרשאַלן סוגיאַמאַ און האַטאַ, פאַרפירן אַ שלאַכט באַם ברעג יאַם. ווען זיך אונדז נישט האָבן אײַנגעגעבן אַרײַנצוּוואַרפן דעם סוינע אין יאַם אַרײַן, זאָלן מיר זיך אָף אַן אָרגאַניזירטן אופן צוריק־ציִען צו די באַרגיקע געגנטן פון צענטראַלן טייל הושו. אויב אונדזערע טיילן ווען פון די שלאַכטן אַרויסקומען אָפגעריסן איינע פון די אַנדערע, זאָל יעדע איזאָלירטע גרופּע אַקטוּירן אַבסאָלוט אומאָפּהענגיק און זיך האַלטן באַ דער אַזוי גערופענער „וואָרעם־סטראַטעגיע".

אָף דעם פאַל ווען יאַפּאַן וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרענע פון מיליטערישע אָפּעראַציעס, זאָל דער אימפּעראַטאָר און די רעגירונג זיך אַריבערציִען קיין מאַנדזשוריע. אַלס פּראָוויזאָרישע הויפּטשטאָט זאָל באַשטימט ווערן סינצזין. די פאַרטיידיקונג פון דעם נײַעם צענטער פון דער אימפּעריע זאָל איבערגעגעבן ווערן דער אַרמיי פון קוואַנטונג.

קיין איין מיטגליד אינעם העכסטן ראַט פון דער קריגספירונג האָט זיך נישט דערוועגט אַרויסזאָגן קעגן דעם „פונדאַמענטאַלן פּראָגראַם". אַנאַמי און אומעצו האָבן אַרײַנגעגעבן אָף העכסטן שטודיום דעם פּלאַן אין זײַן לעצטער פאַזע — די קולמינאַנטע פאַזע — מילכאָמע. דער אימ־פּעראַטאָר האָט גוטגעהייסן דעם פּלאַן אָן שום ענדערונג. מען האָט צו וויסן געגעבן דעם לאַנד דעם אָנגענומענעם באַשלוס: זיך שלאָגן ביזן סאָף, ביזן ניצאָכן, אָפילע יאַפּאַן זאָל ווערן צו אַש. אַלע יאַפּאַנעזער דאַרפן באַ זיך פויעלן צו שטאַרבן, צעבראָכן ווערן אָף פּיצלעך, ווי דער יאַספּיס! אויב נאָרדאַמעריקע וועט נישט צוריקציִען איר קאָירער דעק־לאַראַציע, וואָס פאָדערט פון יאַפּאַן אומקאָנדיציאָנעלע קיפּאַטולאַציע, וועלן מיר שטעלן אין קאָן אונדזער פּלאַן „צעבראָכענער יאַספּיס"!

מיך מיט דזינטאַנען האָט מען דעמאָלט גערופן אין סעקרעטאַריאַט

פונעם מיניסטער, ווו מען האָט אונדז באַגריסט מיט אונדזער נײַער באַ־שטימונג: מען האָט אונדז געשיקט אינעם טייל פעלד־אַדיוטאַנטן אַלס אָפיצירן צוליב באַזונדערס וויכטיקע שליכעסן, בלײַבנדיק פאַררעכנט אין דער סעקציע אַרמייען פונעם גענעראַל־שטאַב.

.2

אָנהייב לעצטן יאָר קריג האָבן מיר גענומען נוצן אַ נײַ געווער: מען פלעגט צובינדן באָמבעס צו קליינע לופטבאַלאָנען און זיי אָפּלאָזן פליען צו דער אַנדערער זײַט אָקעאַן. אין אַ געוויסער צײַט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז טייל פון די באָמבעס האָבן דערגרייכט די פאַר־אייניקטע שטאַטן און האָבן אויפגעריסן ווײַט פון יעדן יישעוו און אי־בערגעשראָקן עטלעכע וואַלד־העקער. די דאָזיקע לופטבאַלאָנען מיט באָמ־בעס האָבן נישט געקענט האָבן קיין שום אײַנפלוס אָפן גאַנג פון דער מילכאָמע.

אַ סאַך אַ גרעסערע ווירקונג האָט געהאַט דער לופטבאַלאָן וואָס אונדזערע הויכגעשטעלטע לײַט האָבן אַרויסגעלאָזט. אָפּן באַפעל פון אונ־דזערע וויכטיקסטע טרוסטן, האָט מען דורך קיטאָמוראַן, דעם פאַרשטייער פון דער יאָקאָהאַמער דיוויזן־באַנק אין דער שווייץ, צוגעטראָגן די נאָרד־אַמעריקאַנער די יעדיִע, אַז צווישן טאָקיאָ און מאָסקווע זאָלן זיך האָבן אָנגעהויבן געוויסע שמועסן. קעדיי די יעדיִע זאָל האָבן אַ שײַן פון עמעס, האָט מען דעם געוועזענעם פּרעמיער כיראָטאָ געגעבן אַן אויפטראַג ער זאָל מאַכן אַ רײַזע צום באַד־קוראָרט אין די האַקאָנע־בערג, ווו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען דער סאָוועטישער געזאַנדטער מאַליק. כיראָטאָס וויזיט האָט געהאַט דעם ציל אויסצוטאַפּן די פּאָזיציע פון דעם ראַטנ־פאַרבאַנד. ס'איז אים אָבער געלונגען ניט מער ווי אויסצוטאַפּן מאַליקס מיינונג איבער דעם וועטער און איבער דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. פונ־דעסטוועגן, האָבן די פאַרטרעטער פון די בייטראַלע מעלוכעס, די מיניס־טאָרן פון שוועדן און פון דער שווייץ, זיך דערוווּסט פון כיראָטאָס רײַזע: דער ערשטער דורך אַ יאַפּאַנישן וויקאָנט מיט וועלכן ער האָט זיך באַ־קאַנט באַם גאָלף־שפּילן, און דער צווייטער — דורך דער פּראָפעסאָרקע וואָס האָט זײַן פרוי געלערנט די צערעמאָניע פון סערווירן טיי.

מיר האָבן דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז אין יאַלטאַ איז שוין גע־שלאָסן געוואָרן אַ געהיימער אָפּמאַך, לויט וועלכן דער ראַטנפאַרבאַנד האָט פעסט פאַרשפּראָכן זײַנע אַליאירטע אַרײַנצוטרעטן אין קריג קעגן יאַפּאַן ווי נאָר עס וועט פאַרענדיקט ווערן דער קריג קעגן דײַטשלאַנד. ווי מען האָט עס שפּעטער געקענט זען, האָבן די רוסן זייער צוזאָג גע־האַלטן.

פונדעסטוועגן, ווי דאָס זאָל ניט געווען זײַן, האָט אונדזער קאָמ־

בינאַציע געבראַכט נוצן. די באַפולמעכטיקטע מיניסטאָרן פון דער שווייץ און פון שוועדן אין טאָקיאָ האָבן צוגעטראָגן ווו מען האָט באַדאַרפט די באַקומענע יעדיעס. די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען אומרויק געוואָרן. זיי האָבן ווײַט נישט געהאַט בעדייע אויסצופילן די היסכײַוועסן וואָס זיי האָבן אַף זיך גענומען בענעגייע די רוסן. און האָבן דעריבער נישט גע־גלויבט די רוסן, פונקט ווי די גײַשאָס גלייבן נישט קיינעם, ווײַל זיי זײַנען די ערשטע נישט צו האַלטן זייערע צוזאָגעכצן.

געטראַכט האָבן זיך די וואַשינגטאָנער גײַשאָס אַז די רוסן ווילן זיי גענאַרן, און האָבן גענומען קאָקעטירן מיט אונדז. זייער טאָפּלטן שפּיל האָט מען קלאָר געקענט אַרויסהערן פון די סאַן־פראַנציסקער עמיסיעס. דער סענאַטאָר קייפּהאַרט איז באַלד אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלע־רונג: מען וואָלט זיך נישט באַדאַרפט שטעלן אַף דער אומקאָנדיציאָנע־לער קאַפּיטולאַציע פון יאַפּאַן. אַזעלכע פאָדערונגען, האָט דער סענאַטאָר געזאָגט, קענען בלויז פאַרלענגערן דעם קריג. און די זשורנאַלן „לײַף" און „טײַם" האָבן געשריבן: אויב נאָרדאַמעריקע נעמט נישט אָן דעם קאָמפּראָמיס, וועט זי מוזן מאָקריוו זײַן ווייניקסטנס אַ מיליאָן זעלנער.

ווי נאָר די נאָטאָבלען האָבן זיך איבערצײַגט, אַז זייער לופטבאַלאָן האָט געטראָפן אין ציל, האָבן זיי באַשלאָסן נעמען צוגרייטן דעם באָדן פאַר די שמועסן. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר דעם פאַקט וואָס דער מיקאַדאָ האָט שוין גוטגעהייסן דעם פּלאַן פון קריג ביזן סאָף, און האָבן באַשלאָסן אים איבערצושרעקן. די מיליטערישע לאַגע — האָבן זיי געזאָגט — ווערט ערגער פון מינוט צו מינוט אַף די פראָנטן ווי אינע־ווייניק אין דער אימפּעריע. די באַפעלקערונג איז שוין געקומען צו דער מאָדרייגע, אַז זי נוצט שוין ליימענע פּליטעס און שטיינערנע בעקנס: ניט נאָר האָט מען באַ זיי פאַרנומען אַלע מעטאַלענע כפייצים, נאָר אַפי־לע די קלאָטשע פון די מאַטראַצן. אויב די מילכאָמע זאָל זיך פאַרציען אין ווינטער אַרײַן, קענען אויסברעכן אומרוען, וואָס די רויטע וועלן אויסנוצן פאַר זיך. איבער דער אימפּעריע הענגט די סאַקאָנע פון רע־וואָלוציע.

ווער עס שרעקט יענעם, הייבט זיך אַליין אָן צו שרעקן. די פּערן פון דער העכערער קאַמער האָבן צונויפגערופן פאַרשטייער פון דער פּאָ־ליטישער געהיים־פּאָליציי און פונעם אויסערן־מיניסטעריום אויסצוהערן באַריכטן וועגן דעם וואַקסנדיקן אײַנפלוס פון די רויטע אין דער אימ־פּעריע און אויסער איר. דער פאַרשטייער פון דער געהיים־פּאָליציי האָט אָנגעגעבן, אַז פאַראַן זײַנען אונטערערדישע גרופּעס רויטע אינעם קרײַז פון אָסאַקאָ, אין דער פּרעפעקטור פון קאַגאַוואַ און אַפילע אין דער באַזע פונעם קריגספלאָט אין יאָקאָסוקאָ. די אונטערערדישע רויטע באַוועגונג איז פאַראַן און איז טעטיק.

נאָכמער באַאומרויקט האָט דער באַריכט פונעם פאַרשטייער פונעם

אויסערן־מיניסטעריום, אַגאַטאַ, געוועזענער ראַטגעבער פון אונדזער געזאַנדשאַפט אין מאַנטשוקואָ און פריִער סעקרעטאַר פון דער געזאַנדשאַפט אין מאָסקווע. ניט געזשאַלעוועט האָט ער קיין פאַרבן און האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעקלעך בילד וועגן דעם פאַרשטאַרקטן קאָמוניסטישן אײַנפלוס אין דער גאַנצער וועלט. און דער געוועזענער ראַטגעבער איז אַליין אַזוי ווײַט פאַרכאַפט געוואָרן, אַז ער האָט געמוזט צוויי מאָל נעמען וואַלעריאַן־טראָפנס און קאַנפאָר־אייל בעייסן לייענען זײַן באַריכט. די וואָס האָבן אים אויסגעהערט, האָבן אים נאָכגעטאָן. די הויכע קאַמער האָט אַרומגעכאַפט אַ פאַניק. די סטענאָגראַפישע קאָפיע פונעם באַריכט און אַ וועלט־מאַפע באַצייכנט מיט רויטע פלעקן און פײַלן האָט מען טייקעף צוגעשטעלט דעם פירשט קאָנאָיע, און דער פירשט האָט וועגן אַלץ איבערגעגעבן דעם אימפעראַטאָר. דערציילט האָט מען, אַז טייקעף נאָך זײַן באַריכט האָט מען געמוזט רופן אַ דאָקטער אין קעניגלעכן פאַלאַץ אַרײַן.

3.

די כילוקע־דייעס צווישן די נאָטאַבלען און די מיליטער־שעפן איז באַשטאַנען נישט מער ווי אין דער טאַקטיק. מען מוז שליסן שאָלעם וואָס פריִער, אום יעדן פרײַז, מען מוז זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו נאָרדאַמעריקע איידער אין יאַפאַן הייבן זיך אָן אומרוען, וואָס קענען פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע, האָבן די נאָטאַבלען געטײַנעט. אַ שטיקל צײַט לאָמיר נאָך אָנהאַלטן דעם קריג קעדיי אַרויסצורײַסן באַ נאָרדאַמעריקע מער אָדער ווייניקער דערטרעגלעכע פרידנס־באַדינגונגען, האָבן געכעשבנט די גענעראַלן אַנאַמי און אומעצו.

אַ קליין שטיקל צײַט נאָכדעם ווי דער אימפעראַטאָר האָט גוטגעהייסן דעם פלאַן „צעבראָכענער יאַספיס", האָט מען גענומען באַווײַזן צווישן די אָפיצירן פונעם הויפטשטאָטישן גאַרניזאָן בלעטלעך געדרוקטע אַף אַ מימעאָגראַף. געטיילט האָט זיי אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט פון די אָפיצירן פון די מיליטערישע צענטערס, אַפן בײַשפיל פון דעם דעסטאַקאַמענט געטלעכע קעמפער, פון דער געזעלשאַפט „דער קליינער ווײַנשל" און פון נאָך אַזעלכע אַמאָליקע אָפיצירן־אָרגאַניזאַציעס.

באַטייליקט האָבן זיך אין די אָרגאַניזאַציעס אָפיצירן פונעם גענעראַל־שטאַב, פונעם קריגס־מיניסטעריום, פונעם צענטראַלן הויפטשטאַב און פונעם הויפטשטאַב אינעם מיזרעך־באַצירק. שפעטער האָבן זיך גענומען אָנשליסן אָפיצירן פון דער לײַב־גוואַרדיע, פונעם שטאָטישן גאַרניזאָן און פון די טיילן וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום טאָקיאָ.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַוועקשטעלן באַ דער מאַכט א מיליטערישע רעגירונג, אָן ציווילע, מיט אויסערגעוויינלעכע פולמאַכטן. די דאָזיקע רעגירונג זאָל מאַכן שריט צו פאַרהאַנדלען

אַן ערנהאַפטן שאָלעם מיט נאָרדאַמעריקע און, איניינעם דורכפירן דעם פּלאַן, וואָס דער אימפּעראַטאָר האָט שוין איינמאָל געהאַט גוטגעהייסן און איז ניט געווען אָפּגערופן, נאָר בלויז אָף אַ צייט אָפּגעלייגט, ווען מען האָט באַשלאָסן צוערשט דורכפירן דעם מוטאָ־פּלאַן „פּאָרויס, צו דאָרעם".

דזינטאַן און מוסאָליני האָבן מיך פאַרבעטן אַרײַנצוטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב באַדאַרפט לייגן מײַן פערזענלעכן שטעמפּל אָף אַ בלעטל פּאַפּיר און דאָס באַפעסטיקן מיט דעם שוווע־צייכן, דאָס הייסט, אײַנשנײַדן מיר דעם קליינעם פינגער און אים צודריקן צום פּאַפּיר. איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך בין נאָך ניט ווי געהעריק אָריענטירט אין דער סיטואַציע און וויל נאָך אַביסל נאָכדענקען. איך האָב באַשלאָסן זיך אַן אייצע האַלטן מיט מײַנעם אַן אַלטן פּראָטעקטאָר און לאַנדסמאַן, אַ שוין צוריקגעצויגענער גענעראַל־לייטענאַנט, וואָס מיר האָבן אים אַ צו־נאָמען געגעבן די יאַם־שפּין ווען ער איז געווען שעף פון דער מיליטער־שול. געווען אַ צײַט ווען ער האָט זיך באַטייליקט אין עטלעכע אָפיצירן־פאַרשווערונגען און מען האָט אים אַפילע באַשטראָפט — אַ וואָך הויז־אַרעסט — פאַר האָבן זיך באַטייליקט אינעם מאָרד פונעם פּרעמיער־מי־ניסטער אינוקאַי.

מײַן שמועס מיט דער יאַם־שפּין איז פאָרגעקומען אין אַן אַנטי־לופט־טראַנשייע, וואָס איז אויסגעגראָבן געווען אינעם הינטערשטן הויף בײַ אים אין הויז, אין אושיגאָמע, אינעם שטאָטפּערטל וואַקאַמיאַ. דער אַלטער האָט זיך דאָרט אײַנגעאָרדנט גאַנץ קאָמפּאָרטאַבל: דער דיל אין דער טראַנשייע איז באַדעקט געווען מיט ראַגאָזשעס, אַ ברעזענט האָט געדינט פאַר אַ דאַך; אין די ווענט זײַנען געווען פּאָליצעס פאַרן געשיר און רויכער־געצײַג. און אַזוי ווי ער האָט געמוזט פאַרברענגען אַ סאַך נעכט אין דער טראַנשייע, האָט ער אויך אַרײַנגעשטעלט אַהין אַ פײַער־טאָפּ די פיס אָנצוואַרעמען.

די יאַם־שפּין האָט מיר גאָרנישט געזאָגט אַזוינס וואָס זאָל מיר נוצלעך זײַן. איך בין אַרויסגעקומען פון דער טראַנשייע אינגאַנצן אַן אַנטוישטער. פאַרשטאַנען האָב איך, אַז דער אַלטער — אַ געטרײַער פּרײַנט פון דעם צוריקגעקומענעם טאָדזיאָ — האָט אינגאַנצן פאַרלוירן יעדן באַגריף וועגן דער ווירקלעכקייט. אָט די אַלטע גענעראַלן, די פאָ־טערס פון דעם געדאַנק צו פאַרפירן אַ קריג מיט די אַנגלאָ־זאַקסן, וואָס זײַנען ווײַט געווען פון וועלן שלאָגן זיך מיט אונדז, האָבן איצט געזוכט אָף אַ וועלכן עס איז אופן זיך צו באַרעכטיקן. אין פאַרלויף פון עטלע־כע שאָ האָט די יאַם־שפּין מיך מעהאַנע געווען מיט לאַנגע פאָרשונגען, לויט וועלכע עס איז אויסגעקומען אַז שולדיק אין אַלעמען זײַנען אונ־דזערע מיליטערישע צענזאָרן, וואָס דערלאָזן אָפּטמאָל, צוליב זייער אַמע־ראַצעס, עס זאָלן אָנקומען אַפן פראָנט בריוו מיט אַלעגאָרישן אינהאַלט,

וואָס דערציילן די זעלנער, אַז זייערע ווײַבער זײַנען זיי אומטרײַ אַ דאַנק דעם וואָס אין שטאָט פעלט אויס שפּײַז. אָט די בריוו האָבן אונטערגע־גראָבן די מאָראַל פון דער אַרמיי.

נאָך די מילכאָמע, האָט דער אַלטער געזאָגט, איז נאָך נישט פאַר־לוירן. די געטער וועלן ראַטעווען יאַפּאַן. דער אימפּעראַטאָר האָט שוין געמאַכט אַ רײַזע קיין איסע, מיט די רעגירונגס־מיטגלידער און מיט די שעפן פון דער העכסטער מיליטערישער אָנפירונג, בעטן צו דער געטן אַמאַטעראַסו, די גרינדערן פון זײַן דינאַסטיע. איצט וואָלט מען באַדאַרפט פּראַווען טפילעס איבערן גאַנצן לאַנד. מען וואָלט, פאַרשטייט זיך, באַ־דאַרפט צושיקן צו די נאָרדאַמעריקאַנער דעם באַריידעוודיקסטן אָפיציר פונעם אינפאָרמאַציע־אָפּטייל ער זאָל זיי אויפקלערן וואָס זיי דערוואַרט אין יאַפּאַן מיט דער אָנווענדונג פון דעם פּלאַן „צעבראָכענער יאָספּיס" און וואָס פאַר אַ געהיימע וואָפן מיר האָבן. זאָלן זיך נאָך די נאָרדאַמע־ריקאַנער דערוויסן אין וואָס אונדזער געהיימער וואָפן באַשטייט, וועלן זיי באַלד שליסן מיט אונדז שאָלעם קעדיי איניינעם און ווי געהעריק אויסנוצן דאָס געווער, דאָס הייסט, קעגן די רוסן.

איך האָב באַדאַנקט דעם אַלטן פאַר זײַנע אינטערעסאַנטע יעדיִעס און האָב מיך מיט אים געזעגנט. איך האָב נאָך אַלץ נישט געוווּסט אויף וואָסער זײַט זיך צו שטעלן: אויף דער זײַט פון די אָנהענגער פון אַ באַל־דיקער קאַפּיטולאַציע אָדער אויף דער זײַט פון די וואָס זײַנען פאַר שלאָגן זיך נאָך קעדיי זיך צו דינגען מיט נאָרדאַמעריקע.

איך האָב געגלויבט אין דער ווירקזאַמקייט פונעם פּלאַן „צעבראָ־כענער יאָספּיס", אויף דעם פאַל ווען מען זאָל אים דאַרפן אָנווענדן. גע־בליבן איז נאָך דער איינציקער געהיימער וואָפן: קען מען אים באַטראַכטן פאַר אַ קאָזיר אינעם שפּיל מיט די פאַרייניקטע שטאַטן?

**4.**

עפּעס איז מיר באַקאַנט געוועזן פון דער אַרבעט וואָס ווערט באַ אונדז אין לאַנד געפירט מיט דעם געהיימען וואָפן.

צוויי וויסנשאַפטלער — נישינאַ און אַראַקאַצו — פאָרשן די אַטאָ־מישע ענערגיע, נאָר דערווײַל, האָט עס נאָך אַלץ געהאַלטן באַם אָנהייב. אַ סאַך ווירקזאַמער זײַנען געוועזן די עקספּערימענטן וואָס מען האָט גע־מאַכט אין שימאַדאַ מיט ספּעציעלע שטראַלן, וואָס זײַנען בעקויעך צו פאַרהאַלטן אויף אַ דיסטאַנץ די מאָטאָרן און אָנצינדן די אויפרײַס־מאַטע־ריאַלן. פונדעסטוועגן, איז נאָך אויך ניט אַזוי נאָנט דער דערפאָלג פון די עקספּערימענטן: דערווײַל ווירקן די שטראַלן בלויז אויף עטלעכע מע־טער. גרויסע האָפענונגען לייגט מען אויף דער אַזוי גערופענער באָמבע „קע".

געזאָגט האָט מען, אַז דער מין באָמבעס פליִען פון זיך צום ציל און דאָס טרעפן איז געזיכערט. די הויפּט־אָנפירונג מיט דער קריגס־טעכניק האָט אויסגערעכנט, אַז די באָמבע וועט פאַרטיק ווערן אַן ערעך אין אַ יאָר אַרום. אויב מיר זאָלן פאַרציִען די מילכאָמע נאָך אַף אַ יאָר, וועלן מיר האָבן אַ נײַ געווער, וואָס וועט קיין פעלערן נישט מאַכן.

אונדזער וויכטיקסטער געהיימער וואָפן איז געווען די באָמבע „I״ אַ דערפונדענע פון דעם גענעראַל־לייטענאַנט פון דער סאַניטעט, אישיאי שיראָ. באַשטאַנען איז זי פון אַ קליינער פאַרצעלײַענער קיילע די גרייס פון אַ כינעזישן מעלאָן, פול מיט די אַקטיוווסטע אַנשטעקנדיקע באַקטע־ריעס. די הויפּט־לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט די באָמבעס אַרויסגעגעבן, איז געווען אין טאָקיאָ, אינעם קוואַרטאַל וואַקאַמאַצוסאַ, לעבן אישיאי שיראָס האָטעל־וווינונג. נאָך אַ סרייפע, זײַנען די אַפּאַראַטן, וואָס דאָס פײַער האָט געשוינט, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ניגאַטאַ און קיין כאַקאַידאָ. צוויי לאַבאָראַטאָריעס אין מאַנדזשוריע זײַנען געוואָרן די פּראָדוציר־צענ־טערן פון די באָמבעס. איינע פון די צוויי, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָ־מען „דעסטאַקאָמענט נומער 731״ האָט זיך געפונען אין פינפאַן, נאָענט פון כאַרבין; די צווייטע „דעסטאַקאָמענט נומער 100״ האָט זיך געפו־נען אין מאָגאַטאַן, נאָענט פון סענצזין די באָמבע „I״ האָט שוין געהאַט גלענצנדיק דורכגעמאַכט אַלע פּרוּוון אין כינע און מאַנדזשוריע און איז אָנגענומען געוואָרן אַלס געווער.

מיר, די אָפיצירן פונעם גענעראַל־שטאַב האָבן געוווּסט, אַז דער אימפּעראַטאָר האָט באַוויליקט אַן אוידיענץ דעם גענעראַל־לייטענאַנט אי־שיאי און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט אַ באַריכט וועגן זײַנע וויסנ־שאַפטלעכע פאַרשונגען, האָט ער אים צוגעטיילט אַ ווערטפולע אויס־צייכענונג: דעם אָרדן פונעם געבענטשטן אויצער ערשטע קאַטעגאָריע.

דאָס מיינט, אַז פון אונדזערע ניצכוינעס האָבן מיר דערווײַל בלויז געהאַט איינעם. געווען איז עס אַ זייער גוטע קאָרט, צי איז אָבער קעדײַ זי צו באַנוצן אַקעגן די פאַרייניקטע שטאַטן? קעדיי אַף דער פראַגע צו ענטפערן, האָט מען געמוזט לייזן דעם קאַרדינאַלן פּונקט: וואָס טוט מען מיט דעם קריג?

.5

איצט, פרילינג 1950, זעען מיר אויס בעעמעס נאַריש מײַנע דע־מאָלטיקע וואַקלונגען. נאָר דער מענטש לערנט שטענדיק עפּעס ווען עס ווערט קלאָר דער אויסגאַנג פון אַ זאַך. דעמאָלט האָב איך נאָך ניט גע־ווּסט וויִאַזוי די זאַך וועט זיך פאַרענדיקן און וויִאַזוי וועלן אונדז מיט אַן עמעסן באַהאַנדלען די נאָרדאַמעריקאַנער נאָך אונדזער קאַפּיטולאַציע. האָב איך דעמאָלט געקענט דענקען, אַז אויסזעצנדיק זיך אַף אונדזערע

אינדזלען אַ קליין שטיקל צײַט נאָך דער צערעמאָניע פֿון אונטערשרײַבן דעם קאַפּיטולאַציע־אַקט אַף דעם קרייצער „מיסורי”, וועט דער העכסטער נאָרדאַמעריקאַנער שעף אונדז שוין באַטראַכטן ווי זײַנע שפּעטערדיקע פֿאַרבינדעטע? האָב איך געקענט דענקען, אַז דער מענטש, וואָס אַף זײַן באַפֿעל האָבן די סקוואַדריליעס „ב־29” דורכגעפֿירט די שרעקלעכע „טעפּיך־באָמבאַרדירונגען” איבער אונדזערע שטעט; וועט מער קעמפֿן קעגן די יאַפּאַנעזער וואָס געפֿינען זיך ניט אין אונדזערע רייען אײדער קעגן אונדזערע אָפּיצירן און זעלנער, וואָס ער היט אײַן אַף שפּעטער? עמעס, ווען איך וואָלט געווען מער באַאָבאַכטער, וואָלט איך מיך אַרומגעזען, אַז די נאָרדאַמעריקאַנער באָמבאַרדירער ווישן אָפּ פֿון דער ערד בלויז דאָס וואָס מען קען אָפּווישן: צום בײַשפּיל, שיטאַיאַ און אַסאַקוסאַ, די געדיכטס־באַפֿעלקערטע אָרעמע באַצירקן פֿון טאָקיאָ, נאָר קיין איין באָמבע וואַרפֿן זיי ניט אַף דעם מאַרונאָוטי־קוואַרטאַל, ווו עס שטייען די געבײַדעס פֿון אונדזערע וויכטיקסטע קאָמפּאַניעס און אויך ניט די קוואַרטאַלן ווו עס שטייען די בעסטע האָטעלן און די ראַכוועסדיקע בינייאָנים וואָס זײַנען געבויט אַף צו קענען אויסהאַלטן די ערדציטערנישן. אין די פֿונקציעס פֿון די „ב־29”, איז נישט אַרײַן דאָס צעשטערן די בינייאָנים, ווו עס האָבן זיך באַדאַרפֿט מיט דער צײַט אײַנאָרדענען די נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישע ביוראָס.

יאָ. געווען זײַנען אַ סאַך זאַכן וואָס איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען דעמאָלט, אָנהייב זומער 1945.

אַ וואָגיקער מאָטיוו פֿאַר מײַנע וואַקלענישן איז געווען דאָס וואָס באַם אָנהייב פֿון מײַן קאַריערע אינעם ספּעציעלן דינסט, איז מײַן אַרבעט געווידמעט געווען כינע און איך בין נישט געווען אינעם קורס פֿון די רוטישע אינייאָנים. דערפֿאַר האָב איך פֿון אָנהייב מאַסקים געווען צום פּלאַן מוטאָ „פֿאָרויס, צו דאָרעם”, האַלטנדיק, אַז דער הויפּט־ציל פֿון אונדזער אימפּעריע איז אונטערצוויאָכן גאַנץ כינע און אַז קעדיי דעם נײַצאָכן צו קאָנסאָלידירן, מוז מען פֿאַרכאַפּן אַלע צוטריטן צו כינע פֿון דאָרעם־זײַט — אינדאָכינע און מאַלאַזיע, — פּונקט ווי מיר האָבן פֿאַרכאַפּט די צוטריטן צו כינע פֿון צאָפֿן־זײַט, דאָס הייסט: מאַנדזשוריע און די צוטריטן צו מאַנדזשוריע פֿון דאָרעם־מיזרעך־זײַט: דעם האַלבאינדזל קאָרעע.

אַכוצדעם האָב איך פֿון אָנהייב געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג, אַז אונדזער הויפּט־סוינע אַף דער כינעזישער טעריטאָריע איז די קאָמינטאַנג־רעגירונג און נישט די רויטע כינעזער.

ערשט אין פֿאַרלויף פֿון דער מילכאָמע, נאָך פֿינסינגוואַן, ווו טשוטעהס אַרמיי האָט צעקלאַפּט אונדזער מיליטער אָנגעפֿירט פֿון איטאַגאַקי, האָב איך מיך סאָפֿקאָלסאָף איבערצײַגט, אַז אונדזער סוינע אין כינע זײַנען די רויטע און אַז קאָמינטאַנער, וואָס ווערן געפֿירט פֿון

טשאַנג־קײַ־שעק, זײַנען שפּעטער־דיקע פאַרבינדעטע, מיט וועלכע מיר שיסן זיך איבער אַלפי טאָעס.

און דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע ספּייקעס. מײַן גלויבן אײַנעם „מוטאָ״־פּלאַן איז זיך צעשוווּמען. אָנגעהויבן האָב איך טראַכטן, אַז אונדזער מילכאָמע אָפן פּאַציפיק איז אַן ערנסטער פעלער. גראָד דעמאָלט האָב איך געהאַט מײַן באַגעגעניש מיט האַרשבערגערן. אָט די באַגעגעניש האָט מיר געעפנט די אויגן.

עטוואָס שפּעטער האָב איך מיט דעם הימלס הילף געמאַכט נאָך אַ טראָט אָפן וועג צום עמעס. אין אַ פרימאָרגן בין איך אַרײַנגעקומען צו מיר אין ביוראָ און האָב געטראָפן אַף אַן עטאַזשערקע אַ בוך, וואָס עמעצער האָט דאָרט אַוועקגעלייגט. אָפן שאַר־בלעטל האָב איך איבערגעלייענט „די לעצטע מילכאָמע״ און צום סאָף פונעם בוך איז געווען אָנגעגעבן, אַז דאָס בוך איז אָפּגעדרוקט אָפן כעשבן פונעם מעכאַבער און איז ניט באַשטימט צום פאַרקויף.

געווען איז עס אַ ווערק פון דעם באַקאַנטן גענעראַל־לייטענאַנט אישיהאַראַ קאַנדזי, דער זעלבער וואָס האָט, אַלס שעף פון דער סעקציע אָפּעראַציעס און סטראַטעגיע פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, אויסגעפּאַרכט דעם אָצו־פּלאַן — אַ פּלאַן צו פאַרנעמען די רוסישע פרימאָריע, וואָס מען האָט געהאַט אויסגעאַרבעט נאָך פאַר אים — און האָט אויסגעאַרבעט אַ נײַעם פּלאַן פון מילכאָמע קעגן רוסלאַנד, ווו עס איז געווען פאַרגעזען דאָס פאַרכאַפּן גאַנץ סיביר ביז די אוראַלן. דער פּלאַן האָט טייקעף באַרימט געמאַכט אישיהאַראַן אין גאַנץ יאַפּאַן.

נאָכדעם ווי עס האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע צווישן דײַטשלאַנד מיט רוסלאַנד, האָט דער מיקאַדאָ באַשלאָסן דורכצופירן אין דער פּראַקטיק דעם אישיהאַראַ־פּלאַן. פונדעסטוועגן, איז דעם מעכאַבערס ניצאָכן געווען אַ פריצײַטיקער. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן די אָנהענגער פונעם אַוואַנס אַף דאָרעם ווידער איבערגערעדט דעם מיקאַדאָ אַז צוערשט דאַרף מען שלאָגן די אַנגלאָזאַקסן, קעדיי צו באַפעסטיקן די דעראָבערונגען אין כינע און שטאַרקן די יאַפּאַנישע הערשאַפט איבערן גאַנצן אַזיאַטישן דאָרעם־מיזרעך.

זינט אָנהייב דער פּאַציפיק־מילכאָמע, איז אישיכאַראַ געווען אין דער לאַגע פון אַ מיליטערמאַן וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין אומכיין. אַזוי לאַנג אַלץ איז געגאַנגען קעשורע, האָט מען פון אים נישט גערעדט. נאָר ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַפּאָלעס, האָט מען זיך דערמאָנט אַף זײַנע אַרגומענטן קעגן דעם טאָעס פון אַ קריג אָפן פּאַציפיק. אַלע האָבן גענומען באַוווּנדערן זײַן ווײַטזיכטיקייט.

אישיכאַראַ איז באַזונדערס פאַרבונדן געווען מיט אַ גרופּע פּאָליטיקער, מיטגלידער פון דער מיזרעך־אַזיאַטישער ליגע, וואָס ער גופע איז געווען איר פאָרזיצער. די אָנגעזעענסטע אָפיצירן פונעם הויפּט־

שטאַב, ספּעציאַליזירטע אינעם שטודיום פון רוסלאַנד, בעראָש מיט קאָ־וואַבע, שעף פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, און קאַשאַראַ, עקס־שעף פו־נעם הויפּטשטאַב פון דער קוואַנטונג־אַרמיי, זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער ליגע. קורץ, די מיזרעך־אַזיאַטישע ליגע האָט גרופּירט אַרום זיך אַלע אַנהענגער אישיכאַראַס.

דערנאָך איז באַקאַנט געוואָרן, אַז מיט דער ליגע האָט אײַנגע־שטעלט אַן ענגן קאָנטאַקט דער פאָרזיצער פונעם קאָנסאָרציום מיצואי־איקעדאַ און דער פאַרטרעטער פון דער דיפּלאָמאַטישער ביוראָקראַטיע, יאָשידאַ, עקס־אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. דער ערשטער ווי דער צווייטער האָבן אויסגעפירט אַ שליכעס פון אונדזערע פינאַנץ־מאַגנאַטן.

אין גענעראַל אישיכאַראַס בוך האָט זיך געזאָגט, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס נאָרדאַמעריקע און רוסלאַנד האָבן דעמאָלט געבילדעט אַ קאָאַליציע, וועט זיך די לאַגע גיך ענדערן און צווישן ביידע לענדער וועט אויסברעכן אַ קאָנפליקט. דאָס גאַנצע בוך איז דורכגעזאַפּט געווען מיט דעם געדאַנק: פאַראייניקטע שטאַטן און יאַפּאַן האָבן אַ געמיינזאַ־מען סוינע, אין דער קומענדיקער מילכאָמע דאַרפן זיי זײַן פאַראייניקט, און וואָס גיכער עס וועט פאַרענדיקט ווערן אָט דער נאַרישער קריג, אַלץ בעסער וועט זײַן פאַר ביידע צדאָדים.

איך האָב דעם בוך איבערגעלייענט דרײַ מאָל. ביז דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געהאַט געלייענט אַ בוך מיט אַזויפיל אינטערעס, אַכוץ דעם טראַקטאַט פאַר די סאַמוראַיער סון סאַגאַ מיטן טיטל „וואָס צווישן געבלעטער שטעקט״, אַ קאָדעקס פון קלאָלים לויט וועלכע עס דאַרף זיך אויפפירן אַן עכטער קריגסמאַן.

נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעשטודירט אישיכאַראַס ווערק, האָב איך געפילט, אַז איך האָב געמאַכט נאָך איין שריט צו דער פולשטענדיקער אויפקלערונג. אַזוי מוז זיכער פילן דער בודיסטישער מאָנאַך נאָכדעם ווי ער גייט דורך דעם ערשטן פון די אַכט עטאַפּן, וואָס דאַרפן פירן זײַן נעשאָמע צו דערלייזונג, דער „עטאַפּ פון ריכטיקן אויג״. פונדעסטוועגן, האָב איך נאָך אייניקע ספּייקעס. איך וואָלט מיך באַדאַרפט באַפרײַען פון זיי.

.6

אינעם הויפּטשטאַב פונעם מיזרעך־באַצירק האָב איך מיך איינמאָל אָנגעטראָפן מיט דעם פּולקאָווניק־לייטענאַנט איאַי, מײַנער אַן אַלטער פרײַנט. פאַר דער פּאַציפיק־מילכאָמע האָבן מיר׳אַ לענגערע צײַט געאַר־בעט צוזאַמען אין אַ קערפּערשאַפט פאַר ספּעציעלן דינסט אין שאַנכײַ, איך אַלס פאַרבינדלער מיט דער דײַטשישער שפּיאָנאַזש־קערפּערשאַפט אין כינע — די „ערהאַרדט־ביוראָ״ — און ער, מיט דער קאָלאָניע רו־סישע ווײַסגוואַרדייער. דערנאָך האָט מען אונדז ביידן איבערגעשיקט אי־

נעם צענטראַלן הויפּטשטאַב. דאָרט האָט מען אים געהאַלטן פּאָר אייי־נעם פון די בעסטע ספּעציאַליסטן אין רוסישע איניאַנים.

איזאי האָט מיך באַלד אַוועקגעפירט אַף דער אָפיצירן־קוואַרטיר, ווו ער האָט געוווינט, אינעם אושיגאַמע־באַצירק, אין אַ געסל, וואָס איז אַרויסגעקומען צו קאַגוראַסאַקאַ, גאָר נאָנט צו דעם הויז ווו עס האָט געוווינט די יאַם־שפּין. איזאי האָט זיך אינעם מינדסטן נישט געענדערט. דאָס אייגענע קינלעכדיקע פּאָנעם מיט דעם גוטמוטיקן שמייכל און קלו־גע שטענדיק־ערנסטע קליינע אויגן. נישט געקוקט אַף זײַן דריבנער גע־שטאַלט און זייער קורצע הענט, איז ער שטענדיק אומגעגאַנגען מיט אַ מינע פון ווירדיקייט. ריידן פלעגט ער פּאַמעלעך, רויק, נישט מאַכנ־דיק מיט די הענט.

ער האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט רוסישער וואָדקאַ, ערשט פון מאָסקווע. די אָפיצירן פונעם פינפטן דעפּאַרטאַמענט צווייטע סעקציע פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב פלעגן לויט דער ריי פאָרן קיין רוסלאַנד ווי דיפּלאָמאַטישע שעליכים, מיט פרעמדע פּאַספּאָרטן. מיר האָבן זיך פונאַנדערגערעדט.

— מען מוז וואָס גיכער פאַרענדיקן די אידיאָטישע מילכאָמע — האָט איזאי זיך אָנגערופן — אַנגעמענדיק אַלע באַדינגונגען, אַפילע די שווערסטע, אַבי צו ראַטעווען די דינאַסטיע. מען מוז וואָס פריער שטעלן דעם פּונקט קעדיי אײַנצוהיטן וואָס מעגלעך מער מיליטער מיט דער אויסזיכט אַף ווײַטערדיקע אַקציעס. און דאָס מאָל שוין אינײנעם מיט נאָרדאַמעריקע. דעמאָלט וועלן מיר צוריקגעווינען אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרלוירן. אַנשטאָט די עטלעכע אינדזעלעך אָפן פּאַציפיק, מאַנדזשוריע און קאָרעע, וועלן מיר באַקומען גאַנץ סיביר ביז די אוראַלן, אָדער ריכ־טיקער, ביז דער וואָלגע. געפעלט דיר אַזאַ בײַט?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

אָבער נאָך בעסער איז אײַנהיטן אַלע אונדזערע באַזיצן אין אַזיע און צוגעבן צו זיי סיביר. פאַרוואָס־זשע, אויב אַזוי, זײַט איר קעגן דעם מיר זאָלן צווינגען נאָרדאַמעריקע פאַרענדיקן דעם מעטש מיט אונדז אַף נול?

— דערפאַר וואָס דערצו מוז מען זיך נאָך שלאָגן און לײַדן פאַר־לוסטן, אַזוי מיר ווי די נאָרדאַמעריקאַנער. און דאָס איז נאַריש. ניט מיר און ניט נאָרדאַמעריקע דאַרפן מיר זיך אומזיסט און אומנישט אָפּ־שוואַכן אַקעגן אונדזער געמיינזאַמען סוינע. דאָס איז ערשטנס, צווייטנס דערפאַר וואָס אַנגייענדיק ווײַטער מיט דער מילכאָמע אַקעגן נאָרדאַמע־ריקע, צווינגען מיר זי אָפּצולייגן דעם אַרײַנטריט אין קריג מיט רוס־לאַנד. און די רוסן מוז מען איבערפאַלן וואָס פריער, איידער זיי קומען צו זיך. וואָס לענגער עס וועט זיך ציִען די מילכאָמע אָפן פּאַציפיק, אַלץ מער צײַט גיבן מיר די רוסן דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

איאיס אויספירן זײַנען געװען ניט צום באַשטרײַטן.

— און דאָס װעט זיך מיט אַן עמעצן אײַנגיכן אָנהייבן ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— װען מיר װעלן שליסן דעם פרידן מיט די נאָרדאַמעריקאַנער, װעלן מיר דאָס אַלע װיסן — האָט איאיי געענטפערט מיט אַ געלעכ־טערל.

אַרײַנגעקומען איז אַ גאַסט און אונדזער שמועס האָט זיך איבער־געריסן. איאיי האָט אונדז פאָרגעשטעלט. װען איך האָב דערהערט דעם נאָמען צודזי, װאָס איז באַקאַנט אין דער גאַנצער אַרמיי אונדזערער, האָב איך גענומען מיט דערעכערעץ באַטראַכטן דעם גאַסט : אַן אָפּגע־ראַזירטער קאָפּ, גערדיכטע ברעמען, אַ שאַרפזיניקער בליק, אימפּאָנענטע האַלטונג ; אַ קריגסמאַן פון קאָפּ ביז די פיס. דערמאָנט האָב איך מיך װאָס די יאַם־שפין און אַנדערע האָבן מיר דערציילט װעגן דעם פאַלקאָװניק מיט דעם צונאָמען „דער טיגער פון מאַלאַזיע" : ער האָט דער ערשטער געמאַכט דעם קימאַטאַרי איבער די ענגלישע און נאָרד־אַמעריקאַנער געפאַנגענע. בעייסן דורכפירן די אָפּעראַציע פלעגט ער זיך שטרענג האַלטן באַ דער אַלטער צערעמאָניע װאָס איז באַשריבן אין דער מישפּאָכע־כראָניק פון אַ סאַמוראַיער פונעם סאַגאַ־פירשטנטום.

דער פאַלקאָװניק האָט אויפגעשלאָסן דעם ראַדיאָ און האָט גענומען דערציילן איאין עפּעס אינדערשטיל. איך האָב באַשלאָסן זיך צו געזע־גענען. איאיי האָט אָפּגעשלאָסן דעם ראַדיאָ און האָט זיך אָנגערופן צום טיגער פון מאַלאַזיע :

— ער מעג עס הערן. אַלנפאַלס, װעלן זיך די אָפיצירן פונעם גע־נעראַל־שטאַב דערװיסן דערפון.

דאָס נײַס װאָס צודזי האָט געבראַכט איז געװען זייער אינטערע־סאַנט. דער מאַרשאַל יען כסי־שאַן האָט צוגעשיקט זײַנעם אַן אָפיציר צום גענעראַל־מאַיאָר יאַמאַאָקאַ — שעף פונעם הויפּטשטאַב פון דער ערשטער אַרמיי, װאָס איז אַ טייל פון דער אַרמייען־גרופּע אונטער דער ערשטער אָנפירונג — מיט אַ פאָרשלאַג צו שליסן אַ געהיימען אָפּמאַך פאַר אַ געמיינזאַמער אקציע קעגן דעם שאַנכײַער קאָמוניסטישן מיליטער. יען כסי־שאַנס שעליעך האָט צו װיסן געגעבן דעם גענעראַל־מאַיאָר יאַ־מאַאָקאַ, אַז לויט יעדיעס פון די קואָמיטאַניסטן, װעט אײַנגיכן קענען אויסברעכן די מילכאָמע צװישן נאָרדאַמעריקע און רוסלאַנד און דאָס אין אַכט נעמענדיק װאָלטן יאַפּאַן און כינע זיך באַדאַרפט פאַרייניקן צום קאַמף קעגן דעם קאָמוניזם אין אַזיע.

יאַמאַאָקאַ איז באַקאַנט געװען װי איינער פון אישיכאַראַס גע־טרײַסטע אָנהענגער. באַם אָנהייב פון דער מילכאָמע צװישן דײַטשלאַנד און רוסלאַנד האָט ער געהאַט דעם אַמט פון מיליטערישן אַטאַשע אין מאָסקװע. מען דערציילט, אַז יעדע װאָך פלעגט ער צו װיסן געבן דעם

צענטראַלן הויפּטשטאַב, אַז לויט אַלע יעדיִעס, וועלן די רוסן אויפגעבן דעם ווידערשטאַנד סאָף וואָך. דערנאָך האָט ער זיך גענומען נעוויִעס זאָגן וועגן דעם פאַלן פון מאָסקווע און האָט דריי מאָל אָנגעגעבן די פּינקטלעכע דאַטע. צום סאָף האָט מען דעם „טרעפער" אָפּגערופן קיין טאָקיאָ און מען האָט אים אַוועקגעשיקט צום כינעזישן פראָנט, ווו ער האָט גענומען גרייטן דעם באָדן פאַר אַן אָפּמאַך מיט דעם קואָמינטאַנג.

צודזי האָט זיך באַלד דערוויף אָן שום צערעמאָניעס אויסגעצויגן אָף דער ראַגאָזשע און אַרויסגעפּראַלט:

— מען דאַרף פאַרענדיקן די מילכאָמע. דאָס איז קלאָר פאַר יעדן אַכוץ פאַר אידיאָטן, און באַצייטנס זיך איינפאַרשטיין מיט דעם קואָמינ־טאַנג, קעדיי ניט צו דערלאָזן די רויטע כינעזער זאָלן פאַרכאַפּן דאָס לאַנד.

ווען איִאי האָט מיך באַגלייט ביזן פאַרהויז, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— אָדער מיינט איר... דאָס הייסט, איר, אישיכאַראַס אַנהענגער, אַז דער פּלאַן „צעבראָכענער יאַספּיס", וואָס דער מיקאַדאָ האָט אים גוטגעהייסן...

דערהערט דעם נאָמען פונעם מיקאַדאָ, האָט איִאי מיט רעספּעקט דעם קאָפּ אָנגעבויגן און אַ מורמל געטאָן:

— דער פּלאַן איז היציקע פּלוידעריי פון אַ זעלבסטמערדער. דער קריגס־מיניסטער וויל אים קענטיק אָף יעדן אויפן אויספּרוּוון. מען דער־ציילט אַז באַנאַכט זעצט ער זיך אַוועק אין קאַבינעט באַם פענצטער און שטעקט אַרויס אַ צונג דער לעוואָנע. אַלע אַדיוטאַנטן ווייסן עס... ס'איז שרעקלעך צו דענקען, אַז גראָד איצט, ווען די אימפּעריע געפינט זיך אין אזא גרויסער סאַקאָנע, האָבן מיר אַ מעשוגענעם אינעם אמט פון קריגס־מיניסטער. צום אומגליק, גיט זיך דער מיקאַדאָ קיין כעשבן ניט דערפון...

נאָך דעם שמועס מיט איִאי, האָב איך ווידער איבערגעלייענט „די לעצטע מילכאָמע" און האָב מיך ענדגילטיק איבערצייגט, אַז גענעראַל אישיכאַראַ איז דער ווייטזיכטיקסטער פּאָליטיקער אין דער וועלט.

# דער אונטערגאַנג

.1

די פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע, וואָס האָט פאַרבעטן יאַפּאַן זיך אונטערצוגעבן, איז דורכן נאָרדאַמעריקאַנער ראַדיאָ איבערגעשיקט געוואָרן דעם 27טן יולי פאַרטאָג. אין אַ שאָ אַרום האָבן גענומען אָנקומען יעדיעס אין דער הויפּט־אָנפירונג פון דער זשאַנדאַרמעריע און אינעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, אַז דער טעקסט פון דער דעקלאַראַציע, אַ געהיים־אויפגעכאַפּטער און אין יאַפּאַנעזיש איבערגעזעצטער, ווערט פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט. דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דורך דער סאָקאַשיטאַ־טיר זײַנען אַרײַן אינעם מיקאַדאָס פּאַלאַץ דער פירשט קאַנאָיע און דער באַראָן כיראַנומאַ, פאָרזיצער פונעם געהיימען ראַט, מיסטאָמע קעדיי דורכצורעדן זיך מיט דעם מאַרקיז קידאָ, לאָרד פונעם פּריוואַטן שטעמפּל. אינעם איטשיגאַזשאַדעי האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַן עקסטרע זיצונג. דער קריגס־מיניסטער, אַנאַמי, האָט פאַרופן אַלע אַרמיי־שעפן.

מיר זײַנען פאַרבליבן ביז נאַכט אין דער קערפּערשאַפט פון די פעלד־אַדיוטאַנטן וואַרטן אַף נײַס. דזינטאַן איז אַוועק אינעם מיניסטעריום און האָט צוגעזאָגט פון דאָרט צו טעלעפאָנירן. צוויי יונגע אָפיצירן, קאַצומאַטאַ און מינע, ערשט אַריבערגעשיקטע פון דער קוואַנטונגער אַרמיי, האָבן מיר דערציילט, אַז אַלע הויכע שעפן פון דער קוואַנטונגער אַרמיי, וואָס האָבן זיך געפונען אין טאָקיאָ צוליב דינסט־איניאַנים, האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג טייקעף מיט אַן אַוויאָן אַרויסצופאָרן קיין מאַנדזשוריע.

— זיכער, אַז עפּעס וועט זיך דאָרט אָנהייבן — האָט אַ זאָג געטאָן דער קאַפּיטאַן קאַצומאַטאַ און מיט אַ זיפץ אַ קלאַפּ געטאָן אַפן קנאָפּ פון זײַן שווערדל.

דער קאַפּיטאַן מינע האָט אויך אַ קלאַפּ געטאָן אַף זײַן שווערדל און אַ מורמל געטאָן:

— מיר זאָלן, אַ סוואָרע, די נאַכט פאַרענדיקן די מילכאָמע קעגן נאָרדאַמעריקע און זיך לאָזן גיין קעגן די רוסן...

איך האָב אַ שמייכל געטאָן:

— מען זעט באַלד, אַז איר זײַנט געטרײַע אישיכאַראַ־אָנהענגער. וואָס שײַעך מילכאָמע קעגן די רוסן... האָב איך מוירע, אַז די קוואַנ־טונגער אַרמיי איז איצט נישט גענוג שטאַרק. זי האָט געמוזט שיקן עטלעכע טײלן אירע קיין כינע און צו דער הויפּטשטאָט.

ביידע קאַפּיטאַנען האָבן קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן מײַנע איבערקלע־רענישן. די קוואַנטונג־גרופּירונג, האָבן זיי געזאָגט, באַשטייט איצט פון עטלעכע אַרמייען. אין פאַל עס זאָל אויסברעכן די מילכאָמע קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, וועט די קוואַנטונגער אַרמיי אָנהייבן די אָפּעראַציעס, וואָס זײַנען פאַרגעזען אינעם אישיכאַראַ־פּלאַן. צום ענדגילטיקן קלאַפּ אין דער ריכטונג צום בײַקאַל זײַנען באַשטימט געקליבענע טײלן, די־רעקט אונטערגעאָרדנטע דער פירונג פון דער קוואַנטונג־אַרמיי, ווי, לע־מאָשל, די טײלן „ערנטלעכקייט״, „וועג״, „קאָנטראָל״ און די צווייטע לופט־אַרמיי. און אינעם ערשטן פראָנט פון מיזרעך־מאַנדזשוריע שטייען גרייט די שלאָג־טײלן: „שאַרף״, „בושל״, „פעלדז״, „אומבאַזיגלעכ־קייט״, „אַנטשלאָסנקייט״, „ווײַטער ציל״ און אַנדערע, וואָס זייער ציל איז פאַרכאַפּן וולאַדיוואָסטאָק און כאַבאַראָווסק אין פיר און צוואַנציק שאָ. און, אויב מען האַלט פאַר נייטיק פירן אַ פאַרטיידיקונגס־מילכאָמע, קען זיך די קוואַנטונגער אַרמיי פאַרשאַנצן אַף דרײַ פאַרטיפיקאַציע־לי־ניעס, וואָס זײַנען אויסגעבויט אין די לעצטע פערצן יאָר. אין פאַרגלײַך מיט זיי זײַנען די באַרימטע ליניעס מאַזשינאָ און זיגפריד געווען נישט מער ווי הילצערנע פלויטן.

— איך מיין, אַז מען וועט די קוואַנטונגער אַרמיי נישט נוצן אַף דעפענסיווע אָפּעראַציעס — האָב איך אַ זאָג געטאָן. — דער באַפעל נומער 1 וועט באַשטיין פון איין פראַזע בלויז: „פאָרויס, צו די אור־ראַלן״.

מינע האָט זיך פּײַערלעך אָפּגערופן:

— און אין אַוואַנגאַרד וועלן נישט גיין די טאַנקן, נאָר דעזינפעק־ציע־ראָטעס. וואָרעם פאַר דעם באַפעל נומער איינס וועט מען געבן דעם באַפעל נומער זעראָ: „נוצן דאָס געהיימע געווער״.

נישט געוואַרט האָב איך דזינטאַן זאָל טעלעפאָנירן און האָב טעלע־פאָנירט צו מוסאַלינין, נאָר איך האָב אים נישט געטראָפן. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן צוגיין צו דער יאַם־שפּין. געטראָפן האָב איך דעם אַלטן אין בעט. אַ דינסט, שוין אין די עלטערע יאָרן און פון פּײַנעם אויסזען, האָט אים דעם רוקן געבריט מיט צעלאָזענעם כיילעוו. נאָכדעם ווי זי האָט פאַרענדיקט די קוראַציע, האָט זי אַף מיר בערויגעז אַ קוק געטאָן און איז אַרויס מיר נישט גריסנדיק. דער אַלטער האָט שוין גע־ווּסט. די גרופּע אַרמיי־שעפן אונטערן פאָרזיץ פונעם קריגס־מיניסטער, אַנאַמי, האָט אײַנשטימיק באַשלאָסן אַוועקלייגן צו די פיס פונעם מי־

קאַדאָ די ביטע נישט אין אַכט צו נעמען דעם פאָטסדאַמער פאָרשלאַג און ווײַטער אָנגיין מיט דעם קריג ביז אַן ערנהאַפטן שאָלעם.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער אַדמיראַל סוצוקי, אַף דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג פון דער אַרמיי־אָנפירונג, געמוזט אָפיציעל דערקלערן, אַז די רעגירונג האָט באַשלאָסן נישט נאָכצוקומען דעם פאָטסדאַמער פאָרשלאַג. די טאָקיער רויז האָט די דעקלאַראַציע איבערגעגעבן אין ענגליש. די אינפאָרמאַציע־ביוראָ האָט פאַראָרדנט אַלע צײַטונגען זיי זאָלן טאָג־נאָך־טאָג אַף אַן אָנגעזועען אָרט דרוקן אָט די לאָזונגען: „מירן זיך שלאָגן ביזן סאָף!”, „מירן זיך באַוואָפענען מיט באַמבוקענע שטעקנס און די ענדגילטיקע שלאַכט וועלן מיר אָפהאַלטן אין דער הויפטשטאָט!”, „הונדערט מיליאָן יאַפאַנעזער זײַנען גרייט, ווי יאָספיס, אַף שטיקלעך זיך צעברעכן!”

.2

דעם זעקסטן אויגוסט, באַנאַכט, זײַנען דזינטאַן און קאַצומאַטאַ געקומען מיך זען נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער וואַך.

— וואָס הערט זיך נײַס? — האָט איך אַ פרעג געטאָן דזינטאַנען.

געענטפערט האָט ער מיר, אַז ער האָט ערשט אָנגעקלונגען צום מאַיאָר סאַקאַקובאַראַ, שעף פונעם הויפט־דעפאַרטאַמענט פון דער סעקציע אַרמייען. דער מאַיאָר האָט אים געזאָגט, אַז קיין באַזונדערע נײַס זײַנען נישטאָ. נאָכן עסן, איז דער מיניסטער אַוועק זיך אָפרוען אין אַטאַמי.

— מען זאָגט, אַז נעכטן זײַנען פאָרגעקומען גרויסע באָמבאַרדירונגען אין נישינאָמיאַ און אין טאַקאַסאַקי. אַ כיישעק באָמבעס צו וואַרפן אַף די דאָזיקע שטעט. פאַראַן זײַנען דאָרטן בלויז קאָמונאַלע וווינונגען פאַר עוואַקוירטע שול־קינדער — האָב איך באַמערקט.

— און הײַנט אינדערפרי האָט מען באָמבאַרדירט הירשימאַ — האָט קאַצומאַטאַ געזאָגט — די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן דורך ראַדיאָ געזאָגט, אַז זיי האָבן אויסגעפרוווט עפעס אַ נײַעם טיפ באָמבע. נאָר ביז איצט האָט מען אינעם הויפטשטאַב נישט באַקומען קיין שום ידיעה וועגן דער אַנטילופט־פאַרטיידיקונג.

דזינטאַן האָט אונדז מיטגעטיילט אינטערעסאַנטערע נײַסן. עס ווערן איצט געפירט געהיימע אונטעררעדונגען ניט נאָר צווישן דער אָנפירונג מיט אונדזער מיליטער אין שאַנכי מיט יען כסי־שאַן, נאָר אויך צווישן אָקאַמוראַ, העכסטער שעף פון אונדזער מיליטער אין כינע, מיט כאַ אין־טזין, שעף פונעם צענטראַלן הויפטשטאַב פונעם קואָמינטאַנג. טשאַנג־קײַ־שעק זאָל מעגלעך אינגיכן אָנהייבן אָפעראַציעס קעגן די קאָמוניסטן. זינט נאָוועמבער פאַרגאַנגענעם יאָר האָט זיך אונדזער מיליטער

אין כינע קיין ריר נישט געטאָן: דאָרט האָט די מילכאָמע פּאַקטיש אויפגעהערט, און אַ באַדייטנדיקע טייל טשאַנג־קײַ־שעקס מיליטער בלאָקירט די ראַיאָנען וואָס זײַנען פאַרנומען פון די קאָמוניסטן.

יענע נאַכט זײַנען קיין באָמבאַרדירונגען נישט פאָרגעקומען. אָפּן צווייטן טאָג האָט מען מיך געשיקט קיין אָיאַמאָ, ווו מען האָט אויסגעפּרוווט אַ נײַעם טיפּ שטעך־באָמבאַרדירער „קי־115״, וואָס איז ספּעציעל באַשטימט פאַר פּליִער זעלבסטמערדער. די פּרוּוון זײַנען געווען צופרידנשטעלנדיקע. דער קאָנסטרוקטאָר האָט אונדז אויפגעקלערט דעם קונציקן מאָנטאַזש פון די רעדער באַם אַוויאָן. טייקעף ווי נאָר דער אַפּאַראַט רײַסט זיך אָפּ פון דער ערד, טיילן זיי זיך אָפּ מיט דער הילף פון אַן אויטאָמאַטישן מעכאַניזם און קענען געניצט ווערן פאַר אַנדערע אַוויאָנען. די פּליִער־זעלבסטמערדער נוצן די רעדער בלויז אַף אויפצוהייבן זיך אין הימל, דאָרט אַף אייביק צו פאַרבלײַבן.

צוריקוועגס, בין איך געפאָרן דורך יאָקאָהאַמאָ אויסצופירן אַן אויפטראָג פון דער יאַם־שפּין: איבערגעבן אַ בריוו דעם קאַפּיטאַן סאַסאַקי, פון דער ראָטע „פּרימאָרגן־זון״, וואָס בילדעט אַ טייל פון דער דריטער בריגאַדע אינפאַנטעריע. דער קאַפּיטאַן האָט מיך פאַרבעטן אַף אָוונטברויט אין אַ קליינעם רעסטאָראַן פאַר אָפיצירן, נאָנט צום האַפן. דער רעסטאָראַן האָט פאַרמאָגט אַ פאַרמילכאָמעדיקן רעזערוו נישט פאַרוואַסערטן ווײַן און די קעלנערקעס זײַנען געווען פריִערדיקע גיישאַס, וואָס האָבן אויסגעמיטן אָבליגאַטאָרישע אַרבעט. מיר האָבן גאַנץ גוט פאַרבראַכט די צײַט. ווען סאַסאַקי, אַביסל אַן אויסגעטרונקענער, האָט גענומען זאָגן, אַז אַלע פרויען וועלן זיך אינגיכן מוזן אויסלערנען וואַרפן האַנט־גראַנאַטן, קעדיי אויסצופילן זייער כויוו פאַרן מיקאַדאָ, האָט די עלטסטע קעלנערקע — וואָס האָט געשפּילט סיאַמיזען — זיך דערלויבט אַ נישט דערעכערעצדיקע באַמערקונג. איך האָב זי דערויף אַ שלעפּ געטאָן פאַר די האָר ביזן קאָרידאָר, האָב איר דערלאַנגט עטלעכע זעץ מיטן פוס אינעם הינטן און האָב איר געצוווּנגען בעטן אַנטשולדיקונג און זינגען פינף מאָל נאָכאַנאַנד „פאָרסט אַרויס אַפן יאַם, שווימען טויטע אַף די כוואַליעס״. מיר האָבן געטרונקען ביז קאַיאָר.

איך בין צוריקגעקומען קיין טאָקיאָ דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט און האָב אויסגעלייגט פאַר דזינטאַנען דעם רעזולטאַט פון די פּרוּוון מיט דעם באָמבאַרדירער „קי־115״. דערנאָך האָב איך אים געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ באָמבע וואָס מען האָט אייערנעכטן געוואָרפן? וואָס האָט מען צו וויסן געגעבן פון הירָאָשימאָ?

דזינטאַן האָט מיר געענטפערט, אַז אַכט מיט פופצן אינדערפרי האָבן זיך איבער דער שטאָט באַוויזן צוויי נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאָנען. זייער אָנקומען האָט נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדערע שרעק, וואָרעם איבער הירָאָשימאָ פלעגן אָפט פליִען נאָרדאַמעריקאַנער אויסשפּירער־אַוויאָנען.

איינער פון זיי האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ באָמבע, וואָס האָט אויפגעריסן פינף הונדערט מעטער פון דער ערד, פונקט איבער דער אַיאָי־בריק, אײַ־נעם צענטער פון דער שטאָט. אַ בלענד געטאָן האָט אַ פײַער, דערהערט האָט זיך אַ קנאַל, צום הימל האָט זיך אויפגעהויבן אַ פײַערדיקער באַלאָן און באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ זײַל רויך ווי אַ שוואָם עטלעכע הונ־דערט מעטער די הייך. די שטאָט האָט גענומען ברענען. דער גאַרניזאָן האָט קימאַט נישט געליטן, דער הויפּטשטאַב פונעם מײַרעוו־באַצירק אויך נישט, נאָר געברענט האָבן אַ סאַך שטאָטישע אײַנוווינער, צווישן זיי עטלעכע טויזנט עוואַקוירטע קינדער וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די קאָמונאַלע דירעס. אַ קוריאָזער פאַקט איז דאָס וואָס דער קנאַל פון דער באָמבע האָט געלאָזן אויסגעקריצט דעם סילועט פון די ביימער אַף די מויערן פון די שטיינערנע ביניאַנים, און אַף די טרעפּ פון דער באַנק סומיטאָמאָ דעם סילועט פון אַ פּרוי, פון וועלכער עס איז גאָרנישט געבליבן. מען האָט שטרענג פאַרבאָטן די צײַטונגען וועלכע עס איז יע־דיע צו ברענגען פון הירָאָשימאַ.

— און וואָס זאָגן די נאָרדאַמעריקאַנער?

— דער פּרעזידענט גופא האָט געריידט דורך ראַדיאָ און האָט גע־מעלדעט, אַז מען האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ נײַעם טיפּ באָמבע: אַן אַטאָ־מישע.

איך האָב אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ:

— דאָס מוז זײַן די אָפּעראַציע „זילבערנער בעקן". איך האָב גע־רעכנט זיי וועלן דורכפירן עפּעס אַ מיליטער־אַרויסזעצונג... זיי האָבן, הייסט עס, געוואָרפן אָפן טיש זייער וויכטיקסטע קאָרט. אָבער, פאַר־וואָס גראָד איצטער?...

— פאַראַן אַ קלאַנג, אַז די נאָרדאַמעריקאַנער קלײַבן זיך אַרויס־זעצן אינעם טאָקיער יאָם־פאַס — האָט דזינטאַן אָפּגעענטפערט. — איך האָב עס געהערט פון אָפיצירן אינעם הויפּטשטאַב פון מיזרעכדיקן באַ־צירק.

צו יענער צײַט איז ניט דזינטאַנען און ניט מיר באַקאַנט געווען דער פאַרבאָרגענער מיין פון דער הירָאָשימער באָמבע, פון דער „הילדע", ווי פּרעזידענט טרומאַן האָט זי צערטלעך אַ נאָמען געגעבן. הײַנט איז אונדז באַקאַנט, אַז שוין דעמאָלט האָט ער געוווסט, אַז אין צוויי טעג אַרום וועלן די רוסן אַרײַן אין קריג און וועלן זיך באַמיִען אונדז צו צעקלאַפּן וואָס פריִער. עס האָט דעריבער קיין שום זין נישט געהאַט צו וואַרפן די באָמבע אַף יאַפּאַן.

די קײַלעכדיקע באָמבע, קוים גרעסער פון אַ בייסבאָל־באַלעם, וואָס האָט אויפגעריסן אין דער לופטן אַ האַלבן קילאָמעטער הויך איבער דער יאַפּאַנישער שטאָט הירָאָשימאַ דעם 6טן אויגוסט 1945, איז באַשטימט

געווען אף עפּעס אַנדערש אין איז אויסגערעכנט געווען ניט אַזוי אַף
אַ סטראַטעגישן ווי אַף אַ פּאָליטישן עפעקט.
פונדעסטוועגן, וואָלטן מיר דאָס אַלץ שפּעטער באַדאַרפט פאַר־
שטיין.

.3

צוריקגעקומען אין מײַן ביוראָ, האָב איך אויפגעצויגן די פליגן־נעץ
און האָב מיך אַוועקגעלייגט אַפן דיוואַן. די נאַכט איז געווען אַ הייסע.
אַכוצדעם, האָט מען אין אַ ווײַל אַרום געמעלדעט אַ לופט־אַלאַרם, מען
האָט געמוזט אַראָפּלאָזן די שטאָרן איבער די פענצטער און דאָס צימער
איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריכטיקן אויוון. איך האָב מיך נישט
גערירט פונעם צימער, ווײַל לעצטנס האָבן די נאָרדאַמעריקאַנער אויפ־
געהערט וואַרפן באָמבעס אַפן קייזערלעכן פּאַלאַץ. די אַטאַקע פון די
„ב־29" האָט אָנגעהאַלטן פערציק מינוט.
אַרום צוויי אַזייגער פּאַרטאָג האָט מען מיך שוין אויפגעוועקט. מו־
סאָליני האָט פאַרהויבן די פליגן־נעץ און האָט מיר געגעבן עטלעכע
פעטשלעך אין די ליטקעס. הינטער אים איז געשטאַנען קאַפּיטאַן ביקאַ־
מי, דער יאַם־שפּינס אַדיוטאַנט. געהאַלטן האָט ער אַ לעמפּל אין דער
האַנט. ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אַף אים, האָב איך געגעבן אַ שפּרונג
אויף און האָב אַרויסגעכאַפּט פון אונטערן קישן דאָס זעקעלע מיט דער
קאַמייע און דעם רעוואָלווער.
— זיי האָבן זיך אַרויסגעזעצט ? עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן ?
— האָב איך אַ צערודערטער אַ פרעג געטאָן.
מוסאָליני האָט עפּעס אַ בורטשע געטאָן און האָט זיך גענומען ווישן
דאָס פּאָנעם מיט דעם אַרבל. איך האָב מיך אין איין אויגנבליק אָנגע־
טאָן און בין צו צו דער טיר.
— שנעלער קום !
נאָר ביידע האָבן זיי זיך אויפגעפירט זייער מאָדנע. מוסאָליני האָט
זיך אַוועקגעזעצט אַפן דיוואַן, האָט גענומען באַ מיר פון טיש אַ פּעכער
און זיך גענומען פאָכען פּאַמעלעך, איבערן קאָפּ. דער געפּוצטער מיקאַמי,
מיט די צוגעפּלעטשטע האָר, האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט און עפּעס
אַ בורטשע געטאָן. איך האָב אים איבערגעריסן :
— וואָס שטאַמלסטו דאָרט ? רעד ווי עס דאַרף צו זײַן !
— ס'האָט זיך אָנגעהויבן... — האָט מוסאָליני קוים אַרויסגע־
רעדט און האָט זיך אויסגעצויגן אַפן דיוואַן מיטן פּאָנעם צום אָנלען.
— ס'האָט זיך אָנגעהויבן — האָט מיקאַמי אַ מורמל געטאָן און
אָנגעוויזן מיטן פינגער אַף דער מאַפּע, וואָס איז געהאָנגען איבערן די־
וואַן. געווען איז עס די מאַפּע פון מאַנדזשוריע און פון מיזרעך־סיביר.
אָנגעהויבן ! אָנגעהויבן האָט זיך דאָס וואָס פאַר אונדז, זעלבער

פון דער אימפעריע, איז עס געווען אַ כאַלעם זינט צוואַנציק יאָר: די מילכאָמע קעגן רוסלאַנד!

מיקאַמי האָט אָנגעהויבן דערציילן, שלינגענדיק די ווערטער. מיט אַ האַלבער שאָ צוריק האָט זיך באַקומען די ערשטע ידיעס וועגן אָנהייב פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס אױף דער מאַנדזשוריער גרענעץ. די סאָוועטישע רעגירונג, אָנגעשלאָסן צו דער דערקלערונג פון די דרײַ מעלוכעס, האָט באַשלאָסן צווינגען יאַפּאַן זי זאָל אָפּשטעלן די מילכאָמע.

די גאַנצע פראַגע באַשטייט איצט אין וויסן צי האָט מען שוין באַנוצט די באָמבע „L". אין דער סעקציע אַרמייען פונעם גענעראַל־שטאַב איז קיינער נישט געווען אַכוץ די וואַך־אָפיצירן. געוווּסט האָבן זיי נאָר איין זאַך: אַ ז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן און דערוואַרט מער גאַרנישט. איך האָב אָנגעקלונגען צו דער קער־פּער־שאַפט פעלד־אַדיוטאַנטן, נאָר דזינטאַן איז נישט געווען. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צום מיניסטעריום. מען האָט נאָך גאַרנישט געהאַט צו וויסן געגעבן דורכן ראַדיאָ, נאָר אויסערגעוויינלעכע ידיעס ווערן פאַרשפּרייט מיט דער שנעלקייט פון אַ טייפון. די גאַס אַראָפּ וואָס פירט צום איטשיגאַזשאַדעי, איז פול געווען מיט אויטאָמאָבילן און מאָטאָציקלעטן.

די גאַנצע צײַט פון דער מילכאָמע, האָט מען נישט געזען אַזוי שפּעט אַזויפיל מענטשן פאַרזאַמלט אין דער מיניסטעריום־געבײַדע. יעדע נאַכט האָט זיך דאָס „נײַס־געסל" אַריבערגעצויגן צום ווײַטסטן דורכגאַנג אינעם קעלער, ווו עס זײַנען אַרויסגעקומען די טירן פונעם מיניסטערס ערשטן געהילף און פון דעם סעקרעטאַר. אַלע די מענטשן וואָס האָבן געהאַט אַ צוטריט צום מיניסטעריום, האָבן זיך דאָרט אָנגעשטעלט ווי אַפן פּעראָן פון דער אונטערבאַן אין דער צײַט פון גרעסטן פּאַרקער.

דער גענעראַל אומעצו איז געקומען זען אַנאַמין נאָכדעם ווי ער האָט גערעדט דורך דעם דירעקטן קאַבל מיט יאַמאַדאַ, דעם שעף פון דער קוואַנטונגער אַרמיי. באַם מיניסטער אין קאַבינעט האָט מען אָפּגעהאַלטן אַן עקסטרע זיצונג. פאַרופן האָט מען די מאַרשאַלן סוגיאַמאַ און כאַטאַ, אַלע מיטגלידער פונעם מיליטערישן ראַט, דעם גענעראַל טאַנאַקאַ, העכסטער שעף פון דעם מיליטער פון מיזרעכדיקן באַצירק, און אַנדערע מיטגלידער פון דער הויכער אָנפירונג.

געווען זײַנען מיר דאָרט ביז באַגינען, דערשעפּטע פון דער היץ און פון אומגעדולד. סאָפקאַלסאָף, האָט זיך די זיצונג פאַרענדיקט. ווען די גענעראַלן האָבן גענומען אַרויסגיין אין קאָרידאָר, האָבן מיר זיי אַ גרופּע אַרומגעשטעלט און גענומען שטעלן פראַגן, פאַרגעסנדיק אױף דער דיסציפּלין און אױף די קלאָלים פון דערצויגנקייט. מיר האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מענגע צעיושעטע רעפּאָרטערס. די גענעראַלן האָבן זיך פון אונדז אָוועקגעשאַרט און אַ וואָרט נישט געזאָגט.

דער שעף פון דער הויפּט־דירעקציע פון די לופט־קויכעס, טעראַ־מאַטאָ, האָט אַ וואָרף געטאָן אַ וואָרט ניט אָפּשטעלנדיק זיך:

— אַלץ איז פאַרויסגעזען.

דער שעף פון דער עלפטער אַרמיי, פורדזיע, וואָס איז געגאַנגען לעבן אים, האָט אַ שטאַמל געטאָן:

— איצט הייבט זיך אָן די עמעסע מילכאָמע.

און אַ נידעריקער דיקער גענעראַל מיט גרויסע אויגן — געווען איז עס גענעראַל דאָיכאַראַ, שעף פון דער דרײַצנטער אַרמיי — האָט פריילעך אויסגעשריגן:

— די קוואַנטונגער אַרמיי איז די ערשטע אין דער וועלט! אַבסאָ־לוט אומבאַזיגלעך!

איבער אַלע קאָרידאָרן האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן אומגיין קלאַנ־גען: דאָס מיליטער פון דער ערשטער אַרמיי שלאָגט זיך שוין אינעם באַצירק גראָדיעקאָוואָ; די טייל „גליק־לאַנג־לעבן" פון דער 17טער אַר־מיי האָט שוין פאַרנומען פּאָסיעט; די צווייטע לופט־אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פונעם גענעראַל־לייטענאַנט כאַראַדאַ, האָט שוין אויסגע־וויקלט אַ מאַסן־אַטאַקע אַף טשיטאַ; און די טייל „אויפריכטיק האַרץ" האָט שוין איבערגעשניטן דעם שאָסיי וולאַדיוואָסטאָק־כאַבאַראָווסק.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און האָב אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך פון דער טיפעניש פון האַרצן אַרויפגעשיקט אַ טפילע צו די געטער, צו אַלע געטער וואָס זײַנען פאַ־ראַן אַף דער וועלט. לעבן מיר האָט אַן אַרטילעריע־פּאָלקאָווניק אַ מורמל געטאָן:

— אונדזערע טאַנקען מוזן שוין איצט אָוואַדע קרייצן מאַנגאָליע אָנצוקומען צום בײַקאַל.

אין פינף מינוט אַרום האָט מיקאַמי, אַ פאַרשוויצטער, די האָר צע־פלויגן, זיך דורכגעשפּאַרט צו מיר פונעם אַנדערן עק קאָרידאָר און האָט מיר אָפּן אויער אײַנגערוימט:

— אונדזערע מיליטער־טיילן זײַנען שוין אַריבער דעם אַמור און מיט אַ שלאַכט גענומען בלאַגאָוויעטשענסק. די ליניע כאַבאַראָווסק־טשי־טאַ איז שוין איבערגעשניטן!

און, צום סאָף, איז שוין אומגעגאַנגען דער קלאַנג וואָס אַלע האָבן מיר געוואַרט אַף אים: דאָס געהיימע געווער „I" איז שוין באַנוצט געוואָרן. מען האָט שוין געוואָרפן באָמבעס אַף זיבעצן סיבירער שטעט!

עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— לעבן זאָל זײַן מאַיעסטעט!

אַלע האָבן מיר נאָכגעהאַלטן דעם וויוואַט.

איצט האָט נאָר איין זאַך געפעלט: אַז די אַלע קלאַנגען זאָלן באַ־שטעטיקט ווערן.

פונדעסטוועגן, האָט זיך קיין שום באַשטעטיקונג נישט באַקומען. אין דער פרימאָרגן־מיטיילונג פונעם גענעראַל־שטאַב האָט זיך בלויז גע־רעדט וועגן די נאָרדאַמעריקאַנער באָמבאַרדירונגען פון דער מיטלסטער און מײַרעוודיקער טייל כאַנדאָ, פון קיושו און טאָקיאָ פאַרן לעצטן מעס־לעס. נאָר פונעם נײַעם פראָנט איז נאָך קיין שום יעדיִע נישט געווען. אינעם צענטראַלן הויפּטשטאַב האָט מען געהערט די עמיסיע אין יאַפּאַ־נעזיש פון דעם כאַבאַראָווסקער ראַדיאָ: אויך אין דער עמיסיע האָט זיך גאָרנישט געזאָגט וועגן די שלאַכטן אויף דער גרענעץ.

פאַרקערט, האָבן אָנגעהויבן קומען יעדיִעס פון אַן אַנדער פראָנט. דער דאַזיקער פראָנט איז געווען באַ אונדז פאַר דער נאָז. אָנגעהויבן האָבן זיך אויסוויקלען אויף דעם פראָנט געשעענישן זייער באַאומרויִקנדיקע.

האַלב עלף פאַרמיטיק האָט דער העכסטער ראַט פון דער קריגס־פירונג אָפּגעהאַלטן אַן עקסטרע זיצונג. דער פרעמיער־מיניסטער סוצוקי און דער אויסערן־מיניסטער טאָגאָ האָבן דערקלערט, אַז איצט ווען דער ראַטנפאַרבאַנד האָט דעפינירט זײַן פּאָזיציע, פאַרשווינדן די לעצטע האָ־פענונגען אויף אַ גליקלעכן אויסגאַנג פונעם קריג. אַנגייען מיט דעם קריג באַ די נײַע באַדינגונגען, מיינט אײַנשטעלן אַלץ, דאָס הייסט, דעם גורל פון דער דינאַסטיע.

אַ ווײַלע פאַר דעם ווי די זיצונג האָט זיך געענדיקט האָט זיך באַקומען די יעדיִע פון נאַגאַסאַקי, אַז עלף אַזייגער האָט מען דאָרט אַראָפּגעוואָרפן אַ צווייטע אַטאָמישע באָמבע. דאָס מאָל האָט געליטן אַ הינטער־טייל פון דער שטאָט: די טייל ווו עס האָט זיך געפונען דער מעדיצינישער אינסטיטוט, אַ מוישעוו־זקיינים און אַ קאַטוילישער קלויס־טער.

דער פרעמיער־מיניסטער, וואָס איז געזעסן לעבן אַנאַמי, האָט אים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— די דאָזיקע באָמבע פאָדערט פון אונדז דעם געהעריקן אויספיר. אַנאַמי האָט אים געענטפערט אינעם זעלבן טאָן:

— דער הויפּטשטאַב פון דער 18טער אַרמיי מעלדעט, אַז עס זײַ־נען נישטאָ קיין פאַרלוסטן. בלויז צווישן דער באַפעלקערונג. מירן נאָך צוואַרטן מיט מאַכן אויספירונגען . . .

די זיצונג פונעם ראַט האָט זיך פאַרענדיקט צוויי אַזייגער באַטאָג, אָן וועלכן עס איז אָנגענומענעם באַשלוס.

האַלב דרײַ האָט זיך אָנגעהויבן די עקסטרע זיצונג פונעם מיניס־טאָרן־קאַבינעט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז צען אין אָוונט אָן אַן אי־בעררײַס. אין דער צײַט וואָס די מיניסטאָרן זײַנען פאַרזאַמלט געווען, האָט זיך באַקומען די יעדיִע, אַז דאָס סאָוועטישע מיליטער איז אַרײַן,

נאָך אַ שלאַכט, קיין מאַנדזשוריע. דערוויַיל זיַינען זיי אַריַינגעדרונגען פון מיַירעוור־זיַיט אין די סעקטאָרן פון דער באַן־סטאַנציע מאַנדזשוריאַ און פון טרזערעטשיַע און פון מיזרעך־זיַיט אין דאָרעם פון כונגטשון. די סאָוועטישע טאַנקען האָבן איבערגעריסן די ליניע פון אונדזערע גרענעץ־פאָרטיפיקאַציעס.

די מערהיַיט מיניסטאָרן איז געווען מיט דער מיינונג אַז דאָס וויַיטערדיקע אַנגיין מיט דער מילכאָמע קען שאַפן אַ געפאַר פאַר דער דינאַסטיע.

עלף מיט 55 באַנאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקסטרע זיצונג אין די קייזערלעכע זאַלן, אונטערן פאָרזיץ פונעם מיקאַדאָ. אַחוץ די מיטגלידער פונעם העכסטן ראָט פון דער קריגספירונג, איז בּיַיגעווען דער פאָרזיצער פונעם געהיימען ראָט. דער קריגס־מיניסטער האָט דערקלערט: „מיט דעם פולן גלויבן אַז פון אויבן וועט מען אונדז אָראָפּשיקן די מעגלעכקייט גליקלעך צו פאַרענדיקן די מילכאָמע, מוז מען צוואַרטן ביז עס וועט דעפינירט ווערן די שטעלונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן און דערוויַיל וויַיטער אָנגיין מיט דעם קריג אין מאַנדזשוריע". נאָכדעם ווי דער מיקאַדאָ האָט אויסגעהערט די רעדע פונעם קריגס־מיניסטער, האָט ער מאַסקים געווען מיט אַ שאָקל פונעם קאָפּ.

אין דעם אויגנבליק האָט מען אַריַינגעטראָגן דעם מיניסטער אַ טעלעגראַמע, אַן ערשט־דעשיפרירטע, פונעם שעף פון דער קוואַנטונגער אַרמיי. די סאָוועטישע טאַנקען אַוואַנסירן. בעמענדיק אין אַכט דעם שנעלן מאַרש פון דעם סאָוועטישן מיליטער אין דריַי ריכטונגען אויף כאַרבין, האָט מען געגעבן אַ פאַראָרדענונג דעם דעסטאַקאַמענט 731 זיך גרייטן צו דער עוואַקואַציע.

ווען דער מיקאַדאָ האָט איבערגעלייענט די טעלעגראַמע פון דעם גענעראַל יאַמאַדאַ, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און נאָך עטלעכע סעקונדן יישעוו, האָט ער פאַראָרדנט דער רעגירונג אָנצופרעגן בּאַ די אַליִרטע מעלוכעס צי וועט דאָס אָננעמען די פרידנס־באַדינגונגען האָבן אַן איַינפלוס אויף דעם יאַפּאַנישן מעלוכע־רעזשים.

די זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט האַלב דריַי פאַרטאָג. געווען איז עס אַ הייסע לעוואָנע־נאַכט. די נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאָנען האָבן זיך נישט באַוויזן, נאָר אָנשטאָט זיי האָט זיך פונעם פּאַלאַץ־גרוב אויפגעהויבן אַן אומגעהיַיערע מענגע מאָסקיטן — אַלע די וואָס זיַינען בּיַיגעווען די זיצונג האָבן זיך געפּאַטשט אָן אויפהער איבערן פּאָנעם: דאָס איינציקע מיטל צו פאַרטריַיבן די מאָסקיטן מיט רויך האָט מען נישט געקענט אָנווענדן מאַכמעס אינעם מיקאַדאָס אָנוועזנהייט טאָר מען ניט רייכערן.

דער אויסערן־מיניסטער האָט אויסגעפילט דעם מיקאַדאָס ווילן און האָט איבערגעגעבן די געזאַנדטע פון דער שווייץ און פון שוועדן די

אָנווײַזונג צו בעטן באַ די קעגנערישע מעלוכעס די פאַרזיכערונג, אַז נאָכן קריג זאָל פאַרבלײַבן די אויבערמאַכט פונעם אימפעראַטאָר.

פאַרן גאַנצן לאַנד האָט מען געהאַלטן שטרענג בעסאָד די שמועסן וואָס מען האָט גענומען פירן מיט דעם סוינע. די פרימאַרגן־צײַטונגען האָבן געדרוקט אַ רוף פונעם קריגס־מיניסטער, ווו ער האָט אויפגעפאָדערט די באַפעלקערונג פון דער אימפעריע זיך צו פאַרייניקן און ווײַטער אָנגיין מיט דער מילכאָמע.

5.

די סאָוועטישע טאַנקען אַוואַנסירן. צו מײַרעוו זײַנען זיי אַריבער כאַלכין־גאָל; צו צאָפן — סאַכאַליאַן; צו מיזרעך האָבן זיי געלאָזט הינטער זיך פּאָגראַניטשנאַיאַ, סאַנגטשאַגאָ און דונין. די ליניע פון ערשטן פראָנט איז געווען געבראָכן. די סאָוועטישע טאַנקען האָבן זיך מיט דער גאַנצער שנעלקייט געלאָזט לויפן צו פינפאַן.

דעם 12טן אויגוסט, צוויי אַזייגער פאַרטאָג, האָט דער נאָרדאַמעריקאַנער ראַדיאָ איבערגעגעבן אַ דערקלערונג פונעם שטאַטס־סעקרעטאַר בוירנס. נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון יאַפּאַן, האָט זיך געזאָגט אין דער דעקלאַראַציע, וועלן די רעכטן פונעם אימפעראַטאָר און פון דער רעגירונג באַשרענקט ווערן דורך דער אויטאָריטעט פון דעם העכסטן שעף פון דעם אַליאירטן מיליטער אין יאַפּאַן. דער אויסערן־מיניסטער האָט איבערגעגעבן דעם מיקאַדאָ דעם טעקסט פונעם ענטפער. דער מיקאַדאָ האָט פאַררופן אַ זיצונג פון די מיטגלידער פון דער קייזערלעכער פאַמיליע און האָט באַפוילן מען זאָל אים אינפאָרמירן מיקויעך דער סיטואַציע אין מאַנדזשוריע. די סאָוועטישע טאַנקען האָבן אַוואַנסירט. דער סוינע האָט פאַרנומען לאַפּעי און לאַהאַסוסו אַפן דאָרעם־ברעג פונעם אַמור; כוטאָו באַם מײַרעוו־ברעג פונעם אוסורי, און אַרגון אַפן מײַרעוו־פראָנט פון מאַנדזשוריע. אַלע מיטגלידער פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, אָנגעהויבן פון די פירשטן טשיטשיבו, טאַקאַמאַצו און מיקאַסאַ, דעם מיקאַדאָס ברידער, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז מען זאָל טייקעף אָנהייבן פירן שמועסן מיט נאָרדאַמעריקע און ענגלאַנד.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די עקסטרע זיצונג פונעם מיניסטאָרן־ראַט. דער גענעראַל אַנאַמי האָט דערקלערט, אַז די אַרמיי וואַרפט אָפּ מיט פאַרדרוס יעדן שמועס וועגן פרידן, וואָרעם פרידן מיינט אומקאַנדיציאָנעלע קאַפּיטולאַציע. די קאַפּיטולאַציע פאַר רוסלאַנד, ווען עס זײַנען נאָך פאַראַן האָפענונגען צו שליסן אַ שאָלעם מיט די פאַראייניקטע שטאַטן אויף אָנגענעמלעכע באַדינגונגען, מיינט דער זעלבסטמאָרד פון דער אימפעריע.

באַלד נאָכדעם ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאַבינעט־זיצונג זײַנען קליינע גרופּעס אָפיצירן אומגעפאָרן איבער דער שטאָט אין לאַסט־

אויטאָס און געוואָרפן פלוג־בלעטלעך, ווו מען האָט גערופן אַראָפּצו־וואַרפן די ציווילע רעגירונג. צווישן די אָפיצירן איז אומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די קוואַנטונג־אַרמיי איז אַריבער אין אַן אָפענסיווע.

די קאַבינעט־זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט שפּעט אין דער נאַכט. די מיניסטאָרן זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען נישט האָבנדיק אָנגענומען קיין שום באַשלוס. האַלבע נאַכט האָבן זיך באַקומען נײַע ידיעות. די סאָוועטישע טאַנקען אַוואַנסירן. זיי זײַנען שוין אַריבער די האָפּנס פונעם גרויסן כינגאַן. די באַפעסטיקטע ליניע כאַלון־אַרשאַן איז געוואָרן גע־בראָכן. דערנאָך האָט זיך באַקומען נאָך איין טעלעגראַמע, זייער אַ קור־צע, נאָר אוממעגלעך צו דעשיפרירן. קענטיק, מען האָט אינעם הויפּט־שטאַב פון דער קוואַנטונגער אַרמיי פאַרמישט אַלע ציפערן פון די שי־פער־שליסלען. אַזוינס טרעפט אין צוויי פאַלן: ווען עס גייט צו גוט אָדער ווען עס גייט צו שלעכט.

אויפן צווייטן טאָג, דעם 13טן אויגוסט, האָט זיך 2.35 נאָכמיטיק אָנגעהויבן אַ זיצונג פונעם העכסטן ראַט בײַ דער קריגספירונג. די פאָר־טרעטער פון דער מיליטערישער אָנפירונג האָבן ווידער דערקלערט אַז מען מוז ווײַטער אָנגיין מיט דער מילכאָמע ביז אַן ערנהאַפטן פרידן. אַלס ענטפער אַף דער פאָדערונג פונעם פרעמיער־מיניסטער מען זאָל אינפאָרמירן דער רעגירונג מיקויעך דער ריכטיקער סיטואַציע אַף די פראָנטן פון מאַנדזשוריע, האָט דער גענעראַל אַנאַמי געקוקט אַף דער סטעליע און געענטפערט, אַז אַף די מאַנדזשורישער פראָנטן וויקלען זיך אויס מיליטערישע אָפּעראַציעס, וואָס זייערע פּראָטים קען מען ניט באַ־קאַנט מאַכן אַלס מילכאָמע־סודעס.

דערנאָך איז פאַרופן געוואָרן אַן עקסטרע זיצונג פונעם מיניסטאָרן־ראַט. געדויערט האָט זי ביז נאַכט. די מיניסטאָרן זײַנען זיך ווידער פונאַנדערגעגאַנגען נישט האָבנדיק אָנגענומען קיין שום באַשלוס. דעם גאַנצן טאָג האָט מען פונעם פראָנט באַקומען בלויז איין ידיעה. די סאָ־וועטישע טאַנקען אַוואַנסירן. זיי קומען שוין צו צו סאַלון, כולין און מודאַנציאַנג.

גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט זײַנען צו מיר אין ביוראָ אַרײַנגעקומען קאַצומאַטאַ און מינע. געוועזן זײַנען זיי אויסערגעוויינלעך אויפגערעגט. זיי האָבן געהאַט אַ שמועס מיט אַ מאַיאָר, אַ בײַראַט פונעם מיניס־טער פון פאָלקס־געזונט אין מאַנטשוקואָ, וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון כסינקינג. דער מאַיאָר האָט געבראַכט דאָס שרעקלעכע נײַס: די פינפאַנער לאַבאָראַטאָריעס האָט מען אויפגעריסן.

מינע האָט צוגעלייגט קימאַט אַן אַ קאָל:

— אין דרײַ טעג זײַנען די רוסן שוין דורכגעגאַנגען צוויי הונ־דערט מיט זעכציק קילאָמעטער.

— אַלע האָפענונגען ליגן איצט אַף דעם מאַגאַטאַנער דעסטאַקאַ־

מענט 100 — האָב איך מיך אָנגערופֿן. — נאָר אויך דער דעסטאַקאַ־מענט קען זיך אינגיכן געפֿינען אין סאַקאָנע. מען מוז עוואַקוירן די פּרע־פֿאַראַטן וואָס גיכער קיין יאַפּאַן.

— די באַפֿעלקערונג ווייס שוין וואָס עס קומט פֿאַר אין מאַנדזשו־ריע — האָט קאַצומאַטאַ געזאָגט. — עס גייען אום קלאַנגען, אַז אין אייניקע שאָ אַרום וועלן זיך אויסזעצן רוסישע לופֿט־קויכעס אין כאַ־קאַידאָ און אין צורוגאַ. נאָר אינעם איטשיגאַזשאַדעי זאָגט מען, אַז נאָרד־אַמעריקע וועט גאָר אינגיכן צושטעלן אַן אולטימאַטום צו רוסלאַנד.

נאָך אַ קורצער פּויזע, האָב איך מיך אָפּגערופֿן:

— דאָס וואָס מען זאָגט וועגן די רוסישע לופֿט־קויכעס איז אַ ליגן, נאָר וואָס שייך דעם אולטימאַטום... קען עס פּאַסירן...

— זאָל עס מעגלעך זיין מיר זאָלן קיין צייט ניט האָבן צו נוצן די באָמבע? — האָט קאַצומאַטאַ אַ מורמל געטאָן. — פֿאַרוואָס האָט מען זיי ניט פֿאַבריצירט באַצייטנס? וואָס טראַכט זיך דער טיפּעש אישיי?

— די דאָזיקע באָמבע קען מען „אָנפֿילן" בלויז אינעם לעצטן מאָ־מענט, — האָב איך אויפֿגעקלערט, — קעדיי דאָס „אָנגעפֿילטע" זאָל זיין פֿריש און זיין ווירקזאַם. אַלע האָפֿענונגען ליגן איצט אַף מאַגאַטאָן. אויב מיר זאָלן איר ניט פֿאַרטיידיקן...

קאַצומאַטאַ האָט זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט און גענומען שלוכצן. דאָס אייגענע אויך מינע.

## 6.

דעם 14טן אויגוסט, אינדערפֿרי, האָבן זיך איבער דער שטאָט באַ־וויזן נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאָנען, וואָס האָבן אָנשטאָט באָמבעס גענו־מען אַראָפּוואַרפֿן בלעטלעך מיט דעם טעקסט פֿון דעם ענטפֿער אַף דער אָנפֿראַגע פֿון אונדזער רעגירונג.

10.45 פֿאַרמיטיק האָט זיך אינעם קייזערלעכן אָנטילופּט־באַהעל־טעניש אָנגעהויבן אַ זיצונג אונטערן פֿאָרזיץ פֿונעם אימפּעראַטאָר. אַכוץ די זעקס מיטגלידער פֿונעם העכסטן ראַט, האָט מען פֿאַרופֿן אַלע מיניס־טאָרן און דעם פֿאָרזיצער פֿונעם געהיימען ראַט. נישט אומזיסט האָבן די הויכגעשטעלטע לייט זיך באַראַטן די גאַנצע נאַכט: זיי האָבן זיך געגרייט צו דער לעצטער שלאַכט. אַף דער זיצונג האָט דער אימפּעראַ־טאָר באַדאַרפֿט אָננעמען אַ דעפֿיניטיוון באַשלוס. אַ ווײַלע פֿאַר דעם ווי די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דער אימפּעראַטאָר, מיסטאָמע אָנ־גערעגט דערצו מיצאַד די נאָטאַבלען, פֿאַראָרדנט מען זאָל אים צושטעלן די לעצטע מיטטיילונג פֿונעם שטאַב איבער דער קוואַנטונגער אַרמיי. מען האָט זי אים געמוזט צושטעלן. און, ווי זיי וואָלטן עס מיט אַ קיוון גע־

טאָן, האָבן די שיפרירער פון קוואַנטונג דאָס מאָל זיך נישט טויע געווען מיט דעם שליסל. דער טעקסט פון דער מיטטיילונג איז געווען דערדריקנדיק קלאָר, פונעם אָנהייב ביזן סאָף. די סאָוועטישע טאַנקען אַוואַנסירן. צוליב זייער דערנענטערן זיך צו כסינקינג, האָט מען געמוזט אויפרייַסן אַלע לאַבאָראַטאָריעס פונעם דעסטאַקאַמענט נומער 100 אין מאָגאַטאָן.

נאָכדעם ווי דער מיקאַדאָ האָט צום לעצטן מאָל אויסגעהערט די טייַנעס פון די אָנהענגער און פון די קעגנער ווייַטער אָנצוגיין מיט דעם קריג, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און איז אַזוי פאַרבליבן עטלעכע אומענדלעכע מינוטן. פונקט האַלבן טאָג האָט ער צוגעטראָגן דאָס טיכל צו די אויגן און האָט אַרויסגעבראַכט זייַן ווילן:

— זאָל מען צוגרייטן דעם טעקסט פונעם דעקרעט וועגן אָפּשטעלן דעם קריג.

אַלע האָבן אויסגעהערט דעם באַשלוס פונעם מיקאַדאָ שטייענדיק און מיט די הענט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם.

## 7.

נאָך איצט, נאָך פיר מיט אַ האַלבן יאָר, שוידער איך אויף נישט ווילנדיק ווען איך דערמאָן מיך יענע גרויליקע טעג. מיר האָבן דעמאָלט געמיינט די אימפּעריע גייט אונטער, אַז דאָס לאַנד פון די געטער פאַרשווינדט פון דער געשיכטע אַף אייביק, ווי עס פאַרשווינדן פון צייַט צו צייַט די אַטאָלן אַפן פּאַציפיק נאָך עפּעס אַן ערדציטערניש.

נאָך איצט קען איך מיר נישט דערקלערן וואָס אַזוינס האָט מיך, דעם שטענדיק קאַלטן און מעיושעוודיקן, געשטויסן צו אַזאַ נישט פאַרנונפטיקן שריט. די געשעענישן פון יענע טעג — מיטן אויגוסט 1945 — דעפילירן איצט אין מייַן זיקאָרן ווי רעשטלעך פון עפּעס אַ גרויליקן כאַלעם וואָס מען האָט קינדווייַז געזען.

איך בין נישט בעקויעך צו דערציילן מיט אַ שטיקל סיידער וואָס יענע נאַכט און יענעם פרימאָרגן איז געשען. דער פאַרשטאָרבענער גענעראַל אַנאַמי האָט אַף דער לעוואָנע געוויס געזען, ווי מען האָט דעמאָלט דערציילט, אַ בוים פון יעהודאָ און אַף דעם בוים אַ ווייַסן פוקס אַרויפגעקלעטערט, וואָס האָט צו אים געווונקען מיטן קאָפּ. ער האָט נאָך עפשער געקענט זען דעם בוים פון יעהודאָ אַף דער לעוואָנע, ווייַל אין דער טראַדיציע רעדט זיך דערוועגן, נאָר דער ווייַסער פוקס איז אָן שום סאָפעק געווען די פרוכט פון אַ צעמישעניש אינעם מיניסטער מויעך, אַ צעמישעניש, וואָס איז שנעל געשטיגן פון אויסגעשעפּטקייט אַ דאַנק זייַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט איבער דעם פּלאַן „צעבראָכענער יאַספּיס”.

אויך איך האָב אין יענע טעג געליטן פון אַ געוויסער מויעך־צעמישעניש אַ דאַנק דער צערודערונג און דער כראָנישער שלאָפלאָזיקייט.

נאָר אַזוי אַרום קען איך מיר דערקלערן מײַנע מײַסים אין דער נאַכט וואָס פאַר דעם 15טן אויגוסט, דער טאָג פון דער קאַפּיטולאַציע. און דערפאַר אייגנטלעך זײַנען מיר אינעם זיקאָרן פאַרבליבן בלויז רעשטלעך פון די געשעענישן.

איך געדענק ווי איך בין געגאַנגען צו דזינטאַנען ער זאָל מיר באַשטעטיקן צי איז עמעס, אַז די רוסן גרייטן זיך אַרויסזעצן דורך דער לופט מיליטער באַ די טויערן פון טאָקיאָ, אינעם אַעראָדראָם אין טאַקאָראַצאַוואַ. מיט דזינטאַנען איז געווען מוסאָליני און דער מאַיאָר כאַטאַנאַקאַ, פון דער לײַב־גוואַרדיע. געזאָגט האָבן זיי מיר, אַז די יעדיעס וועגן דעם אַז מען דערוואַרט אַ לאַנדונג פון די רוסן זײַנען עמעס. דערנאָך האָט דזינטאַן מיר מיטגעטיילט, אַז די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אָפּיצירן פונעם טאָקיער גאַרניזאָן האָט באַשלאָסן אַראָפּוואַרפן די רעגירונג און בעטן דעם מיקאַדאָ ער זאָל אַרויסגעבן אַ דעקרעט ווײַטער אָנצוגיין מיט דער מילכאָמע קעגן רוסלאַנד. די אַטאַקע איז באַשטימט געוואָרן אַף עלף אַזייגער אינאָוונט.

ווען דזינטאַן האָט מיך געפרעגט צי איך שליס מיך אָן צו זיי, האָב איך אים געענטפערט אַז „יאָ".

דער מאַיאָר כאַטאַנאַקאַ האָט מיך געוואָרנט: אין פאַל פון אַ דורכפאַל, וועט מען זיך מוזן אַ מיסע אָנטאָן און מען דאַרף דעריבער טראָגן באַ זיך אַ קאַנווערט מיט דעם לעצטן ווילן און געלט אַף קווורע. און, מיט אַ שמייכל, האָט ער צוגעגעבן:

— איר מעגט אויך צולייגן אַ געזעגענונגס־ליד און, אויב אײַך קלעקט צײַט דערויף, צוזוכן זיך אַ שיינעם בודיסטישן נאָמען אַף נאָכן טויט.

דזינטאַן האָט אים אַ בערויגעזער איבערגעריסן אינדערמיט:

— דאָס איז נישט מער ווי אַ פאָרזיכטיקייט. מען קען זיכער זײַן מיט אַ דערפאָלג. — ער האָט מיר געגעבן אַ פּאָר פּעטשלעך אין פּלייצע. — ווען גענעראַל אַנאַמי וועט צוזאַמענשטעלן אַ רעגירונג און וועט פּראָקלאַמירן, אַז זעכציק מיליאָן יאַפּאַנעזער זײַנען גרייט אַף זעלבסטמאָרד, וועט אונדז באַרדאַמעריקע פאַרשלאָגן צו פאַרענדיקן די פאַרטיע רעמי און מיר וועלן שליסן מיט איר אַ סעפּאַראַטן שאָלעם. דעמאָלט ערשט וועט זיך אָנהייבן דאָס אינטערעסאַנטסטע.

קיינער פון אונדז האָט אין דעם מאָמענט נײַט געוווסט, אַז די יעדיעס וועגן אַ באַלדיקער לאַנדונג פון סאָוועטישע פאַראַשוטיסטן אין טאַקאַראַצאַוואַ זײַנען נישט מער ווי ווערטער. נאָר אין יענע טעג האָבן מיר געגלויבט יעדן קלאַנג בענעגייע די רוסן. און ווען עמעצער וואָלט מיר דעמאָלט אָנגעקלונגען און געזאָגט: „די סאָוועטישע טאַנקען אַוואַנסירן צו אָסאַקאַ", וואָלט איך, אָנשטאָט אָפּשטעלן זיך אַ טראַכט צו טאָן, טייקעף, מעכאַניש צעפּויקט די יעדיע.

שנעל האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער קלאַנג וועגן די סאָוועטישע פּאַראַשוטיסטן און וועגן דעם אַז די רעגירונג האָט בעדייע איבערצוגעבן די הויפּטשטאָט די רוסן, נעמט זיך פון די בלעטלעך וואָס מען האָט אַראָפּגעוואָרפן אין די פאָרשטעטט פון טאָקיאָ — אין דער געגנט אינאָגאַשיראַ — פון אַ מיסטעריעזן אַוויאָן: טייל האָבן געזאָגט אַן אונדזעריקער, פונעם מאָדעל „כאַמאַקי", אַנדערע האָבן געזאָגט אַז אַ נאָרד־אַמעריקאַנער, פונעם מאָדעל „פּ־51". און די דאָזיקע געשיכטע איז געבליבן נישט אויפגעקלערט.

.8

עלף אַזייגער אינאָוונט איז דער מיקאַדאָ צוגעגאַנגען צום מיקראָפאָן אין איינעם פון די צימערן פון די קייזערלעכע אַפּאַרטאַמענטן און האָט אָנגעהויבן לייענען דעם טעקסט פונעם דעקרעט:

— איך, אין אַכט נעמענדיק די וועלט־לאַגע און דעם איצטיקן צושטאַנד אין דער אימפעריע, און ווינטשנדיק די לאַגע צו רעגולירן אַף אַן אויסערגעוויינלעכן אויפן, דערקלער איך דאָס ווײַטערדיקע פאַר מײַנע געטרײַע און פרומע אונטערטאַנען: איך האָב אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דער אימפעריאַלער רעגירונג באַקאַנט צו מאַכן נאָרדאַמעריקע, ענגלאַנד, כינע און דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַז זייער געמיינזאמע דעקלאראַציע איז אָנגענומען.

...איך האָב זײַנער צײַט דערקלערט מילכאָמע נאָרדאַמעריקע און ענגלאַנד בלויז קעדיי צו פאַרזיכערן די אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק פון דער אימפעריע און די רו אין מיזרעך־אַזיע, נישט האָבנדיק, נאַטירלעך, די קאַוואָנע צו פארגוואלטיקן די סוווערעניטעט פון אנדערע לענדער און אָנגרײַפן זייערע דאָמיניעס.

...ווען איך טראַכט וועגן מײַנע אונטערטאנען געפאַלענע אפן שלאַכטפעלד און וועגן זייערע אַרבעט־פלעצער, ווען איך טראַכט וועגן אַלע די וואָס האָבן דורך גוואַלד פאַרלוירן זייער לעבן, ווערן מײַנע פינף אינגעווייידן צעריסן פאַר ווייטיק.

...מיר זײַנען באַקאַנט די ריכטיקע געפילן פון מײַנע אונטערטאַנען, נאָר באַ דער איצטיקער לאַגע, מוז איך טראָגן אַף זיך דאָס אומדערטרעגלעכע און לײַדן דאָס אוממעגלעכע...

דעם מיקאַדאָס שטים איז אָפּגראַווירט געוואָרן אַף אַ דיסק. באַ דער צערעמאָניע פון אָפּגראַווירן דעם דיסק זײַנען בײַגעווען שימאָמוראַ, מיניסטער אָן פּאָרטפעל און דירעקטאָר פון אינפאָרמאַציע־ביוראָ, אייניקע מיטגלידער פונעם פּאַלאַץ־מיניסטעריום און עטלעכע באַאַמטע פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע. באַלד נאָכן אָפּגראַווירן, האָבן זיי זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם אַפּאַראַט און דער דיסק איז געגאַנגען פון האנט צו האנט. דער אָפיציר פון דער סעקציע אַרמייען פונעם גענעראל־שטאב, וואָס איז געשטאַנען באַ דער טיר מיט צוויי פּאָלקאָווניקעס פון דער קערפּערשאַפט

פעלד־אדיוטאנטן, האָט נישט געקענט מערקן ווער עס איז געבליבן מיט דעם דיסק. באַלד האָבן די באאמטע פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע אַף שנעל באַהאַלטן אין אַ וואַליזע דעם אפּאַראַט מיט דעם מיקראָפאָן און זײַנען אַרויס פון די אַפּאַרטאַמענטן אינאיינעם מיט דעם מיניסטער שימאָמוראַ.

געוועזן איז דעמאָלט עלף מיט דרײַ און צוואַנציק מינוטן באַנאַכט. דער אַטאַק האָט זיך אָנגעהויבן פינקטלעך מיט צוואַנציק מינוט פריִער.

**9.**

אינעם אויפשטאַנד האָבן אָנטיילגענומען בלויז אַ הייפל אָפיצירן, דעריקער לײַב־גוואַרדיע און עטלעכע צענדליק מיטגלידער פון עקסטרעם־רעכטע אָרגאַניזאַציעס: „די ווילע פון בושל־געשריי", „די שול פון גרויסן מיזרעך" און „די געזעלשאַפט פון דערלויכטענעם גײַסט". די איבעריקע האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק זיך אָנצושליסן. געוועזן זײַנען שוין צווישן זיי פאַרשפּרייט די ידיעות וועגן דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע אין מאַנדזשוריע. די ידיעות האָבן זיך גיך באַשטעטיקט: די סאָוועטישע טאַנקען מאַרשירן ווײַטער, זיי אַוואַנסירן צו כסינקינג אין דרײַ ריכטונגען, די פלאַנקען פון דער קוואַנטונגער אַרמיי ווערן שוין אָפּגעשטופּט.

די אויפשטענדלער האָבן פאַרכאַפּט די אַכט טירן דורך וועלכע מען קומט צו צום מיקאַדאָס רעזידענץ און האָבן אַוועקגעלייגט טויט דעם גענעראַל־לייטענאַנט מאַרי, קאָמאַנדיר פון לײַב־גוואַרדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַפעלן זײַנע רעגימענטער זיי זאָלן גיין אין אַטאַק. מיר האָבן לאַנג און אומזיסט געזוכט דעם דיסק מיט דעם קאַפּיטולאַציע־דעקרעט וואָס דער מיקאַדאָ האָט געלייענט, אַף נישט צו דערלאָזן מען זאָל אים איבערגעבן דורך ראַדיאָ.

גיך האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז אונדזער אויפשטאַנד וועט נישט געשטיצט פון דעם שטאַטישן גאַרניזאָן. פאַרטאָג האָט אַן אַדיוטאַנט פונעם קריגס־מיניסטער אָנגעקלונגען צו אונדזער הויפּטשטאַב, אַז אַנאַמי און אַנדערע גענעראַלן זײַנען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איך האָב אויפגענומען דאָס נײַס. דער אַדיוטאַנט האָט צוגעגעבן:

— אַלע וועלן מיר איצט גיין צום פּלאַץ פאַרן פּאַלאַץ און דאָרט נאָכטאָן דעם בײַשפּיל פון זייערע עקסעלענצן. די מיטגלידער פון די טראָן־טרײַע אָרגאַניזאַציעס וועלן אויך גיין מיט אונדז.

געזען האָט דזינטאַן ווי איך שטיי שטײַף און סאַלוטיר, האָט ער איבערגענומען באַ מיר פון די הענט דאָס טרײַבל און גענומען זיך אײַנהערן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— איר האָט באַשלאָסן זיך צעברעכן אַף שטיקלעך ווי דער יאַס־פּיס? גוט אַזוי. מירן אויך גיין. זאָל אײַך דער טויט גרינג זײַן.

אָנגעזאָגט האָט ער אַלעמען, אַז דאָס איבערנעמען די מאַכט וועט

אָפּגעלייגט צוליבן טויט פֿונעם גענעראַל אַנאַמי, וואָס איז באַשטימט געוועזן פֿאַר שעף פֿון דער אויסעראָרדנטלעכער רעגירונג. אַלע האָבן מיר באַשלאָסן אַוועקלאָזן זיך צום פּלאַץ און דאָרט אומקומען.

געוועזן זײַנען מיר אָפֿן אָפּשיידס־באַנקעט, ווען פֿון יאַקאָהאַמאַ איז אָנגעקומען אַף לאַסט־אויטאָס דער דעסטאַקאַמענט פֿונעם קאַפּיטאַן סאַ־סאַקי: צוואַנציק זעלנער און דרײַסיק שילער פֿון דער טעכנישער שול, מיטגלידער פֿון אַן אָרגאַניזאַציע טראַן־טרײַע. סאַסאַקי האָט זיך אָנגע־באָטן דורך ראַדיאָ איבערצוגעבן די מאָטיוון פֿונעם אויפֿשטאַנד: ער איז נישט געווענדט געווען קעגן דעם מיקאַדאָ, נאָר קעגן די וואָס האָבן צו שנעל זיך אונטערגעגעבן רוסלאַנד.

דזינטאַאַן האָט מיר פֿאַרגעלייגט באַגלייטן סאַסאַקין און קומען צום פּלאַץ נאָך דעם ראַדיפֿיצירן. ער און די איבעריקע מיט אים וועלן שוין דעמאָלט זײַן טויט. איך וועל דערקענען זייערע טויטע קערפּערס פֿון די קאַנווערטן מיט די נעמען.

לויט דזינטאַאַנס אָנווײַזונגען, האָט סאַסאַקי באַדאַרפֿט פֿויעלן עס זאָלן באַגיין זעלבסטמאָרד ניט בלויז זײַנע זעלנער, נאָר אויך די שילער. וואָס מער טויטע קערפּערס עס וועלן זײַן אָפֿן פּלאַץ, אַלץ בעסער. די נאָרד־אַמעריקאַנער וועלן זאָגן: „די אַלע טרײַע אונטערטאַנען זײַנען געשטאָרבן קעדיי אַרויסצוווײַזן זייער ליבע צום אימפּעראַטאָר. די דינאַסטיע איז אַ הייליקע זאַך באַ די יאַפּאַנעזער. מיר וועלן זי נישט אָנרירן”. וואָס מער טויטע, אַלץ בעסער.

— לאָמיר גיין — האָט סאַסאַקי אַ זאָג געטאָן און טיף זיך פֿאַר־נייגט פֿאַר אונדז.

איך האָב מיך אויך פֿאַרנייגט און האָב געזאָגט:

— לאָמיר גיין. זאָל דער טויט אונדז גרינג זײַן.

באַ דער טיר האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַף אַן אומבאַקאַנטן קאָ־לאָנעל, אַ הויכער און דאַרער פֿאַרשוין. די וואָנצעס באַ אים זײַנען גע־ווען אָראָפּגעהאָנגענע ווי באַ די קאָרעער. ער האָט אַוועקגענומען דזינ־טאַאַנען אין אַ ווינקל און דאָרט גענומען שטיל ריידן מיט אים. איך האָב ווידער סאַלוטירט מײַנע גוטעברידער און בין אַרויס אינדרויסן.

די ראַדיפֿיקאַציע האָט מען נישט געקענט מאַכן צוליב אַ לופֿט־אַלאַרעם: די ראַדיאָ־סטאַנציע האָט נישט פֿונקציאָנירט.

מיר זײַנען אַרויסגעקומען פֿון דער ראַדיאָ־סטאַנציע, זיך אויפֿגע־זעצט אַף די לאַסט־אויטאָס און האָבן באַשלאָסן אַ לעצטן מאָל אין לעבן דורכפֿאָרן די שטאָט. מיר זײַנען אַוועק צו קודאַנצאַקאַ, דערנאָך צו דער דאַמבע אָפֿן טײַך סומידאַ און פֿון דאָרט האָבן מיר זיך געלאָזט פֿאָרן צום פּלאַץ פֿאַרן פּאַלאַץ.

## .10

ווען מיר זײַנען צוגעקומען צו דער נישיקיטשאַ־דאַמבע, האָט דער קאַפּיטאַן סאַסאַקי אַלעמען באַפוילן אַראָפּגיין פון די לאַסט־אויטאָס און זיך אויסשטעלן. ער האָט אַ קורצע רעדע געהאַלטן, אַז מיט אַ צעריסן האַרץ פון מיטלייד צום פאָלק, דעם אויסדערוויילטן פון די געטער, וואָס האָט מאַקריוו געווען הונדערטער טויזנטער פון זײַנע בעסטע זין און טעכטער אינעם הייליקן קאַמף פאַרן גליק פון דער אימפּעריע, און מיט זאָרג פאַר דער צוקונפט פון דער מענטשהײַט, האָט דער מיקאַדאָ געהאַט דעם קאָוועד יענע נאַכט די האַנט אויפצוהייבן אַף זײַן אייגן לעבן און אַוועק אַף יענער וועלט. אַלע געטרײַע אונטערטאַנען וואָלטן באַדאַרפט נאָכטאָן זײַן מאַיעסטעט און נעמען אַף זיך די שולד פאַר נישט קענען אויפהיטן זײַן קייזערלעך לעבן. שוין איצט באַדאַרפן זיי אַריבערגיין אַפן פלאַץ און אויספילן זייער גרויסן כויוו.

פאַרענדיקט די רעדע, האָט סאַסאַקי באַפוילן דעם דעסטאַקאַמענט אים נאָכצוגיין. טייל זעלנער זײַנען שנעל אַוועק פון אונדז און גענומען לויפן צו אַ לאַסט־אויטאָ, אַנדערע זײַנען זיי נאָכגעלאָפן. איך האָב אויסגעשאָסן אַף דער גרופּע נאָר קיינעם ניט געטראָפן. סאַסאַקי האָט אויסגעשאָסן און איינער פון די זעלנער איז געפאַלן. די איבעריקע האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אַפן לאַסט־אויטאָ און זײַנען שנעל אַנטלאָפן.

סאַסאַקי האָט באַפוילן די פאַרבליבענע:

— מאַרש! — און זיך געלאָזט שפּאַנען דער ערשטער צום טאַקט.

פאַר אונדז איז געלעגן דער פלאַץ פאַרן פאַלאַץ. דאָרט פלעגט שטענדיק הערשן אַ פײַערלעכע שטילקייט, נאָר אין דעם פרימאָרגן איז די שטילקייט געווען אַ באַזונדערס פײַערלעכע. אין פאַרשיידענע ערטער אַפן פלאַץ האָט מען געזען טויטע גרופּעסווײַז אָדער באַזונדער. אַלע אין דער זעלבער פּאָזע: מיטן מויל אַראָפּ, די פיס אַרונטערגענומען, ווי זיי וואָלטן זיך געבוקט פאַר דער קייזערלעכער רעזידענץ. לעבן יעדן איז בײַ דער זײַט געלעגן אַ קאָנווערט און עפּעס אַ פּעקל.

הינטער אַ הילצערנעם פּלויט, פאַר דער בריק וואָס פירט צו דער הויפּט־טיר, איז געשטאַנען פּאָליציי. עטלעכע טריט ווײַטער, אַף דער ערד זיצנדיק, האָבן צוויי מענטשן אין ציווילער קליידונג פון קאַקי־קאָליר, אַוועקגעלייגט לעבן זיך די פּעקלעך, האָבן זיך פאַרנייגט פאַרן פּאַלאַץ און אויסגעשאָסן איינער אינעם צווייטן. אַ ווײַלע שפּעטער זײַנען די פּאָליציאַנטן צו זיי צוגעקומען, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין דער געהעריקער פּאָזע, אַוועקגערוקט די פּעקלעך זיי זאָלן זיך ניט אײַנשמירן אינעם בלוט און זײַנען אַוועק צוריק הינטערן פּלויט. פּאָליציי האָט ניט געשטערט די געטרײַע אונטערטאַנען אָפּצוטראָגן זיך פונעם לעבן: זי האָט בלויז געהיט די אָרדענונג.

אין איין עק פלאַץ, לעבן דער באַלוסטראַדע, זײַנען געליגן עטלעכע רייען טויטע. אַלע אין אוניפאָרם. איך האָב אַ צייכן געגעבן מיטן קאָפּ צו סאַסאַקין, אים אָנגעוויזן מיטן פינגער צו דער באַלוסטראַדע און בין שנעל אַוועק אַהינצו. אָן ערעך צוואַנציק טויטע זײַנען דאָרט געליגן מיטן מויל אַראָפּ אין דרײַ רייען. אין דער דריטער ריי זײַנען לעבן די טויטע נישט געווען קיין קאָנווערטן און נישט קיין פעקלעך. לעבן די טויטע אין דער צווייטער ריי זײַנען געליגן די קאָנווערטן מיט די נעמען פון דזינטאָנען, מוסאָלינין, כאַנטאַנאַקאַ, קאַצומאַטאַ און מינע.

צי דערפאַר וואָס מײַנע גוטע־ברידער זײַנען געליגן אין אַזאַ מאָד־נער פּאָזע אָדער דערפאַר וואָס דער טויט פאַרענדערט שטענדיק דעם מענטשן, נאָר געדאַכט האָט זיך מיר, אַז אַלע זעען זיי אויס אַנדערש. כינטאַן האָט מיר אויסגעזען העכער און מוסאָליני דיקער. נאָר צווייפלען האָט מען נישט געקענט : אָף די קאָנווערטן זײַנען אויפגעשריבן געווען זייערע נעמען ; דערצו נאָך האָט פון אונטער דזינטאָנען אַרויסגעשטעקט זײַן עלפאַנטביינערן מיט זילבער באַשלאָגן הענטל פון אַ זעבל. איך האָב אויסגעטאָן דאָס היטל און האָב מיך געשטעלט אָף די קניִען. דערנאָך האָב איך מיר אויסגעקליבן אַ פלאַץ. הינטער קאַצומאַטאַן איז געליגן אַ טויטער אָן אַ זעבל און אָן אַ קאָנווערט באַ דער זײַט. איך האָב אַוועק־געלייגט לעבן אים מײַן זעבל, מײַן רעוואָלווער, מײַן קאָנווערט מיט מײַן לעצטער פּאָעזיע און אַ ביסל געלט. געוואָלט האָב איך שטאַרבן צווישן דזינטאָנען און קאַצומאַטאַן.

הינטער מיר האָט דאָס זאַמד אַ סקריפּע געטאָן. צוגעקומען זײַנען דרײַ קאַדעטן און האָבן מיר געגריסט, דערנאָך האָבן זיי געקניט מיטן פּאָנעם צו דער טיר און האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָף דער ערד. איינער האָט אויפגעשטעקט אַ פעלדפלאַש, האָט פון איר אַ זופּ געטאָן און האָט זי דערלאַנגט דעם צווייטן.

איך האָב געקוקט אין דער זײַט פון סאַסאַקין. ער האָט דעם רעשט פון זײַן דעסטאַקאַמענט אַוועקגעפירט צום אַנדערן עק פלאַץ. טייל זײַ־נען שוין געזעסן אָף דער ערד ; אַנדערע זײַנען נאָך געשטאַנען. סאַסאַקי איז געזעסן דער ערשטער, שטאַרק אײַנגעבויגן אָף פאָרויס : ער איז שוין אַוואַדע געשטאָרבן. באַדאַרפט וואָלט ער זיך טייטן דער לעצטער, נאָר ער האָט זיך צוגעאײַלט, מיס־אַמע קעדיי צו ווײַזן אַ בײַשפּיל. איינער פון די זיצנדיקע איז געפאַל, אָף א זײַט מיט א קורצן זעבל אינעם בויך אײַנגעשטאָכן. צוערשט האָט ער אַ געשריי געטאָן, דערנאָך האָט ער זיך געגומען קאָרטשען. דערהערט האָבן זיך באַלד דערויף צוויי טעמפּע קנאַלן און אומגעפאַלן זײַנען די צוויי פּאָדערשטע. זייער בײַשפּיל האָט זיך פונדעסטוועגן, אָף די אַנדערע ניט אויסגעשפּרייט : מיסטאָמע וואַק־לען זיי זיך. איך האָב זיי אַ ווונק געגעבן — נו שוין ! — נאָר זיי האָבן

מײַן װוּנק נישט באַמערקט. דאַן בין איך צוגעלאָפן צו זיי און האָב מיך צעשריגן:

— וואָס טוט איר דאָ? אַף וואָס וואַרט איר?

קיינער האָט מיר נישט געענטפערט. איך האָב די פראַגע איבער־געכאַזערט:

— אַף וואָס וואַרט איר? ווו זײַנען די זעלנער?

— זיי זײַנען זיך צעלאָפן — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די ייִנגלעך.

געשטאַנען זײַנען זיי אַלע אינײנעם. קאָלזמאַן מיר זײַנען אומגע־פאָרן איבער דער שטאָט און פון צײַט צו צײַט אויסגעשאָסן אין דער לופטן, האָבן זיך די יונגעלײַט אויפגעפירט גאַנץ ווירדיק, נאָר דאָ, אַפן פלאַץ, האָט זיך זייער קוראַזש גיך אויסגעוועפט. דעם עלצטן פון זיי איז געווען נישט מער ווי אַ יאָר זעכצן.

— זעצט אײַך אַוועק און טוט אײַער פליכט — האָב איך זיי גאַנץ רויִק באַפוילן. — באַפלעקט נישט דעם נאָמען זעלבסטמערדער.

הינטער אונדז האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מענטשן. לויטן אויסזען, זײַנען זיי אַהער געקומען צופעליק און האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר נײַ־גיריקייט. טייל האָבן געטראָגן קויטיקע העמדלעך און קורצע הויזן; אַנ־דערע האָבן געטראָגן שטויב־מאַנטלען ווי בײַ דער אַרבעט. אַף די קעל־נער האָבן זיי געהאַט ווײַסע יעראָגליפן: שיבאַהוראַ־פאַבריק.

— שנעלער! — האָב איך אַ זאָג געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ צו אַ ייִנגל מיט ברילן און אַ ווײַסן באַנד אַפן שטערן. — באַווײַז דײַנע כאַוויירים, אַז דו ביסט אַ יאַפּאַנעזער. גיב אַ בײַשפּיל. האָסטו צוגעגרייט דעם בריוו מיט דעם געלט?

— ניין... דערצו נאָך האָבן מיר די ביקסן איבערגעלאָזט אינעם לאַסט־אויטאָ — האָט ער געענטפערט און געקוקט ערגעץ אַנדערש. — די זעבלען אויך...

— האָט קיינער נישט פון אײַך אַ מעסער?

נאָך אַ קורצן שווײַגן, האָט איינער געענטפערט:

— איך האָב, נאָר ער טויג ניט. ס'איז אַ פען־מעסערל.

איך האָב מיך געכאַפּט צו דער הינטערשטער קעשענע, נאָר איך האָב מיט זיך קיין צווייטן רעוואָלווער נישט געהאַט. ווען איך האָב די האַנט אַרויסגענומען, איז בײַ מיר עפּעס אַף דער ערד אַראָפּגעפאַלן: דאָס טעשל מיט דער קאַמייע. איך האָב עס אויפגעהויבן און צוריק אַרײַנגעלייגט אין קעשענע.

— די האַרן שילער ווילן ניט שטאַרבן — האָט עמעצער הינטער מיר אַ סיסקע געטאָן — און איר צווינגט זיי מיט גוואַלד...

איך האָב מיך אומגעדרייט. געשטאַנען איז פאַר מיר שוין אַן על־טערער מענטש מיט אַ צעקנייטשט היטל און אַ פאַרפעצטן סאַרגענעם אַנצוג.

— וואָס גייט עס דיר אָן ? — האָב איך אָנגעשריגן אַף אים. — גיי דיר דײַן וועג. נישטאָ דאָ וואָס צו זען.

— זיי זײַנען נאָך שנעקעס. פאַרוואָס דאַרפן זיי שטאַרבן ? — האָט געפרעגט אַ צווייטער מיט אַ פאַרברוינטן פּאָנעם, און אַ העמדל מיט קורצע אַרבל. — לאָזט זיי אַהיימגיין.

— גיי דיר און שטער ניט ! וועסט שטערן וועל איך שיסן ! — האָב איך אַ דראָע געטאָן און אַ פּאַטש געטאָן איבער דער קעשענע.

אַ פרוי מיט אַ קײַלעכדיקן פּאָנעם, אין ברייטע הויזן, האָט זיך גע־שטעלט אַף דער זײַט פונעם אַרבעטער:

— אויס מילכאָמע... מ׳עט עס באַלד צו וויסן געבן אין ראַדיאָ.

— אײַך בײַסט אין בויך, שיסט אײַך, נאָר אַנדערע דאַרפט איר נישט צווינגען. — האָט זיך ווידער אָנגערופן דער וואָס מיטן פאַרברוינטן פּאָנעם.

איך האָב מיך אַרומגעקוקט. שנעל, קימאַט געלאָפן זײַנען די שי־לער צום מיקאַדאָס פּאַלאַץ. איך האָב ניט געהאַט קיין געווער. און פאַר מיר זײַנען געשטאַנען פינף מענער און אַ פרוי. טאָמער וועט קומען צו אַ געשלעג, האָט שוין איינער געהאַלטן גרייט אַ הילצערנעם שוך פונעם פוס אַראָפּגענומען.

— באַנדיטן ! — האָב איך אַ צישע געטאָן און אויסגעשפּיגן, — ברוטן !

דער עלטערער צווישן זיי האָט מיט דער צונג אַ קנאַק געטאָן:

— נאָר נישט באַליידיקן. היט אײַך דעם קאָוועד פאַר דעם טויט.

דער וואָס האָט געהאַלטן דעם שוך אין דער האַנט האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דער אַלטער האָט אים אָפּגעהאַלטן. זיי האָבן זיך גע־לאָ,ט גיין צום פּאַרק. איך האָב זיי אַ לענגערע ווײַלע נאָכגעקוקט און האָב פאַרקלעמט די ציין.

אָט די סאָנים פון דער אימפּעריע וועלן איצט דעם קאָפּ אויפהייבן. ווער וועט זיך זיי איצט אַקעגנשטעלן און פאַרטיידיקן די בראַקאַטענע פאָן מיט דעם אימפּעריאַלן הערב ? דעם מיקאַדאָס טרײַע דינער שטאַרבן איצט דאָ אַפּן פּלאַץ. און וואָס מער טויטע דאָ וועלן זײַן, אַלץ גרינגער וועט זיך די סאָנים אײַנגעבן דורכצופירן זייערע שענדלעכע צילן.

עטלעכע אַוויאָנען זײַנען אַדורכגעפלויגן נידעריק איבערן פּלאַץ און האָבן אַראָפּגעוואָרפן פלוגבלעטלעך. ווי ווײַנשל־צווייט זײַנען די בלעט־לעך לאַנגזאַם געפאַלן איבער די טויטע. איך האָב אויפגעהויבן אַ בלעטל וואָס איז אַראָפּגעפאַלן נאָענט פון סאַסאַקין. אויפגעפאָדערט האָט עס אַלע טרײַע קינדער פונעם מיקאַדאָ אַוועקצולאָזן זיך מיט זייער געווער צום באַרג אַטאַגאָ זיך שלאָגן ביזן סאָף פאַרן קאָוועד און פאַר דער ווערדע פון דער קייזערלעכער כריזאַנטעמע.

איך האָב דאָס בלעטל באַהאַלטן אין קעשענע. איצט וועלן די רוי־

טע דעם קאָפּ אויפהייבן. ווער ווייס איצט קעמפן אַקעגן זיי? די מיל־כאָמע איז פאַרענדיקט. אַ נײַע מילכאָמע הייבט זיך אָן.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צום בארג אַטאַגאַ, נאָר צוקומען אַהין איז מיר נישט געלונגען. דער גאַנצער סעקטאָר איז אַרומגעשטעלט גע־ווען מיט פּאָליציי און זשאַנדאַרן, וואָס האָבן קיינעם נישט אַדורכגעלאָזט. איך בין צוגעגאַנגען צו אַן אַלטן פּאָליציאַנט און האָב אים געזאָגט:

— איך וועל מיך ניט אַנשליסן צו די אויפשטענדלער. איך וויל בלויז צוקומען צום בארג און דאָרט אויסקלײַבן מיר אַן אָרט צום שטאַרבן. דאָס איז מײַן איינציקער באַגער.

— צום אומגליק... קענען מיר קיינעם ניט דורכלאָזן, ווײַל דאָרט האָבן זיך באַפעסטיקט די בונטאָווטשיקעס. דאָס בעסטע פאַר אײַך איז צוגיין צום פּלאַץ פאַרן פּאַלאַץ. דאָרט דאַכט מיר איז נישט פאַרצוימט — האָט דער פּאָליציאַנט געענטפערט.

איך האָב אַרויסגענומען אַ פּעקל ציגאַרעטן און אים מעכאַבעד גע־ווען. דער פּאָליציאַנט האָט סאַלוטירט און גענומען דעם ציגאַרעט.

— אַפן פּלאַץ פאַרן פּאַלאַץ איז שוין פאַראַן אַן אַנגעלויף פון נײַ־גיריקע — האָב איך געזאָגט. — איך וואָלט נישט געוואָלט מען זאָל קוקן ווי איך שטאַרב... דאָ, אַפן באַרג, וואָלט בעסער געווען.

— אויב אַזוי גייט צו אין אַוענאַ־פּאַרק — האָט מיר דער פּאָלי־ציאַנט געראָטן. — דאָרט, לעבן דעם טעמפּל קאַנעי, איז קיינער נישטאָ. דאָס איינציקע וואָס איר דאַרפט טאָן איז איבערלאָזן באַ דער זײַט אַ ווי־זיט־קאַרטל און דעם אַדרעס פון אײַערע קרויווים — און דער פּאָליציאַנט האָט מיר ווידער מיט דערעכערעץ געגריסט.

איך האָב מיך געלאָזט גיין אָן אַ באַשטימטער ריכטונג. די צע־רייצטקייט, וואָס האָט מיך באַנאַכט אַרומגעכאַפּט, האָט גענומען אויס־וועפּן, ווי עס וועפּט אויס די ווירקונג פון אַ נאַרקאָטיק. דער גוף איז פאַרשלעפּערט געוואָרן און נאָר די פיס האָבן זיך באַוועגט. געשפּאַנט האָב איך איבער אַ פּוסטן פעלד, אַן אַנגעוואָרפענעם מיט צעבראָכענע דאַכלקעס, שטיקער בלעך, אָפּגעברענטע שטיינער. צווישן בערג מיט אַש האָבן אַרויסגעקוקט צעקרומטע לאַמטערן־סטויפּעס און שוואַרצע ביימער מיט רעשטן פון צווײַגן. הינטער אַן אײַזערנער קראַטע, אין אַ טראַנשייע, זײַנען געליגן שוואַרצע אײַנגעפּלאַכטענע ליאַלקעס: מענטשן לעבעדיק־פאַרברענטע. איך בין אַרויף אַף אַן אַספאַלטירטן שאָסיי, מיט טראַמווײַ־רעלצן. געשפּאַנט האָבן איבער אים מענטשן מיט קלומקעס: סײַ די מענטשן און סײַ די קלומקעס האָבן געהאַט דעם זעלבן קאָליר ווי דאָס פעלד.

צוגעקומען בין איך צו אַ קוואַרטאַל נישט באַרירטע הײַזער. אַ גרויס רעדל מענטשן איז געשטאַנען אַרום אַ הויכריידער. אַ פּאָליציאַנט האָט מיט צייכנס אָנגעוויזן די פאַרבײַגייער און וועלאָסיפּעדיסטן, אַז זיי

דאַרפן זיך אָפּשטעלן און די היטלען אַראָפּנעמען. דערגאַנגען זײַנען צו מיר עטלעכע ווערטער: זאָרגן פאַרן ווילזײַן פון די אונטערטאַנען פון דער אימפעריע און זען אַז אַלע לענדער זאָלן טיילן די פרייד פון דער געמיינזאַמער בליִונג, דאָס איז דער פאָרשריפט פון מײַנע הימלשע אָוועס, און אין דער ריכטונג האָב איך געאַרבעט נישט מיד ווערנדיק... ווען איך טראַכט אין מײַנע געטרײַע אונטערטאַנען... ווערן מײַנע פינף אינגעווייִדן צעריסן פון ווייטיק..."

גערוען איז עס דאָס קאָל פונעם מיקאַדאָ: זײַן דעקרעט אָפּצושטעלן דעם קריג. דער אוילעם איז געשטאַנען אומבאַוועגט און געשוויגן, ניט אַרויסגעוויזן קיין ווייטיק און קיין פרייד. אויפגעזונגען האָט דער נאַציאָנאַלער הימן. דער אוילעם איז ווײַטער געשטאַנען און געשוויגן.

דורכגעגאַנגען בין איך עטלעכע גאַסן. בעערעך ווייניק געשעדיקטע, נאָר אינגאַנצן פוסטע. אַף אַ ראָג, פאַר די רעשטן פון אַן אָפּגעברענט פאָליציי־בײַדל, האָב איך אָנגעטראָפן אַ יונגע פרוי, מיט אַ צעקרומטער פאַרקעמעכץ, וואָס האָט געוויגט אַ קינד אַ צוגעבונדנס בײַ איר אַפן רוקן. איך בין צו איר צוגעגאַנגען און האָב זי געפרעגט וואָס פאַר אַ געגנט דאָס איז. די פרוי האָט מיר מיט אַ שמייכל געענטפערט: „איצט בין איך אַ בושל און וועל אינגיכן אַוועקפליִען". דערנאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן און האָט גראַציעז געוויגט מיטן קאָפּ און צוגעקלאַפּט מיטן פוס. געטראָגן האָט זי אַפן רוקן צוגעבונדן אַ וואַזע מיט אַ צעשפּאָלטענעם העלדזל. איך האָב זיך געלאָזט גיין ווײַטער, קוים שלעפנדיק די פיס, אַ וואַקלדיקער. אַף אַ טראַמוויי־סלופּ האָב איך איבערגעלייענט דעם נאָמען פונעם אָפּשטעל־פונקט און האָב פאַרשטאַנען וווּהין די פיס פירן מיך. איך בין אַרויפגעגאַנגען אַ מעשופּעדיק געסל, האָב פאַרקירעוועט בײַ דער ערשטער ליק און בין צוגעקומען צום אַרײַנגאַנג אינעם הויז וווּ די יאַם־שפּין האָט געוווינט. נאָר קיין הויז איז שוין ניט געווען. געווען איז עס אַ הויפן ברעטער, רעשטן פון טירן, צעבראָכענע דאַכלקעס, שערבלעך פון געשיר. לעבן דעם צעקרומטן טויער איז געליגן אַן אומגעוואַלגערטער אַ צעבויגענער אײַזערנער שראַנק. דאָס הויז האָבן גראַנאַטן כאָרעוו געמאַכט.

אָנגעשטרענגט האָב איך מײַנע לעצטע קויכעס און בין ווײַטער געגאַנגען. דערזען האָב איך באַלד די גוט־באַקאַנטע מיר קראַטעס פון דעם קאָמונאַלן הויז וווּ איאי האָט געוווינט. נאָכדעם ווי איך האָב שטיל געעפנט די פאָרטקע, האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער שוועל. איך בין שוין געווען אינגאַנצן אָן קויכעס.

די דינסטן האָבן מיר די שטיוול אַראָפּגעצויגן און האָבן מיך אַרײַנגעטראָגן צו איאי אין צימער. די טיר פון דער טעראַסע איז געווען אָפן. אין אַ ווינקל גאָרטן האָבן אָפיצירן געברענט טעקעס מיט פאַפּירן; אַנדערע האָבן אין אַ טיפן גרוב אַראָפּגעלאָזט קאַסטנס אײַנגעוויקלטע אין

זעגל־שטאָף. צווישן די אָפּיצירן האָב איך באַמערקט מיקאַמען און דעם הויכן קאַלאָנעל מיט די קאַרעזשע וואָנצעס, וועלכן איך האָב שוין געקענט. ער האָט געהאַלטן אין איבערקלײַבן פּאַפּירן: טייל האָט ער צעריסן און געוואָרפן אין פײַער אַרײַן און טייל האָט ער אַרײַנגעלייגט אין אַ קאַסטן. אין צימער איז אַרײַנגעקומען איזאָ מיט אַ רעקל, דאָס העמד אויסגעשמירט מיט ערד און מיט סאַזשע. ער האָט אָפּגעווישט די הענט מיט אַ האַנטעך, האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר און האָט מיר גענומען גאַנץ געשיקט מאַכן מאַסאַזשן אויף די אַקסלען.

— אַלץ איז אין שאַרבנס צעבראָכן — האָב איך אַ מורמל געטאָן.
— און אונדזער אַלטנס הויז...

— דער אַלטער לעבט — האָט מיך איזאָ באַרויִקט. דערנאָך האָט ער מיר דערציילט ווי דאָס אַלץ האָט פּאַסירט. אינדערפרי איז צום הויז פון דער יאַם־שפּין צוגעפאָרן אַ גרופּע ציווילע, וואָס האָבן אָוואַדע געמיינט, אַז דאָרט וווינט אַ מיניסטער, און האָבן גענומען וואַרפן גראַנאַטן. דער אַלטער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין גאָרטן און אַ דאַנק דעם איז ער לעבן געבליבן, כאָטש ניט אויסגעמיטן האָט ער אַ קלאַפּ. ווען די איבערפאַלער האָבן זיך אַרומגעזוכט אויף זייער טאָעס, האָבן זיי זיך אַנטשולדיקט און האָבן אים אַוועקגעפירט מיט זיך... דאָס זײַנען אָוואַדע געווען מיטגלידער פון די טראַן־טרײַע.

— איך וועל מיך אַביסל אויסרוען און דערנאָך, אַלנפאַלס, וועל איך אַוועק... צום פּלאַץ — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— צו וואָס האָסטו זיך אַרײַנגעמישט אין דער אידיאָטישער געשיכטע? האָסט געגלויבט אינעם קלאַנג וועגן דער רוסישער אַרויסזעצונג?
— האָט מיך איזאָ גענומען מוסערן. — איך ראָט דיר לעבן צו בלײַבן און ערגעץ זיך אויסצובאַהאַלטן אַ שטיקל צײַט. אַלע באַטייליקטע אינעם אויפשטאַנד וועט מען אַרעסטירן אַלס בונטאַרן. און וואָס איז מיקויעך די נאָרדאַמעריקאַנער געפאַנגענע? האָסט געמאַכט קימאַטאַרי?

איך האָב שטיל מאַסקים געווען.

— אויב אַזוי וואָרט אויף דיר דאָס נאָרדאַמעריקאַנישע קריגס־געריכט. וועסט דיך מוזן אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ „באַסט" — האָט איזאָ געלאָזט פאַלן אַ וואָרט און איז אַרויס פונעם צימער.

אַן אַלטע דינסט האָט אַרײַנגעבראַכט אַ פלאַש רויטן ווײַן און האָט מיך געצוואונגען אויסטרינקען אַ גרויסע טאַזע. באַלד — האָט זי געזאָגט — וועט זי מיך אַרומוואַשן און מיר צולייגן אַ פּלאַסטער צו די פּלייצעס. איך האָב מיך דערפון, מיט אַ מאַך פון דער האַנט, אָפּגעזאָגט.
איזאָ איז ווידער אַרײַנגעקומען, האָט אַ ווונק געטאָן דער אַלטער זי זאָל אַרויסגיין און האָט מיר מודיע געווען:

— מיר האָבן אויסגעפונען אַ זיכערן „באַסט", מיט אַ באַהעלטער־

ניש. הײַנט נאָך װעלן מיר דיך אַװעקשיקן אין דאָרף אַרײַן. פֿאַרבלײַב דאָרטן, איך װעל דיר שױן צו װיסן טאָן װען מען װעט באַדאַרפֿן.

— און איר, װאָס װעט איר טאָן? פּוצן די שטיװל באַ די רוסן װען זײ װעלן זיך אַרױסזעצן?

באַ איאַי אַפֿן פּאָנעם האָט זיך באַװיזן אַ שמײכל. ער האָט דעם מוט געהאַט צו שמײכלען אין אַזאַ טאָג!

— די שװערד־העלדן האָבן פֿאַרלױרן דעם קריג. איצט קומען מ י ר אַרױף אַף דער סצענע, מיר, די אָפֿיצירן פֿון ספּעציעלן דינסט, און מיר װעלן אַלצדינג טאָן אַף צו ראַטעװען די אימפּעריע.

— שױן צו שפּעט זי צו ראַטעװען. אײן זאַך נאָר איז אײַך פֿאַרבליבן: אַף אַלע פֿיר די רוסן אױפֿנעמען — האָב איך ביטער אַ שמײכל געטאָן.

— נײן, די רוסן װעלן זיך ניט אַרױסזעצן — האָט איאַי רויִק גערעדט. — נעכטן באַנאַכט נאָך האָט מען אַרױסגעשיקט צו די שעפֿן פֿון אונדזערע מיליטערישע קױכעס אין כינע און אין דאָרעם דעם מיקאַדאָס באַפֿעל אָפּצושטעלן די מיליטערישע אָפּעראַציעס, נאָר דער שעף פֿון דער קװאַנטונגער אַרמײ האָט אַ פֿאַראָרדענונג זיך צו שלאָגן ביזן סאָף, ניט געקוקט אַף דעם קאַפּיטולאַציע־דעקרעט. נעכטן האָסטו אומזיסט זיך אַרומגעיאָגט נאָכן דעקרעט. ער באַציט זיך ניט אַף מאַנדזשוריע. דאָרט װעט די מילכאָמע אָנגײן װײַטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום װעט אַהין אַרױספֿאָרן דער פּירשט טאַקעדאַ און װעט איבערגעבן דעם גענעראַל יאַמאַדאַ דערגאַנצונגס־דירעקטיװן פֿונעם אימפּעראַטאָר. דערװײַל װעלן זיך אין יאַפּאַן אַרױסזעצן די נאָרדאַמעריקאַנער און די אימפּעריע װעט זיך ראַטעװען פֿון דער רעװאָלוציע.

— און װאָס איז מיקױעך דעם „ענדגילטיקן" קריג? די נאָרדאַמעריקאַנער מוזן אים אָנהײבן טײקעף אומיאַד אַף ניִשט צו דערלאָזן די רסן פֿאַרכאַפּן מאַנדזשוריע. זײ מוזן צושיקן הילפֿס־מיליטער דער קװאַנטונגער אַרמײ...

— אַף אָנצוהײבן די מילכאָמע קעגן די רוסן, מוזן די נאָרדאַמעריקאַנער פֿאַר אַלעמען אַרױסזעצן זיך אין יאַפּאַן און שאַפֿן אַ באַזע, קעדײ דערנאָך אַרײַנצושיקן אַ גרױסע אַרמײ קײן מאַנדזשוריע אָדער קײן קאָרעע. אָן אָט דעם פּלאַצדאַרם אַפֿן קאָנטינענט, קען מען ניט אָנהײבן...

— דאָס מוז אָבער זײַן װאָס פֿריִער... מען טאָר קײן אײן מינוט ניט פֿאַרלירן! די רוסן האַלטן שױן באַ אַרײַנקומען... — האָב איך מיך געגעבן אַ שטעל אױף און האָב אַװעקגעהונקען עטלעכע טריט איבערן צימער.

— נאָך פֿאַראַן אַ האָפֿענונג. זעץ דיך אַװעק. — איאַי האָט זיך צוגעבויגן צו מײַן אױער און אַ מורמל געטאָן: — אַ שאַ נאָכדעם װי דער קאַפּיטולאַציע־דעקרעט איז איבערגעגעבן געװאָרן דורך ראַדיאָ, האָט

די נאָרדאַמעריקאַנער קריגספירונג אַרויסגעשיקט אַ ראַדיאָגראַמע דעם צענטראַלן הויפּטשטאַב דרינגענדיק אָפּצושיקן קיין מאַנילאַ פאָרשטייער פון דער גענעראַל־קוואַרטיר זיי זאָלן אויפנעמען באַ דעם העכסטן שעף פון די נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישע קויכעס אָנווײַזונגען בענעגייע דער פּראָצעדור פון דער קאַפּיטולאַציע. נאָר... אינטערעסאַנט איז דער־בײַ וואָס דער גענעראַל זאַטערלענד, שעף פון מאַק־אַרטורס הויפּטשטאַב, האָט געבעטן מיר זאָלן שיקן אויסדריקלעך דעם גענעראַל קאַוואַבע, צוויי־טער שעף פון צענטראַלן הויפּטשטאַב, אויסדריקלעך דעם גענעראַל־לייטענאַנט קאַשאַכאַראַ, עקס־שעף פונעם הויפּטשטאַב פון דער קוואַנטונגער אַרמיי. דער ערשטער ווי דער צווייטער זײַנען גרויסע ספּעציאַליסטן אין רוסישע איניאַנים. ביידע זײַנען זיי אַ געוויסע צײַט געווען מיליטערישע אַטאַשעען אין מאָסקווע.

— אויב עס גייט נאָר אין באַקומען דירעקטיוון וועגן דער פּראָצעדור, איז צו וואָס בעטן זיי גראָד אָנהענגער פון דעם אישיכאַראַ־פּלאַן?...

איאַי האָט מיט די אַקסלען אַ הייב געטאָן:

— דערווײַל ווייסן מיר גאָרניט. איין זאַך נאָר קענען מיר זאָגן: נאָך פאַראַן האָפענונגען...

— דאָס הייסט, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פון דער קוואַנטונג־אַרמיי? אויב זי וועט אויסהאַלטן, בלײַבט נאָך די האָפענונג אַז דעם פרידן וועלן מיר שליסן מיט די נאָרדאַמעריקאַנער, מיט די קאָמינגטאַנער, מיט די ענגלענדער, דערנאָך...

— יאָ. אונדזערע פאַרטרעטער וועלן מאַרגן אָדער איבערמאָרגן אַרויספליִען קיין מאַנילאַ. די קוואַנטונגער אַרמיי מוז אויסהאַלטן, ווי דאָס זאָל ניט זײַן...

— און פון מאַנדזשוריע וואָס פאַראַ יעדיִעס זײַנען פאַראַן? מיר זײַנען באַקאַנט נאָר די נעכטיקע.

— לויט די לעצטע יעדיִעס, דערנענטערן זיך די סאָוועטישע טאַנקען צו טאַאַנאַן.

— צו טאַאַנאַן? אויב זיי זײַנען נאָנט צו טאַאַנאַן, איז שוין צו שפּעט. דער גורל פון דער קוואַנטונגער אַרמיי איז שוין אָנטשידן. די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען שפּעט געקומען — און אַראָפּגעריסן האָב איך מיר די שליפּעס, האָב מיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל און האָב מיך אָוועקגעלייגט אַף דער ראַגאָזשע. — אַלץ איז פאַרענדיקט. דער יאַספּיס איז צעבראָכן...

איאַי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ מורמל געטאָן:

— דער יאַספּיס איז צעבראָכן. דעם יאַספּיס וועט מען צוזאַמענקלעפּן...

# דער „באַסט"

.1

מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַ דערפל, וואָס שטייט אין אַ טאָל, צווישן די בערג מאַיאַגי און אַראַפּונע. צאָפּן־זײַט, הינטער עטלעכע וועלד־לעך, האָט זיך געהייבן דער רויך פונעם וואָלקאַן אַסאַמאַ. דאָרעם־זײַט האָט זיך געצייכנט אַ קייט פון זעקס בערג. אין לויטערע טעג האָט מען אַפן האָריזאָנט אָנגעזען דעם סילועט פונעם באַרג פודזי.

איך האָב מיך באַזעצט אין דער הײַזקע פון אַ דאָרפישן פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיכער באַקומען פון אים די געהעריקע אָנווײַזונגען. מען האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ מעדיצינישער באַשטעטיקונג, אַ לעגאַליזירטער מיט דעם פּערזענלעכן שטעמפּל פונעם שעף פון דעם עוואַקואַציע־צענטער אַפן אינדזל איוואָדזימאַ. אינעם סערטיפיקאַט האָט זיך געשריבן, אַז מען האָט מיך געמוזט שיקן אין דער הויפּטשטאָט צוליב דעם וואָס איך האָב דעם זיקאָרן אָנגעוווירן פון אַ קאָנטוזיע. דער דאָקומענט האָט געהאַט דעם דאַטום פון 14טן פעברואַר 1945, דאָס הייסט, פינף טעג פאַר דער אַרויס־זעצונג פון די נאָרדאַמעריקאַנער. דער גאַנצער גאַרניזאָן פונעם אינדזל איז אומגעקומען און דעריבער איז אוממעגלעך געווען צו קאָנטראָלירן די אויטענטישקייט פון דעם סערטיפיקאַט. דער מענטש וואָס אַף זײַן נאָ־מען דער דאָקומענט איז געווען אויסגעשריבן, האָט קיינמאָל ניט עקזיס־טירט.

דאָס שטיקל פּאַפּיר האָט מיך געשיצט פון יעדן כשאַד בעסער ווי די בעסטע קאַמייע. אַ מענטשן וואָס האָט פאַרלוירן דעם זיקרן האָט קיין זין ניט צו פרעגן עפּעס וועגן זײַן פריערדיקן לעבן. און אַזוי אַרום האָב איך מיך באַפרײַט פון מײַן אייגענער פאַרגאַנגענהייט. יענעם אומפאַר־געסלעכן פרימאָרגן האָב איך מײַן קאָנווערט אָוועקגעלייגט לעבן אַן אַנאָ־נימען טויטן. דעם טויטן האָט מען מיסטאָמע באַגראָבן אַף מײַן נאָמען. מײַן מישפּאָכע מוז וויסן וועגן מײַן גלאָררײַכן סאָף.

פון מאַנדאַרינען־קעסטלעך האָב איך מיר אויפגעשטעלט אַ היימישן אַלטאַר און האָב אַף אים אַוועקגעלייגט געדענק־ברעטלעך מיט די נעמען

פון דזינטאַן, מוסאָליני און די אַנדערע. באַ דער זײַט, אַף אַ פעסל מיט „סאָקע", האָב איך אײַנגעאָרדנט אַ ראַדיאָ־אױפֿנעמער, װאָס האָט מיך געהאַלטן אין קאָנטאַקט מיט אַלץ װאָס עס טוט זיך אַף דער װעלט.

אַף די פיליפינען זײַנען מיט אַן אַװיאַן אַרױסגעפלױגן די פאַרטרע־טער פון אונדזער הױכער אָנפירונג פאַררופענע פון מאַק־אַרטורן. װען אונדזערע גענעראַלן זײַנען אַראָפּ פונעם אַװיאָן אין מאַנילאַ, האָבן סאָ־װעטישע פאַראַשוטיסטישע טײלן זיך אַראָפּגעלאָזט אין כסינקינג, מוק־דען און כאַרבין. די קוואַנטונג־אַרמײ האָט אָװעקגעלײגט דאָס געװער. אײַנגעפאַלן איז די לעצטע האָפענונג. די מילכאָמע איז שױן מיט אַן עמעס פאַרענדיקט. די רעגירונג האָט באַפױלן אָפּצושטעלן די פאַרטונק־לונגען.

אַ װאָך נאָכדעם װי עס איז אונטערגעשריבן געװאָרן דער קאַפּיטור־לאַציע־אַקט, איז קײן טאָקיאָ אָרײַנגעקומען דער גענעראַל מאַק־אַרטור, העכסטער שעף פון די נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישע קױכעס, דער זעל־בער װאָס איז צוריק מיט דרײַ יאָר געהאַט אַנטלאָפן אין אַן אַװיאָן פון באַטאַאַן און איבערגעלאָזט אַף איר טרױעריקן באַראָט די פיליפינישע אַרמײ מיט װעלכער ער האָט אָנגעפירט. די אַרמײ איז אומגעקומען און געראַטעװעט האָט זיך בלױז דער שעף. איצט איז מאַק־אַרטור געקרױנט מיט לאָרבער. זײַן הױפּטשטאַב האָט ער אײַנגעאָרדנט אין דער געבײַדע פון דער לעבענס־פאַרזיכערונגס געזעלשאַפט, אינעם היביזשאַ־קװאַרטאַל.

אָנגעהױבן האָט זיך די דעמאָביליזאַציע פון דער אַרמײ און פונעם פלאָט. אַלע רעגימענטער האָבן דורכגעפירט די צערעמאָניע פון פאַרברע־נען זײערע פענער. אױפגעלײזט האָט זיך די גענעראַל־קװאַרטיר, דער צענטראַלער הױפּטשטאַב, דער קריגס־מיניסטעריום, געשלאָסן האָבן זיך אַלע אַנשטאַלטן פון מיליטערישן אונטעררעכט, אױפגעריסן האָט מען און דעמאָנטירט עטלעכע אונדזערע פאַנצער־שיפן און אַװיאָנען־טרעגער.

אַן אומבאַװאָפנטע, האָט יאַפּאַן זיך אונטערגעגעבן דעם דעזערטיר פון באַטאַאַן. מאַק־אַרטור האָט אַרױסגעלאָזט אַ פײַערלעכע דעקלאַראַציע: אינעם גײַסט פון דער פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע — האָט ער געזאָגט — װעט ער אָנװענדן אַ פּאָליטיק פון קאָנסעקװענטער דעמאָקראַטיזאַציע און װעט זיך באַמיִען אַז יאַפּאַן זאָל מער קײנמאָל ניט זײַן קײן געפאַר פאַר דעם פרידן און פאַר דער רו פון דער װעלט. און, צו דעם צװעק, װעט נאָרדאַמעריקע צוהעלפן מיט אַלע מיטלען צו פאַרפעסטיקן די באַזעס פון דער דעמאָקראַטיע אין יאַפּאַן און אָנװענדן די דעמאָקראַטישע אידעאַלן.

אַ סאַך מענטשן, איך צװישן זײ, האָבן די װערטער אָנגענומען פאַר אױפריכטיקע.

אינעם קאַפּיטולאַציע־דעקרעט האָט דער אימפּעראַטאָר זיך געהאַט אױסגעדריקט: „באַ דער איצטיקער לאַגע מוז איך טראָגן אַף זיך דאָס אומדערטרעגלעכע און לײַדן דאָס אוממעגלעכע".

און קעדיי צו געבן אַלע אונטערטאַנען דעם בײַשפּיל ווי מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן דער נײַער סיטואַציע, האָט דער אימפּעראַטאָר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מונדיר פון גרויס־מאַרשאַל און האָט אָנגעטאָן אַ נײַעם, אַ טרויער־מונדיר: אַ שוואַרצע טוזשורקע אָן עפּאָלעטן, שוואַרצע הויזן מיט אַ שוואַרצן פּאַס, אַ שוואַרצער אויסגעהעפּט אַף דער ברוסט און אַף די ארבל, און אַפן קאָלנער אַ כריזאַנטעמע, דער הערב פון דער דינאַסטיע, אויך מיט שוואַרצע זײַדנס אויסגעהעפּט. דערנאָך האָט ער צו וויסן געגעבן, אַז ער נעמט פון זיך אַראָפּ דעם נאָמען ערדישע פּאַרקערפּערונג פון דער געטלעכקייט. און ווי עס האָבן געשריבן די צײַטונגען, האָט ער באַ זיך אינעם קאַבינעט אַוועקגעשטעלט דעם ביוסט פונעם נאָרדאַמעריקאַנער פּרעזידענט לינקאָלן.

.2

אינעם שׂכײנישן דערפל איז געהאַט געשטאַנען אַ דיוויזיע אַרטילעריע און אַף דער אַנדער זײַט באַרג, לעבן דעם האָפן דזומאַנדזי, איז געהאַט געוועזן אַן אַוויאַציע־שול, אײַנגעאָרדנט אין אַ גוטבאַזיק. אַ קליין שטיקל צײַט נאָך דער דעמאָביליזאַציע, האָט זיך אַפן טויער וואָס האָט געפירט צו די קאַזאַרמעס באַוויזן אַט דער אויפשריפט: „אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיווע פון רײַז־פּלאַנטאַציע", און די אַוויאַציע־שול איז לויט דעם צוגעשלאָגענעם ברעטל אַפן טויער, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן „אַקציען־געזעלשאַפט צו פּראָדוצירן הייוון־באַמיסטיקונג". אויך די אַרטילעריסטן און פליִער האָבן זיך אַרײַנגעפּאַסט אין די באַדינגונגען פון דער נײַער צײַט.

פונעם דאָרפישן פּאָליציאַנט, דעם באַלעבאָס פון מײַן באַהעלטעניש, האָב איך מיך דערוווּסט, אַז אין אַ בודיסטישן מאָנאַסטיר, וואָס שטייט אַף אַ הויכן אָרט אַף דער אַנדער זײַט פון אַן אַלטן שאָסיי, וווינען צוויי אינוואַלידן, אויך געשלאָגענע אַפן זיקאָרן. זיי זײַנען אַהין אָנגעקומען אַ שטיקל צײַט נאָך דער קאַפּיטולאַציע. איאָ! האָט מיר געהאַט אָנגעזאָגט איך זאָל מיך נישט באַגעגענען מיט קיינעם ניט אין דאָרף, נאָר איך האָב באַשלאָסן צוגיין אַמאָל צום מאָנאַסטיר. דאָך האָב איך קיין צײַט נישט געהאַט מײַן באַשלוס אויסצופילן. די צוויי אינוואַלידן זײַנען פּלוצים פאַרשוווּנדן. מיסטאָמע האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר די „מ. פּ." — נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישע פּאָליציי — וואָס האָבן זיך דאָרט באַוויזן און אין דער געוועזענער מיליטער־שול האָבן זיי אויסגעפרעגט דעם עקס־פּאָלקאָווניק, שעף פון דער שול, איצטיקער פּרעזידענט פון דירעקטיוון ראַט אין דער „אַקציאָנערן־געזעלשאַפט". דער אויספרעג האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער פּאָלקאָווניק האָט דעם זעלביקן נאָמען ווי דער מענטש וואָס די נאָרדאַמעריקאַנער זוכן אים.

פונקט דעמאָלט האָט דער ראַדיאָ געמעלדעט, אַז מאַק־אַרטורס הויפּטשטאַב האָט איבערגעגעבן צום מיליטערישן געריכט דעם גענעראַל־לייטענאַנט כאָממאַ, עקס שעף פון דעם יאַפּאַנישן מיליטער אויף די פּיליפּינען־אינדזלען; דעם גענעראַל־לייטענאַנט טאַצימאַ, שעף פון באַטאַאַנער מיליטערישער קערפּערשאַפט; סאַיטאָן, דעם שעף פונעם דעסטאַקאַמענט „טיגער", און נאָך יאַפּאַנעזישע גענעראַלן, וואָס האָבן אין 1942 צעקלאַפּט אויפן באַטאַאַנער האַלב־אינדזל די נאָרדאַמעריקאַנער ארמיי, וואָס איר שעף האָט זי איבערגעלאָזט אויף הפקר. טייקעף נאָכדעם האָט מען צו וויסן געגעבן די עקזעקוציע זייערע. מאַק־אַרטור האָט זיך נויקעם געווען פאַר דער אומגעקומענער אַרמיי און אַלס באַווייז אַז ער האַלט זיין קאָוועד פאַר ריינגעוואַשן, האָט ער זיין פּערזענלעכן אַוויאָן באַצירט מיט דער אויפשריפט: „באַטאַאַן".

די אינערלעכע סאָנים האָבן געבענטשט די פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע. אומגעגאַנגען זיינען זיי מיט רויטע פאָנען איבער די גאַסן פון טאָקיאָ און אָסאַקאַ. די פּאָליציי האָט קיין רעכט ניט געהאַט אויף זיי צו שיסן. די לינקע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן דעם מיקאַדאָ פּאַשעט אָנגערופן באַם נאָמען, ווי עס וואָלט זיך גערעדט פון עפּעס אַ „ריקשאָו": כיראָיטאָ. די רויטע האָבן געטאַנצט פאַר פרייד ווען אין דער געבוידע פונעם מיטשיגאַזשאַדעי האָט אָנגעהויבן אַקטיווירן דער אינטערנאַציאָנאַלער טריבונאַל קעגן אונדזערע גענעראַלן און מיניסטאָרן, מיט טאָדזיאָן בעראָש. און צום סאָף איז געשען דאָס אומדערטרעגלעכסטע און דאָס אוממעגלעכסטע: די רויטע האָבן אָרגאַניזירט אַ מאַניפעסטאַציע און געפּאָדערט באַ דער רעגירונג רייז פאַר די הונגעריקע. די מאַניפעסטאַנטן האָבן איינגעבראָכן עטלעכע קאָרדאָנען פּאָליציי און האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער קייזערלעכער רעזידענץ, ווו זיי האָבן דורכגענישטערט די קיך. געווען זיינען דאָרט עטלעכע קינאָ־אַפּעראַטאָרס מיט זייערע אַפּאַראַטן. דערנאָך האָט מען אין די טאָקיער אַרבעטער־קלובן גענומען ווייזן אַ דאָקומענטירטן פילם, אַזאַ פילם, אַז פאַר יעדער ראַדיאָגראַמע האָבן די אַפּעראַטאָרס פאַרדינט מען זאָל זיי אויף שטיקער צערייסן.

דער אימפּעראַטאָר האָט אַלץ געליטן און איבערגעטראָגן, נאָר איך האָב מער נישט געקענט אויסהאַלטן. מיט דעם פּאָליציאַנט האָב איך צוגעשיקט איאָי׳ן אַ צעטעלע: איך האָב אים געשריבן, אַז איך האָב באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין טאָקיאָ, מיט מיינע אייגענע הענט צו דערשיסן עטלעכע לינקע אָנפירער און דערנאָך זיך איבערגעבן אין די הענט פון די נאָרדאַמעריקאַנער זיי זאָלן מיך אויפהענגען אויב זיי ווילן. בעסער שטאַרבן איידער בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

אינגעם ענטפער האָט איאָי מיר געשריבן: מאַך דיך ניט נאַריש. אַלץ האַלט זיך אין איינערגולירן. דער נאָרדאַמעריקאַנער העכסטער שעף

האָט באַשלאָסן ניט צו דערקלערן דעם אימפּעראַטאָר פאַר אַ קריגס־פאַר־ברעכער. קוק זיך אײַן אין כינע און מאַך דערפון דײַנע אויספירונגען.

.3

איך האָב מיך דערפילט דערלײַכטערט אויספאָלגנדיק אײזי׳ס אײי־צע. אין כינע האָבן זיך די נאָרדאַמעריקאַנער אויפגעפירט גאַנץ אַנדערש. דאָרט האָבן זיי נישט גערעדט וועגן פאַרפעסטיקן די באַזעס פון דער דעמאָקראַטיע און אויך ניט וועגן אָנווענדן די אידעאַלן פון דער דעמאָק־ראַטיע. דאָרט האָבן זיי אַקטויִרט.

באַלד נאָך אונדזער קאַפּיטולאַציע, האָבן די נאָרדאַמעריקאַנער קיין איין מינוט נישט פאַרלוירן און האָבן פאַרכאַפּט די צאָפן־כינעזישע האַפנס און האָבן אַרויסגעזעצט לופט־קויכעס אין כייפונג און אין נאַנקין קעדיי צו שטערן די רויטע כינעזער פאַרנעמען די שטעט. און ווי נאָר דאָס סאָוועטישע מיליטער איז אַרויס פון מאַנדזשוריע, האָבן די קואָמינטאַנג־קויכעס פאַרנומען מוקדען מיט דער הילף פון די נאָרדאַמעריקאַנער.

גאָר גיך האָבן די קואָמינטאַנג־אַרמייען, באַוואָפנטע פון די נאָרד־אַמעריקאַנער, אונטערגענומען אַן אַלגעמיינע אָפענסיווע אין צענטער און אין צאָפן־כינע. די רויטע האָבן געמוזט צוריקטרעטן.

געקומען זײַנען מיר אָפּן זיקאָרן די ווערטער פון דעם נאָרדאַמערי־קאַנער געפאַנגענעם: מיר מוזן טראַכטן פון דער צוקונפט און פאַר אַלע־מען, פון דעם צוקונפטיקן נאָראַמעריקאַנישן „אישיכאַראַ־פּלאַן”. שײַנט מיר, אַז די צוקונפט וועגן וועלכער ער האָט דעמאָלט גערעדט, איז שוין געקומען. די נאָרדאַמעריקאַנער אַקטויִרן.

אינעם טאָקיער געריכט האָט מען אויפגעדעקט דאָקומענטן אין שײַ־כעס מיט אונדזערע קריגס־פּלענער קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד. געווען זײַ־נען עס אויטענטישע דאָקומענטן. איך האָב שוין אַמאָל טייל פון זיי געלייענט. לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן, זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן צו די רוסן אין די הענט בעיים זיי האָבן פאַרנומען סינצזין. די הויפּטשטאַב־אָפיצירן פון דער קוואַנטונגער אַרמיי האָבן מעגלעך קיין צײַט נישט גע־האָט די דאָקומענטן צו פאַרברענען אָדער גערעכנט, אַז די רוסן וועלן זיי נישט קענען דעשיפרירן. איצט זײַנען זיי שוין באַקאַנט דער עפנט־לעכקייט. מען ווייס ווער עס האָט זיי רעדאַקטירט און ווער עס האָט זיי באַשטעטיקט.

דאָך, האָב איך שוין געוווּסט, אַז דער אימפּעראַטאָר איז אויסער גע־פאַר. אויך דער גענעראַל אישיכאַראַ איז נישט געווען אינעם צעטל קריגס־פאַרברעכער. דער מעכאַבער פונעם באַרימטן קריגספּלאַן קעגן רוסלאַנד, דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פונעם מוקדענער אויפרײַס, וואָס האָט געפירט צו די מאַנדזשורישער געשעענישן אין 1931, איינער פון די אײַנפלוס־

רײַכסטע אַרמיי־שעפן, איז געבליבן אַף דער פרײַ. געראַטעוועט האָבן זיך אויך אַלע זײַנע אָנהענגער און טאַלמידים, אָנהייבנדיק פון קאַוואַבע, קאַשאַכאַראַ און זשאַמאַאָקאַ, באַקאַנטע אָפיצירן פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, עקספּערטן אין רוסישע איניאָנים. דער דעמאָביליזאַציע־דעפּאַרטאַמענט, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַנשטאָט די מיניסטעריומס פון קריג און פלאָט, האָט, מיט דער פולמאַכט פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב, אָנגעבאָטן פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן דעם געוועזענעם גענעראַל־לייטענאַנט מיאַצאַקי און דעם געוועזענעם וויצע־אַדמיראַל מאַעדאַ. דער ערשטער האָט געהאַט אַ לענגערע צײַט אָנגעפירט מיט אַ שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע אין פעיכאָ, (קעגנ׳בער בלאַגאָוועשטשענסק) און דער צווייטער איז געהאַט געווען שעף פון דער אויסשפּיר־סעקציע אינעם צענטראַלן היופּטשטאַב פונעם פלאָט, און פריִער — .פלאָט־אַטאַשע אין מאָסקווע.

מאַק־אַרטור האָט אונטער זײַן שוץ גענומען אונדזערע אָנערקענטסטע עקספּערטן אין רוסישע איניאָנים, אָנהייבנדיק פון אישיכאַראַ.

אין כינע האָט זיך דערווײַל אויסגעוויקלט די אָפענסיווע קעגן די רויטע. פאָרויס זײַנען געגאַנגען די קאָמינטאַנג־דיוויזיעס. הינטער זיי די נאָרדאַמעריקאַנער. די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן געהאַלטן אין פאַרנעמען צאָפן־כינע און מאַנדזשוריע. און אויך קאָרעע. כאָדזשעס 24סטע אַרמיי, אַן אַריבערגעפירטע פונעם אינדזל אָקינאַוואַ קיין דאָרעם־קאָרעע, האָט פונאַנדערגעוויקלט מיליטערישע אָפּעראַציעס קעגן די קאָרעער פאַרטיזאַנער אין די בערג סאָפּאַקסאַן און טשיריסאַן.

אָפּגעקלונגען האָט אין דער גאַנצער וועלט טשוירטשילס רעדע אין פולטאָן. דער ענגלישער עקס־פּרעמיער האָט דירעקט אויפגעפאָדערט נאָרדאַמעריקע און ענגלאַנד זיך צו פאַרייניקן קעגן דעם „סויעע נומער איינס״, וואָס דאָס מיינט דעם ראַטנפאַרבאַנד.

אין אייראָפּע ווי אין אַזיע האָבן פּאַסירט אינטערעסאַנטע זאַכן. און איך בין געזעסן אין אַ „באַסט״, וואָס האָט זיך ווייניק אונטערגעשיידט פון אַ קייווער. איך האָב קיין רעכט נישט געהאַט אַף ווירקלעכן לעבן. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ כאַראָטע פאַרוואָס איך בין ניט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד יענעם פרימאָרגן אַפן פלאַץ פאַרן פּאַלאַץ.

דער הימל, פונדעסטוועגן, האָט אַנדערש געטראַכט. איך האָב נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט דעם טערמין לעבן, וואָס ער האָט מיר געגעבן. אי׳אי׳ האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו. ער האָט מיך גערופן קיין טאָקיאָ. דעם אייגענעם טאָג האָב איך מיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

העכער צוויי יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין דעם קייווער.

.4

גערופן ווערן קיין טאָקיאָ מיינט נאָך ניט זײַן אויסער געפאַר. אַפן אינדזל גואַם האָט מען געמישפּעט די אָפיצירן פון דער אימפּעריאַלער אַרמיי, באַשולדיקטע אין האָבן געמאַכט קימאַטאַריס. אַלע האָבן באַקו־מען די העכסטע שטראָף. זיכער זוכט מען די פאַרבליבענע אָף דער פרײַ. איך האָב דערום געמוזט אַנווענדן די גרעסטע פאַרזיכט־מיטלען. געצונמען האָב איך די באַן אין טאַקאַסאַקי, מיט אַ מאַסקע קעגן גריפּ אַפן פּאַנעם.

נאָך גוט וואָס אין יאַפּאַן האָט מען אײַנגעפירט אַט דעם באַנד צו טראָגן, וואָס האָט צוגעדעקט די נאָז און דאָס מויל. האָט מען נאָך דערצו אָנגעטאָן טונקעלע ברילן, איז קימאַט דאָס גאַנצע פּאָנעם געווען פאַר־שטעלט. אין צוג זײַנען געווען אַ סאָך פּאַסאַזשירן מיט אַזעלכע מאַס־קעס. אַלע האָבן זיי געטראָגן אָפיצירישע רעקלעך, כאָטש אָן שליפעס.

די קאָמונאַלע וווינונג אין אושיגאָמע איז געווען ניט צו דערקענען. באַם אַרײַנגאַנג איז געהאָנגען אַ גרויסע שילד מיט אַן אויפשריפט אין ענגליש: „מאַנילאַ־קלוב" — און אַ צייכענונג וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ הערב מיט אַ פּאַס אין דער קרום און אַ פערדן־קאָפּ אין אַ ווינקל. לעבן דער שילד איז געווען אַ צווייטע, גאָר אַ קלייניקע, ווו עס איז אויפגעשריבן געווען מיט זייער דריבנע יעראָגליפן: „פאַרשטייערשאַפט פון דער געזעלשאַפט צו פּראָדוצירן הייוון־באַמיסטיקונג". די ביוראָ איז געווען אַפן ערשטן שטאָק.

איזאי האָט זיך אויך אינגאַנצן פאַרענדערט: אַן אייראָפּעיִשער אָנ־צוג, ברילן אין גאָלדענע רעמלעך, גאָלדענע ציין... אַ ריכטיקער סוי־כער. ער האָט מיך פאַרבעטן זיך אײַנצואָרדענען אין איינעם פון די צי־מערלעך וואָס איבער זײַן ביוראָ. אינעם דערבײַאיקן צימערל האָט גע־ווױנט דער קאַפּיטאַן מיקאַמי, דער יאַם־שפּינס געוועזענער אַדיוטאַנט.

— דאָ קען מען זיך פילן אַבסאָלוט זיכער — האָט מיר איזאי גע־זאָגט.

דעם לאָקאַל פונעם קלוב, אינעם אונטערשטן עטאַזש, האָט אָפּגעג־דונגען אַ כינעזער, אַ געשיצטער פון דער נאָרדאַמעריקאַנישער מיליטע־רישער מאַכט, וואָס האָט געהאַלטן עטלעכע רעסטאָראַנען פאַר אייראָ־פּעער אין יאָקאָהאַמאַ און אין טאָקיאָ. דער קלוב איז פאַרוואַנדלט גע־ווען אין אַ שפּיל־הויז פאַר די אָפיצירן פון דער ערשטער קאַוואַלעריע־דיוויזיע, וואָס איז געשטאַנען אין טאָקיאָ. אָפילע ניט די מ. פּ. האָבן זיך דערוועגט אַהער אַרײַנצוקומען. דער הערב מיט דעם פערדן־קאָפּ איז געווען די עמבלעם פון דער דיוויזיע פולשטענדיק מעכאַניזירטער „קאַוואַ־לעריע", וואָס האָט קיין איין פערד ניט געהאַט.

איזאי איז צופרידן געווען פון מײַן אויסזען — איך האָב מיר פאַר־לאָזט וואָנצעס און האָב מיך אַנדערש געקעמט — און ער האָט מיר

דערלויבט פון צײַט צו צײַט אין גאַס אַראָפּצוגיין. איך האָב אים צוגע־זאָגט זיך גוט צו היטן. אַף מײַנע שפּאַצירן, האָב איך מיך אויפגעפירט ווי אַ פּאַרשער וואָס איז אַרײַנגעגעדרונגען אין אַ שטאָט וואָס דער סוינע האָט פאַרנומען.

טאָקיאָ האָט בעעמעס געהאַט דעם אויסזען פון אַן אונטעריאָכטער און געשענדעטער הויפּטשטאָט. געזען האָט מען אומעטום אָפּגעברענטע פּלעצער, נאָר אין גינצאַ, אין אַסאַקוסאַ, אין סינדזיוקו און אין אוענאָ האָט געשוימט מיט לעבן. די קליינע בודעס מיט שרײַענדיקע קאָלירן אָפּ־געפאַרבטע — קינאָמאַטאָגראַפן, קאַפעען, דאַנסינגס, שענקען — זײַנען געווען איבערגעפּולט. אין טאָקיאָ זײַנען אָפן געווען איבער צוואַנציק טויזנט קאַפע־הײַזער. די מערסטע זײַנען געווען אינעם גײַסט פון דער נײַער צײַט: „ראָקסי״, „קאַפּיטאָל״, „סענטראַל״, „פּאַראַדיז״, „סוואָן״, „מײַאַמי״, „נאָמבער וואָן״, „קווין מערי״, „מײַפלאָוער״, „ניו״, „פּאַ־ריז״, „פלאָרידאָ״ . . .

פּאַר אָט די פאַרביקע בודעס זײַנען געווען אָנגעשטעלט גרופּעס געפאַרבטע פרויען, וואָס די נאָרדאַמעריקאַנער זעלנער, זייערע הויפּט־קליענטן, האָבן אַ נאָמען געגעבן „פּאַנפּאַן״. די פּאַנפּאַנס זײַנען געווען געקליידט לויט דער לעצטער אייראָפּעיִשער מאָדע און האָבן געטראָגן אַ הויכע פאַרקעמעכץ, וואָס מען האָט זי גערופן „אַטאָמישע באָמבע״. דער עמעס איז, אַז דער אָנדענק פון דער באָמבע איז פאַרבליבן ניט נאָר אין דעם מין פאַרקעמעכץ. געזען האָב איך אין דער אונטערערדבאַן אַ פרוי מיט שפּורן פון בראַנדוווּנדן און פאַסן פון פאַרשיידענע קאָלירן אַפן פּאַ־נעם. געזאָגט האָט מען מיר, אַז זי איז געקומען פון היראָשימאַ און די שטראַלן פון דער באָמבע האָבן אַף איר פּאָנעם געלאָזט די קאָלירטע פאַסן.

מיט אירע פאַרבּרענטע פּלעצער און געגנטן מיט קאָלירטע בודעס, האָט טאָקיאָ אויסגעזען ווי יענע היראָשימער פרוי.

**5.**

פון אָנהייב פּלעג איך פאַרבײַגיין די אַמעריקאַנער מ. פּ. און אָפּי־צירן מיט מוירע. איך האָב געהאַט אַמאָל צו טאָן מיט געפּאַנגענע אַף די פיליפּינען־אינדזלען, אַפן מאַקיו־אינדזל און אין אַנדערע ערטער. די לעבנגעבליבענע וואָלטן מיך דערקענט ניט געקוקט אַף מײַן מאַסקע. נאָר נאָך עטלעכע מאָל זיך דורכשפּאַצירן, האָב איך מיך איבערצײַגט, אַז מײַן פאָרזיכטיקייט איז אַן איבערגעטריבענע.

איינמאָל, באַם נעמען דעם טראָלעבוס אין יאָנטרויאַ, האָב איך מיך אָנגעטראָפן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דעם זשאַנדאַרמען־פּאָלקאָווניק שיגע־נאָ, דער זעלבער שיגענאָ וואָס האָט מילכאָמע־צײַט דורכגעפירט גרויסע

אויסראָטונגס־אָפּעראַציעס איבער אומגעווינטשטע עלעמענטן צווישן דער באַפעלקערונג פון פעקין־טיענטזין. געזאָגט האָט מען, אַז זײַן נאָמען פלעגט אַרויסגעזאָגט ווערן צווישן די כינעזער ווי אַ קללה: זויג־קינדער פלעגן באַ דעם נאָמען בלייך ווערן און אַנטשוויגן ווערן. און אָט־דער שי־געגאָ האָט איצט אונטערן אָרעם געטראָגן אַ בינטל פּאַפּירענע שירעמס: מיסטאָמע אַף צו פאַרקויפן. דערנאָך האָב איך מיך אָנגעטראָפן לעבן דעם טעאַטער „ביהאָן־זשעקידזאָ״ — צוויי שפּאַן פון דעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב — דעם קאָמאַנדאַנט מאַצויאַמאַ. אַפן אינדזל גואַם פלעגט ער באַם אויספרעגן די געפאַנגענע נוצן אַ ביז גאָר ווירקזאַמע פּראָצעדור, פון אים אַליין צוגעטראַכט: „הייסע טאַטויִרונג״. פאַרבײַגעגאַנגען איז ער האַרט לעבן מיר און געפירט אין אַ „וועלאָריקש״ אַן אַלטע נאָרד־אָמעריקאַנערן. ווען מען זאָגט דער פרוי ווער דאָס איז דער מענטש וואָס פירט זי, וואָלט זי פאַר שרעק געשטאָרבן. אין אַ געסל נאָנט צו דער סטאַנציע אוענאָ האָב איך אָנגעטראָפן אַ גאַסן־טרעפער אין אַ פעסקע מיט אַ טראָלד, ווי עס טראָגן די סינטאָיִסטישע פּריסטער, און אין אַ שוואַרצער פּעלערינע, ווי עס טראָגן די דאָקטוירים. אַפן טישל איז גע־שטאַנען אַן אַפּאַראַט, אַ געמיש פון א מיקראָסקאָפּ און אן אלטן וואסער־זייגער, און באַ דער זײַט אַ ברעטל מיט די ווערטער: איך זאָג פאָרויס ווויסנשאַפטלעך דאָס מזל, לויט די אָנווײַזונגען פון דער פרענאָלאָגיע, פון דער גראַפאָלאָגיע און לויט דער לערע פון יאַן און אין. מילכאָמע־צײַט האָב איך דעם וויסנשאַפטלעכן גאַסן־טרעפער געזען אַף דעם אינדזל עניוועטאָק. געווען איז ער דעמאָלט קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג. אויך ער פלעגט פּראַקטיצירן קימאָטאָריס.

קיין איינער פון די אָפיצירן האָט מיך ניט דערקענט. דערציילט האָב איך וועגן זיי איאַי! און האָב אים אַרויסגעזאָגט מײַן פאַרוווּנדערונג וואָס זיי גייען אַרום אין גאַס אָן אַ שום מאַסקע. אין דער עמעסן וואָלטן זיי זיך באַדאַרפט היטן ניט ווייניקער פון מיר. איאַי! האָט מיר געענט־פערט מיט אַ שמייכל:

— זיי האָבן מיסטאָמע געביטן אויך דעם פאַמיליען־נאָמען און די ביִאָגראַפיע זייערע, און האַלטן זיך פאַר געזיכערט.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיר האָט זיך געדוכט, אַז איאַי! מײַדט אויס אַ קלאָרן ענטפער.

די צײַט וואָס איך בין געווען אינעם דאָרפישן „באַסט״ פלעג איך פאַר לאַנגווײַל אָפּשלאָפן גאַנצע טעג. נאָכדעם ווי איך בין אַריבערגע־קומען קיין טאָקיאָ, האָב איך באַשלאָסן מיך אָפּצוגעוויינען דערפון און האָב אָנגעהויבן נעמען היראָפּאַן, אַ פּאַטענטירט סטימולירונגס־מיטל, וואָס איז פּאָפּולער געווען נאָך דער מילכאָמע. די אײַנשפּריצונגען היב־טער דער הויט האָבן געווירקט בעסער ווי די פּילן. אין קאָפּ פלעגט טייך־קעף לויטער ווערן און די מידקייט פלעגט פאַרשווינדן. ניט אומזיסט

פלעגן נוצן דאָס מיטל די פּאַנפּאַנס, די גאַנאָווים און ביכלאַל מענטשן וואָס מוזן אַרבעטן באַנאַכט. די צײַטונגען פלעגן שרײַבן, אַז דאָס אָפּטע נוצן דעם נאָרדאַמעריקאַנישן פּרעפּאַראַט ברענגט אַרײַן אַ צערודערונג אינעם נערוון־סיסטעם און פאַרשאַפט אַפילו פסיכישע קראַנקייטן. נאָר איך האָב ניט געגלויבט דערין. ווען הירעפאָן זאָל בעעמעס מעשוגע מאַכן, וואָלט מען ניט דערלויבט דאָס מיטל צו נוצן אין אַזאַ גרויסער מאָס. געקאָסט האָט עס ביליקער ווי נאָרדאַמעריקאַנער ציגאַרעטן, וואָס מען פלעגט פאַרקויפן אין „טאָיאָקאָ״, די קראָם, וואָס פירשט כיגאַשיקוני, געוועזענער פּרעמיער, האָט געהאַלטן אין סינדזיוקו.

איך האָב מיך צוגעוווינט צו הירעפּאָן. אַ דאַנק דעם מיטל בין איך בעקויעך געווען צו דערשטיקן די מאַרעשכוירע, וואָס פלעגט מיך פון צײַט צו צײַט באַפאַלן. און יעדן מאָל פלעגט מיך ראַטעווען די שפּריצ־צאָווקע. זי פלעגט מיר אײַנשפּריצן אַ נײַע פאָרציע קוראַזש — נאָר די פאָרציע פלעגט לאַנג ניט דויערן. מען האָט געמוזט אַלץ עפטער מאַכן די אײַנשפּריצונגען.

איך פלעג אָפט שפּאַצירן איבער דעם מײַרעווּ־טייל גינצאַ און אי־בער די אַנדערע גאַסן און געסלעך פון די צענטראַלע האַנדלס־געגנטן. די הײַזער זײַנען געווען אָנגעפּראַפּט מיט פאַרשיידענע מינים ביור־ראָס. באַמערקט האָב איך, אַז טייל ביוראָס זײַנען קימאַט שטענדיק גע־שלאָסן באַטאָג: זיי זײַנען טעטיק מיסטאָמע נאָר באַנאַכט. לעבן די גרוי־סע פּרעכטיקע שילדן פון די רעסטאָראַנדלעך און קאַפע־הײַזער פלעגן פאַרבײַגיין קימאַט אומבאַמערקט די קליינע טעוועלעך אַף די ביוראָס. אויך האָב איך באַמערקט, אַז אַ סאַך ביוראָס האָבן אַ שײַכעס צו דער אויסאַרבעטונג און צום פאַרקויף פון הייזון־באַמיסטיקונג און שיטאַקע־פלאַנטאַציעס (שמעקעדיקע שוואָמען). קענטיק אַז נאָך דער מילכאָמע האָט זיך פאַרגרעסערט די נאָכפראַגע אַף דעם מין באַמיסטיקונג און אַף דעם מין שוואָמען.

אי! אי! האָט זיך אַרומגעזען, אַז מײַן אומטעטיקייט לאַנגווײַליקט מיך און האָט מיך פאַרבעטן איבערנעמען אַף מיר אַ געוויסע אַרבעט באַ אים אין ביוראָ: לעמאָשל, פאַרשפּרייטן פּראָספּעקטן און פרײַזקוראַנטן. איך האָב מיך דערפון אָפּגעזאָגט. ניט צוליב דעם האָב איך מײַן לעבן אײַנ־געהיט אַף צו דערנידעריקן מײַן קאָווועד מיט נישטיקער אַרבעט. איך מוז איבערטראַגן דאָס אומדערטרעגלעכע און דולדן דאָס אוממעגלעכע, ווי עס האָט באַפוילן דער מיקאַדאָ, נאָר דאָס הייסט ניט, אַז איך דאַרף פאַרלירן די בושע און די ווערדע, שאַלעם מאַכנדיק מיט דעם געדאַנק, אַז די אימפּעריע זאָל צעטראָטן ווערן אונטער די פיס פון די דעראָבע־רער. אַ בושע האָט מיך אַרומגעכאַפּט פאַר די אָפיצירן, וואָס פאַרגעסן זיך אַף זייער ראַנג און לאָזן זיך אַראָפּ צו דער מאַדרייגע פון די פּאַנ־פּאַן־פרויען.

אויסהערנדיק מײַן אויפגעבראַכטן אָפּשניט, האָט איזי מיר געענט־פערט:

— פאַראורטייל ניט די אָפּיצירן, וואָס האָבן זיך געמוזט נעמען צו פאַרשיידענע מיסכאָרים קעדיי צו פאַרדינען זייער ברויט נאָך דער מיל־כאָמע. די מענטשן האָבן ווײַט ניט פאַרגעסן זייער פאַרגאַנגעהייט. אַלע פריִערדיקע גראַדן פון דער אַרמיי און פונעם פלאָט האָבן די דערלויבע־ניש צו גרינדן אַגראַרע קאָאָפּעראַטיוון, שילער־געזעלשאַפטן פון די מי־ליטער שולן און פון דער מיליטער־אַקאַדעמיע, וואָס באַלאַנגען צום זעלבן אַרויסלאָז און פאַרייען פון אַלע פראַנט־כאַוויירים. די אָרגאַניזאַציעס פאַרייניקן די אָפּיצירן מיט אַלגעמיינע דערינערונגען, מיט דעם געפיל פון פרײַנטשאַפט, אַן אײַנגעוואָרצלטע דורך די שלאַכטן און דורך די טראַדיציעס...

איך האָב אים איבערגעריסן:

— די פאַריינען זײַנען אַוואַדע געגרינדעט געוואָרן קעדיי אָנצושי־קערן זיך און צו שפּילן מאַדזשאַן. דאָס זײַנען ניט מער ווי קלובן פון מעִערישע פאַנפאַנס. — איך האָב אַ קוק געטאָן אַף דער עטאַזשערקע ווו עס זײַנען געשטאַנען די פאָטאָגראַפיעס פון דזינטאַנען און די אַנדערע און האָב אַ זיפץ געטאָן. — איך שעם מיך צו טראַכטן פון זיי. איך האָב אײַנגעהיט דאָס לעבן קעדיי צו דינען דעם מיקאַדאָ און ניט קעדיי צו פירן אַן אומזיסטיק לעבן.

אָנגעוויזן האָב איך אַף די צײַטונגען, וואָס זײַנען לעבן מיר געלעגן אַף דער ערד. געדרוקט האָבן זיי אַ פאַראָרדענונג פון מאַק־אַרטורן, וואָס פאַרווערט דעם גענעראַל־שטרײַק, וואָס די פאַרקער־אַרבעטע און מעלר־כישע ביוראָ־אָנגעשטעלטע האָבן געגרייט.

— סאָפקאָלסאָף לייגן זיי צו אַ האַנט, די נאָרדאַמעריקאַנער, באַ אונדז אין לאַנד. אַ סאָף, דאַכט זיך, צו דער פאָטסדאַמער עפּאָכע. פון הײַנט און ווײַטער, וועלן שטרײַקן באַטראַכט ווערן פאַר אַן אומלעגאַלן אַקט. מען וועט נעמען זעצן די רויטע אין די טורמעס. דערווײַל, שטיי איך דאָ און טו גאָרניט... אָדער איך שפּאַציר אַרום מיט דעם פאַר־שאָלטענעם באַנדאַזש אַף דער נאָז. מער קען איך ניט אויסהאַלטן. שוין בעסער גיין צום פלאַץ און אַף דעם זעלבן אָרט ווו עס זײַנען געשטאָרבן מײַנע פרײַנט...

— קוילען זיך וועסטו קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן — האָט איזי זיך אָנגערופן און שטרענג געקוקט אַף מיר. — אַוועקגיין אַף יענער וועלט מיינט איצט דעזערציע. קענסט נוצן ברענגען, כאָטש ניט אינעם קאַמף אַקעגן די רויטע יאַפּאַנעזער. עס וועט זיך שוין געפינען ווער עס זאָל דאָס טאָן אַן דיר. מיר דאַרפן זיך ניט מישן אין די אינערלעכע אָנגע־לעגנהייטן. געדענק, אַז דו האָסט גרויס דערפאַרונג אין ספּעציעלער אַר־בעט. איך האָב דיך גערופן אַהער קעדיי דיר אויסצוזוכן עפּעס אַ באַ־

שעפּטיקונג. נאָר... שלעכט איז וואָס דו מוזט דיך אויסבאַהאַלטן. איך ווייס ניט וואָס צוצוטראַכטן...

אין אַ וואָך אַרום, האָט מיר איזאַ צו וויסן געטאָן, אַז איינער פון זײַנע אַלטע קאָמעראַדן אינעם צענטראַלן הויפּטשטאַב קלײַבט זיך אַרויס־פאָרן קיין טאַיוהאַן. דאָרט, אין כינע, אַרבעט אינעם הױפּטשטאַב פונעם מאַרשאַל יען כסי־שאַן אַ גרופּע אונדזערע אָפיצירן, אַנגעפירט פונעם גענעראַל־מאַיאָר יאַמאַאָקאַ.

— זיי אַלע זײַנען דאָרט פאַרבליבן נאָך דער קאַפּיטולאַציע. יען כסי־שאַן האָט זיי גענומען אַהין מיט דער דערלויבעניש פון די נאָרד־אַמעריקאַנער פאַר מיליטערישע ראַטגעבער. האָב געדולד, וועט זיך פאַר דיר אויך מיט דער צייט געפינען אַן אַרבעט. אַ שאָד וואָס דו ביסט אַן אומלעגאַלער מענטש... — האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג. — די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען אונדז איצט מויכל אַ סך זאַכן, נאָר אַזוינע מײַסים ווי דײַנע... דאָס זײַנען זיי נישט מויכל...

איזאַ האָט ווידער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג.

### 6.

דאָס איז געשען אינעם קיסאַזשי־מאַרק, אַן אָרט וווּ עס קומען זיך צונויף די שפּעקולאַנטן פון דער גאַנצער שטאָט. איך פלעג אָפט דורכ־גיין דעם באַצירק, איינער פון די ווינציקע אין טאָקיאָ וואָס האָבן ניט געליטן די פאָלגן פון דער מילכאָמע. דעם טאָג בין איך געווען אין מאַרק פון גאַנץ פרי און האָב מיך אָפּגעשטעלט עפּעס אָפּעסן באַ אַ בויד פון אַ מאַקאַראָנען־פאַרקויפער.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געפּײַפערײַ און טרובען פון אַן אויטאָמאָביל. אַפן מאַרק־פּלאַץ האָבן זיך אַרויסגעשאָטן מיט אַ געלאָף גרופּעס מענטשן מיט רויטע פענער און לאָזונגען אַף אָפישן אויפגעשריבן. אונדזערע פּאָליציאַנטן און „דזשיפּס״ מיט מ. פּ. אין זייערע ווײַסע קאַסקן האָבן זיי נאָכגעיאָגט. געהאַנדלט האָט זיך עס קענטיק פון אַן אַקציע קעגן די שטרײַקער. צוויי רויטע זײַנען געלאָפן אין מײַן ריכטונג. איי־נער האָט געשריגן אין אַ מעגאַפאָן און דער צווייטער האָט געפאָכעט מיט אַן אַפיש וואָס האָט געהאַט די אויפשריפט: „יאַפּאַן וועט ניט זײַן קיין קאָלאָניע״!

דער אוילעם האָט געמאַכט אַ וועג פאַר די שטרײַקער און באַלד זיך ווידער צונויפגעקומען און פאַרשטעלט דעם וועג פאַר דער פּאָליציי. ווען די רויטע זײַנען צוגעקומען צו דער הייך וווּ איך בין געשטאַנען, האָב איך געכאַפּט דאָס פעסל מאַקאַראָנעס, וואָס איז געשטאַנען אַפן ווע־געלע און אים אַ וואָרף געטאָן צו די פיס פון די לויפנדיקע. דער וואָס

האָט געטראָגן דעם מעגאַפאָן, קענטיק, דער אָנפירער, האָט צײַט געהאַט אַ שפּרונג צו טאָן אַף אַ זײַט און דער יונג מיט דעם אַפּיש איז אַריבער־געשפּרונגען דאָס פעסל. דער פאַס איז געפאַלן פאַר די פיס פון אַ סטו־דענט מיט אַ פּירעקעכדיק היטל. ער האָט אַ קוויטש געטאָן ווי אַ פרוי, און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף מיר. איך האָב אים אַ שטופּ געטאָן. דער סטודענט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבל, נאָר איך האָב אים דערלאַנגט מיט אַ קני אין בויך און ער האָט זיך אײַנגעבויגן און האָט געקריצט מיט די ציין פאַר ווייטיק.

— פאַררעטער! — האָב איך אַ געשריי געטאָן צום רויטן, און האָב אים דערלאַנגט אַ זעץ אין דער נאָז. ער איז אומגעפאַלן. עמעצער האָט הינטער מיר אַ געשריי געטאָן:

— דערלאַנג אים דעם הונט!

— דערלאַנג! — האָט אַ צווייטער אונטערגעהאַלטן.

ס'איז קלאָר געווען, אַז דער אוילעם איז אַף מײַן זײַט און ניט אַף דער זײַט פונעם רויטן. נאָר אינעם זעלבן אויגנבליק האָט אַ פײַף זיך דערהערט פונקט פאַרבײַ מײַן אויער. איידער איך האָב נאָך צײַט געהאַט זיך אומצודרייען, האָב איך באַקומען אַ זעץ מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ און עמעצער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די אָרעמס.

— איך בין ניט קיין רויטער! — האָב איך גענומען שרײַען און האָב מיך אײַנגעקלאַמערט אין אַקסלבאַנד פונעם מ. פּ. וואָס איז פאַר מיר געשטאַנען, נאָר ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדזשטיק און האָט מיך געשלעפּט צו אַ „דזשיפּ". דער סטודענט האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן אַ צווייטן מ. פּ. אַפן אויער. מען האָט מיך צוגעשלעפּט איבער דער ערד צום וואָגן. דאָרט האָט מען מיר ווידער דערלאַנגט מיטן שטעקן איבערן קאָפּ און מ'האָט מיך אַוועקגע.עצט אַף דער ערד. כ'האָב מיך גע־לאָזט קייטלען די הענט. דער וואָגן האָט זיך גערירט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך דערזען, אַז מיר לאָזן זיך אַרונטער צו טאַמעיקע, אין דער ריכטונג פון כיביאַ. באַלד איז מיר פאַר די אויגן אויסגעוואַקסן די זיבן־שטאָקיקע געבײַדע פון דער לעבנס־פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט: דער הויפּטשטאַב פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן העכסטן שטאַב.

מען האָט מיך אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער און אַרײַנגעפירט אין אַ צימערל, ווו לענגויס די ווענט זײַנען געווען זעק מיט גאָלף־שטעקנס, אין אַ ווינקל זײַנען געווען מאַסקעס, מענישקעס, לעדערנע הענטשקעס און לאָפּעטעס. איך האָב געפאָדערט מען זאָל באַלד צו וויסן טאָן די שעפן, אַז מען האָט מיך אַרעסטירט אַלפּי טאָעס. מען האָט באַדאַרפט אַרעסטירן דעם רויטן און ניט מיך. דער סערזשאַנט האָט מיר געענט־פערט, אַז מען וועט מיך שוין רופן ווען עס וועט נייטיק זײַן. געבעטן האָב איך מען זאָל פון מיר אַראָפּנעמען די קייטעלעך. געענטפערט האָט ער מיר, אַז מען וועט שוין אַראָפּנעמען ווען עס וועט נייטיק זײַן. באַם

באזוכן מיך, האט ער געפונען דאס טעשל מיט דער קאמייע און א מעדיציניש סערטיפיקאט מיט דעם שטעמפל פונעם שעף פונעם עוואקואציע־קאנטראל אין איוואדזשימא. איצט איז מיר פארבליבן בלויז איין אויסוועג: ביזן סאף פארטיידיקן די ווערסיע וואס איז אנגעגעבן געווען אינעם סערטיפיקאט. וועט מען זיך דערוויסן ווער איך בין, בין איך א פארלוירענער.

אין קעלער בין איך געזעסן ביז נאכט. צום סאף איז די וואך געקומען נאך מיר. מיר זײַנען ארויף מיט דעם ליפט ביזן זיבעטן שטאק. ארײַנגעפירט האט מען מיך אין א צימער ווו א מיידל אין אן אוניפארם האט מיר געזאגט אין יאפאנעזיש מיט א נארדאמעריקאנישן אקצענט:

— ארײַן.

אראפגענומען האט מען פון מיר די קייטעלעך. ארײַנגעקומען בין איך אין א גערוימען קאבינעט, א באלויכטענעם מיט בלויז איין טישלעמפל. אף מײַן באגריסונג, האט א נארדאמעריקאנער אפיציר וואס איז באם טיש געזעסן — א קאלאנעל־לייטענאנט — מיר אנגעוויזן מיט דער האנט איך זאל מיך זעצן אף א שטול, וואס איז געשטאנען אינמיטן צימער און האט געדרייט דאס לעמפל אזוי דאס זאל באלײַכטן מײַן פּאנעם. נאכדעם ווי ער האט מיך גוט אנגעקוקט, האט דער נארדאמעריקאנער א לײַכטן און לאנגן פײַף געטאן און אויסדרייענדיק דאס לעמפל ווידער אין מײַן זײַט, האט ער זיך ווידער גענומען צו זײַן איבערגעריסענער ארבעט: ער האט גערייניקט א ליולקע מיט א פעדער וואס ער האט געטונקט אין א סלאיִקל. דעמאלט האב איך אים אויך גוט באקוקט. צוגעזשמורעטע אויגן, א געקארבטער שטערן, קליינע דיקלעכע ליפן אין דער פארעם פון א שלייף: ס'איז אויסער יעדן ספק. דערפילט האב איך ווי איך ווער פארגליווערט. איך האב גענומען שעפטשען א טפילע: נאמואמידאבוצו, נאמואמידאבוצו, נאמואמידאבוצו...

ס'איז נישט קיין אילוזיע; ע ר איז עס.

## 7.

הארשבערגער האט זיך אנגערופן אין יאפאנעזיש:

— איך האב דורכגעפירט די אויספארשונג וועגן דער ווילדער שכיטע איבער די נארדאמעריקאנער געפאנגענע פליער אף דעם האלב־אינדזל מיורא סאף מײַ 1945 און האב פינקטלעך פעסטגעשטעלט די נעמען פון אלע יאפאנעזישע אפיצירן וואס האבן א שײַכעס געהאט מיט דעם איניען. מיר איז באקאנט אײַער ריכטיקער נאמען.

דערנאך האט ער מיר גענומען דערציילן וועגן זײַן באטייליקונג אין דער מאטעריאלן־צוגרייטונג פון א ריי פראצעסן, וואס מען האט געפירט אף די אינדזלען גואם און קוואדזשעליין. די פראצעסן האבן באוויזן, אז

די יאפּאנעזישע אָפיצירן האָבן סיסטעמאַטיש געטייט די נאָרדאַמעריקאַנער געפאַנגענע און דערבײַ אויך באַגאַנגען קאַניבאַלישע אַקטן, לויט אַן אַלטן יאפּאנישן קריגס־מינהעג. אויספירנדיק דעם אורטייל פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן מיליטערישן געריכט, זײַנען עטלעכע צענדליק הויכגעשטעלטע יאפּאנעזישע אָפיצירן בעראָש מיט דעם גענעראַל־לייטענאַנט טאַטשיבאַנאַ און דעם וויצע־אַדמיראַל מאָרי, געקעפּט געוואָרן פאַר קאַניבאַליזם. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערבײַ איז, וואָס לויט דעם גוויאַס־איידעס פון די באַשולדיקטע, איז קלאָר געוואָרן, אַז אַ קאָלאָנעל־לייטענאַנט — צוגערעכנטער אָפיציר צום גענעראַל־שטאַב פאַר באַזונדער וויכטיקע שליכעסן — האָט, בעיס זײַן אויפהאַלט אַף די אינדזלען מאַקין און עניוועטאָק, אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די באַנקעטן, וואָס זײַנען געפּראַוועט געוואָרן לויט די אַלטע יאפּאנעזישע מינהאָגים. דער דאָזיקער אויסוווּרף וואָלט באַדאַרפט איבערגעגעבן ווערן צו אַ קריגס־געריכט ווי אַ מילכאָמע־פאַרברעכער פון דער קאַטעגאָריע „צע״ און פון דער באַזונדערקייט „טיגערס״. די קאַטעגאָריע „צע״ נעמט אַרײַן די וואָס זײַנען באַגאַנגען אוממענטשלעכע מאָנסטער־מײַסים, און אין דער באַזונדערקייט „טיגערס״ פיגורירן אַלע די וואָס האָבן דורכגעפירט קאַניבאַלישע ריטואַלן. דער דאָזיקער קאָלאָנעל־טיגער, וועט אָן שום סאָפעק געהאָנגען ווערן. די קאַמייע וועט אים צו גאָרנישט ניט נוצן.

האַרשבערגער האָט אַ פיר געטאָן מיטן פינגער איבערן האַלדז און האָט צו מיר אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג. דערנאָך האָט ער אַרײַנגערופן די סעקרעטאַרשע, האָט איר איבערגעגעבן אַ צעטעלע און האָט פאַראָרדנט:

— ברענגט מיר פון דער טעקע קריגס־פאַרברעכער די דאַטעס פון דעם הער.

— ווײַזט אָן די קאַטעגאָריע און די באַזונדערקייט — האָט די סעקרעטאַרשע אים געזאָגט. — אַזוי אַרום וועל איך לײַכטער געפינען.

האַרשבערגער האָט עפּעס צוגעשריבן אינעם צעטעלע. נאָכדעם ווי די סעקרעטאַרשע האָט אַ פיר געטאָן מיט די אויגן איבערן אָנגעשריבענעם, האָט זי דאָס מויל צעעפנט און אײַנגעשטאָכן אין מיר די אויגן מיט זשעדנער נײַגיריקייט. אַרויסגעגאַנגען איז זי פונעם קאַבינעט ניט אַראָפּנעמענדיק פון מיר די אויגן.

נאָך אַ קורצער פויזע, האָט האַרשבערגער אַ פרעג געטאָן אין אַ ריין אָפיציעלן טאָן:

— פאַרוואָס האָט איר געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אונדזער מיליטערישער פּאָליציי?

— דערפאַר וואָס מען האָט מיך אַרעסטירט אָלפּי טאָעס. איך האָב געוואָלט כאַפּן אַ רויטן...

— איר האָט געשלאָגן אַ מענטשן...

— דער סטודענט איז געווען אַ רויטער, ער איז געלאָפן...

האַרשבערגער האָט געקלאַפּט מיט די פינגער־ביינדלעך אָפן טיש.

— איר האָט געשלאָגן איבער דער נאָז און אין נאָך אַן אָרט אַן אַגענט פון אונדזער קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט. און מיר דאַכט זיך איר האָט אים צעקאַליעטשעט. ער האָט זיך דעמאָלט געיאָגט נאָך אַ באַקאַנטן רויטן אַנפירער. מיר האָבן אַ פולן גרונט אײַך צו פּראָצעסירן פאַר האָבן געפּרוווט טייטן אַף דעם אויפטראַג פון דער יאַפּאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַן אַגענט פון דער צע אי צע. איך גיי אין געוועט, אַז דאָס קריגס־געריכט וועט דאָס אײַך ניט שענקען.

— אויב מען וועט מיך פירן פאַרן געריכט, וועל איך קענען דער־ציילן ווי נאָרדאַמעריקאַנער געפאַנגענע אָפיצירן האָבן אַרויסגעגעבן זייער וויכטיקע סטראַטעגישע סוידעס קעדיי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן.

— האָט איר באַווײַזן? — האָט האַרשבערגער מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטאָן. — די דערקלערונגען פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער אָפיציר זײַנען ניט געוואָרן אויפגעשריבן, צוליב זייער שטרענג־פאַרטרוילעכן כאַ־ראַקטער, און בלויז אײַער קריגס־מיניסטער, דער גענעראַל אַנאַמי, האָט געמאַכט אייניקע פאַרצייכענונגען בײַ זיך אינעם בלאָק בעייס דעם אויס־פרעג, וואָס ער אַליין האָט געפירט. נאָך דער קאַפּיטולאַציע האָט מען אונדז איבערגעגעבן אַלע פּאַפּירן וואָס זײַנען געלעגן באַם קריגס־מיניס־טער אין זיכערקייטס־קאַסע, דערין דעם מיניסטערס בלאָק. נאָר אַזוי ווי אַלע פאַרצייכענונגען אין דעם בלאָק, געמאַכטע מיט ניט לייענבאַרע יעראָגליפן, האָט מען ניט געקענט דעשיפרירן, האָט מען אַף מײַן באַשלוס דעם בלאָק פאַרברענט אינאיינעם מיט אַנדערע ניט אינטערעסאַנטע פּאַ־פּירן. אַזוי אַז איר וועט גאָרנישט האָבן מיט וואָס אײַערע ווערטער צו שטיצן. דאָס געריכט וועט ניט גלייבן די אומזיסטע דערקלערונגען פון אַ קריגס־פאַרברעכער.

— מיט די פאַרצייכענונגען פונעם קריגס־מיניסטער — האָב איך געענטפערט — האָב איך געשריבן אַ באַריכט פאַרן מיקאַדאָ. דאָרט האָב איך פּינקטלעך אָנגעגעבן דעם נאָמען פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער געפאַנ־גענעם, וואָס האָט מיר צוגעשטעלט די דאַטן בענעגייע די צוקונפטיקע אָפּעראַציעס „אָלימפּיק", „קאָראָנעל" און „זילבערנער בעקן". איך וועל אָנרופן פאַרן טריבונאַל די נעמען פון אייניקע הויכגעשטעלטע אָפיצירן אינעם סעקרעטאַריאַט פונעם העכסטן ראַט בײַ דער קריגספירונג, וואָס האָבן געלייענט דעם באַריכט.

— רופט מיר אַן די נעמען פון די אָפיצירן.

איך האָב מיך געמאַכט קלוימערשט ווי איך וויל מיך דערמאָנען, נאָר דערנאָך האָב איך אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דו ווילסט זיי ניט אָנרופן?

האַרשבערגער האָט געכאַפּט פונעם טיש אַ גרויסן צינדער און מיר

אים געוואָרפֿן אין פּאָנעם אַרײַן. דער צינדער האָט מיר געטראָפֿן אין אַן אויער.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז די יעדיע וואָס איך האָב אים געגעבן וועגן לעבעדיקע אײדעס, איז פֿאַר אים געווען אַן איבעררײַשונג. ער האָט זיך באַטראַכט פֿאַר אויסער יעדער געפֿאַר, און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז איך האָב אַ סאָד אין די הענט. ביידע זײַנען מיר געווען אין דער זעלבער לאַגע: „מיר האָבן געהאַלטן איינער דעם צווייטן פֿאַרן עק".

האַרשבערגער האָט רוּיִק אָפּגערוקט דעם שטול און איז מיט אַ געבריל צוגעקומען צו מיר:

— שטעל דיך אויף, דו מיִעסער נעפעש! טרעט נישט אַריבער די גרענעץ! איך וועל דיך לערנען איירראָפּעיִשע מאַנירן!

איך האָב מיך אויפגעשטעלט. האַרשבערגער האָט גענומען צוויי בלײַ־פּעדערס פֿונעם טיש.

— זאָג מיר ווי רופֿט מען די אָפּיצירן, לאָמיר הערן!

— איצט געדענק איך ניט. איך שווער אײַך . . .

— גיב אַהער אַ האַנט.

ער האָט מיר באַפֿוילן צענעמען די פֿינגער און האָט צווישן זיי אַרײַנגעשטעקט די בלײַפּעדערס.

— איצט וועל איך צוקוועטשן ביז דו וועסט זאָגן אַלץ וואָס דו ווייסט. נאָר איך ראָט דיר ניט אַקשענען זיך. צו וואָס פּײַניקן זיך אומזיסט? איר ווילט ניט אויסזאָגן זייערע נעמען, קעדיי צו האָבן אַף יעדן פֿאַל אַ פֿאַרצוג, ריכטיק?

ער האָט מיך שטײַף אָנגעקוקט.

— איר ווילט אײַנהיטן דעם פֿאַרצוג ווײַל איר האָט מוירע.

— יאָ, איך האָב פֿאַר אײַך מוירע און איר האָט מוירע פֿאַר מיר. מיר געפֿינען זיך אין אַן ענלעכער לאַגע.

— ניין, איך בין אין אַ בעסערער. דאָס מאָל זײַט איר מײַן געפֿאַנגענער. נאָר . . . מען קען ריידן גאַנץ נאָרמאַל. ווי מיינט איר?

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. האַרשבערגער האָט אַ וואָרף געטאָן די בלײַפּעדערס אַפֿן טיש און איז צוריק אַוועק אַף זײַן אָרט.

— אַריין! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

אַרײַנגעקומען איז די סעקרעטאַרשע און האָט אַוועקגעלייגט אַפֿן טיש אַ בלעטל פּאַפּיר, צו וועלכן עס איז געווען צוגעשפּיליעט אַ קוויטל. דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן דעם צינדער פֿון דער ערד, האָט אים דערלאַנגט דעם שעף און איז ווידער אַרויס. האַרשבערגער האָט אַ קוק געטאָן אַף דעם קוויטל, האָט מיך מיט שטוינען אָנגעקוקט און האָט מיר געהייסן דעם קאָפּ אויסדרייען. איך האָב געפֿאָלגט. האַרשבערגער האָט אַ לאַנגן פֿײַף אַרויסגעלאָזט.

— דער שראַם איז אַף זײַן אָרט. איר זײַט עס ריכטיק. — ער האָט זיך צעלייגט אינעם שטול און האָט אַרויסגעלאָזט אַ געלעכטערל. — מיך האָט אַזוי געפרייט וואָס איך זע אײַך, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז שוין אַ לאַנגע צײַט ווי איר זײַט געשטאָרבן. אײַער גוף האָט מען געפוּנען אַפן פּלאַץ פאַרן פּאַלאַץ אַ פאַרברענטן, און דאָס אַש האָט מען אײַער פאַמיליע איבערגעגעבן. די דאָטן זײַנען שטרענג ריכטיקע. דער ריכטער פון דער צווייטער סעקציע שטיצט זיך אַף די פּאַרטרוילעכסטע יעדיעס.

— ס'איז באַ מיר קיין ספק ניט — האָט האַרשבערגער אַ זאָג געטאָן מיט באַוואונדערונג. — נאָר די אַזיאַטן קען אַזוינס אײַנפאַלן... טייל האַרגענען זיך און אַנדערע גיבן זיך אָן פאַר זייערע פּגרים... איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס אַלע די וואָס זײַנען באַ מיר אַפן צעטל פון די „טיגערס" זײַנען אומגעקומען. דאָס הייסט, זיי זײַנען פּונקט אַזוי טויט ווי איר... דער גוף ליגט אין קייווער און די נשמה שפּאַצירט זיך אום אין שטאָט.

— אײַנגעפאַלן איז עס בלויז מיר און דאָס צופעליק — האָב איך אַ מורמל געטאָן און די אויגן אַראָפּגעלאָזט — איך בין גרייט געווען צו שטאַרבן, נאָר מען האָט מיך נישט געלאָזט... דערנאָך איז שוין די געלעגנהײַט נישט געווען. וואָס שײַעך מײַנע גוטע־ברידער, האָבן זיי זיך אַף אַן עמעס דאָס לעבן גענומען, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן מיט מוט. זייער ערנהאַפטיקער סאָף...

— קורץ, איר האָט זיך דערשראָקן. און ווער זײַנען עס געווען אײַערע מוטיקע גוטע־ברידער?

איך האָב אָנגערופן די נעמען פון דזינטאַן, מוסאַליני, קאַצומאַטאַ און מינע. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז זיי האָבן אַלע געדינט אינעם הויפּטשטאַב פון דער קוואַנטונג־אַרמיי, האָט האַרשבערגער פאַרצייכנט זייערע נעמען און האָט מיך געפרעגט צי עמעצער פון זיי האָט שטודירט אין דער נאַקאַנער שול, וואָס האָט געגרייט באַאַמטע פאַרן געהיימען דינסט. געענטפערט האָב איך, אַז מוסאַליני און קאַצומאַטאַ האָבן געלערנט אין נאַקאַנאַ. האַרשבערגער האָט ווידער פאַרצייכנט.

— איר האָט אַ פײַנע דינסט־פאַרגאַנגענהייט — האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ שנאַלץ געטאָן אינעם פּאַפּיר מיט דעם צוגעשפּיליעטן קוויטל. — איר האָט אַ היפּשע דערפאַרונג אין געהיימען דינסט אַפן קאָנטינענט. איך מיין, אַז איר קענט אונדז צונוץ קומען. הייבט אָן פון צושטעלן אונדז דאָטן וועגן אייניקע אַנגעלעגנהייטן. זעצט אײַך אָט דאָ, הער גײַסט. — ער האָט מיר אָנגעוויזן אַ שטול לעבן טיש. — ווילט איר אַ ציגאַרעט?

— איך בעט אײַך קריגט פאַר מיר כיראָפּאָן — האָב איך אים געזאָגט ווען איך בין צוגעקומען צום טיש. — עפּשער האָט עמעצער... איך פיל זייער נישט גוט...

— אויך איר נוצט עס ? — האַרשבערגער האָט אַרויסגענומען אַ פּור־דעלע פון דער אויבערשטער קעשענע באַ זיך פונעם רעקל און האָט מיר אָנגעבאָטן. — נאָר מײַנער איז אין אַבלאַטקעס.

איך האָב אײַנגעשלונגען צוויי אַבלאַטקעס מיטאַמאָל. האַרשבערגער האָט אויפגעשריבן עטלעכע פראַגעס אַף אַ פּאַפּיר און האָט אים מיר דערלאַנגט. פאַרלאַנגט האָט מען איך זאָל מיטטיילן וואָס פאַר אַן אַר־בעט עס ווערט געטאָן אינעם אָרגאַן פון דעם ספּעציעלן דינסט אין שאַנ־כײַ, איך זאָל אויסרעכענען די געהיימע אַגענטן, וואָס פלעגן אַרבעטן אַף מײַנע אָנווײַזונגען צווישן די קאָמינטאַנג־מענטשן און אין דער גע־היימער פאַרברעכער־געזעלשאַפט כומבאַנג, און אויסלייגן אַלץ וואָס איך ווייס וועגן דער טעטיקייט פונעם אַזוי גערופענעם „אינסטיטוט טואַדאַ־בונשאָין״, אונדזער אויסשפּיר־אָרגאַן אין שאַנכײַ, וואָס פלעגט אַרבעטן קעגן דער אומלעגאַלער רויטער באַוועגונג.

— דאָס זײַנען דאָך געהיימע יעדיִעס. יאַפּאַנישע אָפיצירן גיבן ניט אַרויס קיין געהיימע יעדיִעס. — האָב איך געזאָגט.

— קרימט אײַך ניט, — האָט האַרשבערגער געזאָגט — שרײַבט. איר זײַט ניט קיין פרײַלן.

— איר זײַט געוווּנט האָבן צו טאָן מיט פּאַנפּאַנעס.

האַרשבערגער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— נעמט דאָס פּאַפּירל צו זיך אַהיים און גרייט צו די ענטפערס. דערווײַל וועל איך צוגרייטן אַנדערע פראַגעס. ווו וווינט איר ?

דערוווּסט זיך מײַן אַדרעס, האָט האַרשבערגער אָפּגעמערקט דעם טעלעפאָן־נומער, האָט אָנגעקלונגען צום מאַיאָר שעראָד און האָט אים געפרעגט צי קען ער איאיס ביורא. אויסגעהערט דעם ענטפער, האָט ער אָוועקגעלייגט דאָס טרײַבל און זיך אויסגעדרייט צו מיר:

— זאָגט ניט דעם איאי אַז איר זײַט דאָ געוועזן און אויך נישט וועגן דעם וואָס מיר האָבן דאָ געשמועסט. גיט איר אײַער וואָרט ? קען מען אײַך גלייבן ?

— איך גיב מײַן וואָרט. איר מעגט גלויבן אַ יאַפּאַנישן אָפיציר.

האַרשבערגער האָט אָנגעצונדן זײַן פּיפּקע. נאָכדעם ווי ער האָט פאַר־ענדיקט רייכערן, האָט ער מיך אינדערשטיל אַ פרעג געטאָן:

— אויב מען זאָל האַלטן די דאַטעס פונעם קוויטל פאַר ריכטיקע, איז דער קאָלאָנעל־לייטענאַנט „טיגער״ געשטאָרבן און מען קען אים דע־ריבער ניט מישפּטן. ריכטיק ?

— אויב עס וועט קיין מישפּעט ניט זײַן, וועט אַלץ וואָס דער גע־שטאָרבענער קאָלאָנעל־לייטענאַנט האָט געוווּסט, זײַן אַ סאָד אַף אייביק. די טויטע זײַנען די בעסטע היטער פון סוידעס.

— מאַסקים ! — האַרשבערגער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט אַף דער לינקער זײַט בלעטל אויפגעשריבן זײַן טעלעפאָן־נומער און מיר דער־

לאַנגט. — קלינגט אָן ווען די ענטפערס וועלן זײַן אָנגעשריבן, וועלן מיר זיך זען. דערמאָנט איר אײַך דעם שמועס וואָס מיר האָבן געהאַט ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל געזען? מיר האָבן דעמאָלט גערעדט וועגן דער צוקונפט...

— איר האָט גערעדט וועגן דעם צוקונפטיקן נאָרדאַמעריקאַנישן אי־שיכאָרא־פּלאַן...

— יאָ, די צוקונפט וועגן וועלכער מיר האָבן דעמאָלט גערעדט, איז שוין איצט אַ קעגנוואַרט. איצט האָבן מיר איין געמיינזאַמען ציל: ראַ־טעווען מיזרעך־אַזיע פון דער רויטער פאַרפּלייצונג. מיר זײַנען פאַרבינ־דעטע.

— אײַער פאַרבינדעטער איז צעטראָטן און אַנטוואָפנט.

— טרײַבט ניט איבער. איר זײַט ווײַט נישט קיין צעטראָטענע, וואָס שײַך אַנטוואָפנט, איז פאַראַן אַ מיטל דערצו. אַף אונדזערע אָנ־ווײַזונגען האָט איר דורכגעפירט די דעמאָביליזאַציע אַף אַזאַ אָרגאַני־זירטן אויפן, אַז צו יעדער צײַט קענט איר דורכפירן דעם פּראָצעס פאַר־קערט מיט דער זעלבער לײַכטקייט.

ער האָט צו מיר אַ פינטל געטאָן מיטן אויג און האָט מיר דער־לאַנגט די האַנט. איך האָב זי געדריקט. ער האָט אין אַ קאָנווערט אַרײַנ־געלייגט דאָס זעקעלע מיט דער קאַמייע, דעם מעדיציינישן סערטיפיקאַט און דאָס בלעטל פּאַפּיר און האָט אים מיר דערלאַנגט.

— איר דאַרפט אײַך נישט מער אויסבאַהאַלטן. דער סערטיפיקאַט וואָס מען האָט אײַך געגעבן אין איוואָדזימאַ איז אַ באַגלויבטער דאָקו־מענט. האַלט אים בײַ זיך. פאַרענדיקט האָט זיך אײַער אויפהאַלט אינעם „באַסט". איך באַגריס אײַך.

איך האָב גענומען דעם קאָנווערט.

— עס פרייט מיך וואָס אונדזער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט אַף אַ גליקלעכן אויפן און איך האָב נישט געמוזט באַנוצן קיין שום אומאָנ־גענעמע פּראָצעדור.

— אונדז איז באַקאַנט אָט די פּראָצעדור מיט די בלײַפעדערס. מיר רופן זי „הילצערנע הענטשקע" — האָב איך אים געזאָגט.

— אָט דאָס איז אַ... — האַרשבערגער האָט אַרויסגענומען די שוועבעלעך פון דער קעשענע און נאָכדעם ווי ער האָט פאַררייכערט די פּיפּקע, האָט ער צוגעטראָגן צו דער האַנט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע — אַ זייער ווירקזאַמע פּראָצעדור. איבערהויפּט ווען מען ווענדט זי אָן אַף אַן אינטעליגענטן אויפן: אָן אַפּרו, אָבער אויך נישט גרייכנדיק ביז כאַ־לעשן. איך ווינטש עס קיינעם ניט ווי אַ פּרווו.

ער האָט אַ שוידער געטאָן און, אַוועקוואַרפנדיק דאָס אינגאַנצן אויס־געברענטע שוועבעלע, האָט ער אַ בלאָז געטאָן אַף די פינגער און גע־טרייסלט די האַנט.

— גוט, איר קענט גיין — האָט ער געמאַכט אַ גרימאַסע. — וואַרט אַף מײַן טעלעפאָנישן רוף.

האַרשבערגער האָט צוגערופן אַ לייטענאַנט און אים געהייסן מיך לאָזן אַרויסגיין פון דער געבײַדע. באַם געזעגענען זיך, האָט ער מיך געוואָרנט, אַז אינעם צעטל פונעם „קרימינעל־רעדזשיסטער" אין דער צווייטער סעקציע פונעם הויפטשטאַב בין איך פאַרצייכנט אַלס טויטער און איך מוז דעריבער אַף שטענדיק פאַרגעסן מײַן עמעסן נאָמען און געדענקען בלויז דעם פאַמיליען־נאָמען און דעם ראַנג וואָס איז אָנגעוויזן אינעם מעדיצינישן סערטיפיקאַט. דערנאָך האָט ער ווידער געפאָדערט פון מיר דאָס וואָרט, אַז איך וועל מיט קיינעם נישט ריידן וועגן אונדזער געשפּרעך. איך האָב געשוווירן באַ מײַן ערע פון אַ יאַפּאַנישן אָפיציר, וואָס וועט אַלצדינג האַלטן בעסאָד.



# די הויפּט־ביוראָ

.1

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך אַלצדינג דערציילט איזאַ׳ן: וויאַזוי איך בין אַרײַנגעפאַלן אינעם נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב, מײַן צוזאַמענטרעף מיט האַרשבערגערן און אונדזער געשפּרעך. איזאַ האָט מיך, ווי שטענדיק, אויסגעהערט מיט די הענט אויפן בויך פֿאַרלייגט און צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ביכלאַל איז אַלץ אַרויסגעקומען זייער גוט. דאַרפסט דאַנקבאַר זײַן דעם שפּיאָן פון דער צע אי צע. האָלט דיך שוין פאַר אַן אַמגעס־טירטן. איצט קענסטו שוין אַרבעטן בײַ מיר אין ביוראָ אָן שום איבער־טראַכטענישן.

— האַנדלען מיט הייוון־באַמיסטיקונג? — האָב איך אַ פרעג גע־טאָן און געמאַכט אַ מינע פון עקל.

איזאַ האָט שטיל געלאַכט.

— ניין, איצט קען מען מיט דיר ריידן וועגן אַנדערע געשעפטן, אינטערעסאַנטערע ווי אין מײַן ביוראָ.

אָנגעהויבן האָט ער דערציילן פון זינט דער אַזוי גערופענער מאַ־נילאַ־זיצונג. באַלד נאָכדעם ווי דער קייזערלעכער דעקרעט וועגן דער קאַפּיטולאַציע איז איבערגעגעבן געוואָרן דורך ראַדיאָ, האָט דער גענע־ראַל מאַק־אַרטור גערופן קיין מאַנילאַ דעם גענעראַל־לייטענאַנט קאַוואַ־בע, צווייטן שעף פונעם יאַפּאַנעזישן צענטראַלן הויפּטשטאַב, און האָט מיט אים געהאַט אַ שמועס אין דער אָנוועזנהייט פון דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב זאַטערלאַנד. בעיס דעם שמועס האָט מאַק־אַרטור געגעבן געהיימע אָנווײַזונגען דעם פאַרשטייער פון דער יאַפּאַנעזישער קריגס־פירונג.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין טאָקיאָ, האָט קאַוואַבע אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם מיקאַדאָ און די אימפּעריאַלע רעגירונג האָט באַלד גענו־מען אויספירן די אָנווײַזונגען פון מאַק־אַרטור.

דער גענעראַל אַקאַמוראַ, העכסטער שעף פון דעם יאַפּאַנעזישן מי־

ליטער אין כינע, האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג טייקעף צו שליסן אַ געהיימען אָפּמאַך מיט כאַ אין־טזין, שעף פונעם קאָמינטאַנגישן צענטראַלן הויפּטשטאַב. און דער גענעראַל־לייטענאַנט סומידאַ, קאָמענדאַנט פון דער אַרמייען־גרופּע פון דער ערשטער ריכטונג, האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו אײַנפאַרשטיין זיך מיט דעם מאַרשאַל יען כסי־שאַן.ביידע אָפּמאַכן זײַנען אויסן געווען אַז די קאַפּיטולאַציע פונעם יאַפּאַנעזישן מיליטער אין כינע זאָל דורכגעפירט ווערן אַזוי אַז די וויכטיקסטע כינעזישע ראַיאָנען זאָלן נישט קענען אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די כינעזישע קאָמוניסטן. אין פאַל דאָס וועט נייטיק זײַן, האָט דאָס יאַפּאַנעזישע מיליטער באַדאַרפט אונטערנעמען אַקציעס קעגן די רויטע איינײַנעם מיט דעם קאָמינטאַנגישן מיליטער. באַלד דערויף האָט זיך באַקומען אַ יעדיעה פון אָקאַמוראַ, אַז ער האָט זיך געזען מיט כאַ אין־טזין אין טשיטס־יאַנג און אַז דער אָפּמאַך איז געשלאָסן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די צופּאַסונג פון דעם יאַפּאַנעזישן מיליטער אין לאַנד גופא. איינצײַטיק מיט דער אויפלייזונג פון די מיליטערישע קערפּערשאַפטן און אינסטיטוציעס, זײַנען געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דעמאָביליזירטע: קאָאָפּעראַטיוועס, ביוראָס, אַגראַרע געמיינשאַפטן, קלובן. דאָס האָט מען געמאַכט קעדיי דאָס אָפּיצירנטום זאָל זיך ניט צעפאַלן. אָפּגעזען פון זייער ווערן און נאָמען, זײַנען די אַלע אָפּיצירן־גרופּירונגען אַריבער אונטערן קאָנטראָל פונעם נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב און העכסטן שעף.

שפּעטער האָט מען איבערגעגעבן דער נאָרדאַמעריקאַנער אָנפירונג די מאָביליזאַציע־רעגיסטערס פון דער יאַפּאַנעזישער אַרמיי און די געהיימע אַרכיוון פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב: פאַר אַלעמען, די מאַטעריאַלן וואָס האָבן אַ שײַכעס מיט דעם אישיכאַראַ־פּלאַן און איינעם פון זײַנע וואַריאַנטן, וואָס האָט געטראָגן דעם שיפרירטן נאָמען „ספּעציעלע מאַנעוורעס פון דער קוואַנטונג־אַרמיי“.

קורץ, אַלע אָנווײַזונגען פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער העכסטן שעף זײַנען אויסגעפירט געוואָרן.

— וועלכער אָפּטייל פונעם נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב פירט אָן מיט די איניאָנים פון די גרופּירונגען דעמאָביליזירטע? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— אַ ספּעציעלער אָפּטייל וואָס פירט אָן מיט דער אָרגאַניזירונג פון יאַפּאַנעזער פּאָליציי־קערפּערשאַפטן. אין דער עמעסן, אָבער, זײַנען די פונקציעס פון דעם אָפּטייל אַ סאַך ברייטערע. דער אָפּטייל טראָגט דעם נאָמען ביוראָ „זי. עף.“.

— ווי דעשיפרירט מען עס?

— „זי.“ איז דער קיצער פון „זעראָ האָור“ (די אַנטשיידענע שאָ), און „עף.“ מיינט „פאָרסעס“, באַוואָפנטע קויכעס.

— באַוואָפנטע קויכעס פאַר דער אַנטשיידענער שאָ... דער נאָמען זאָגט זייער אַ סאַך!

איאי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— גענוג קלאָר. דאָס מיינט, אַז די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן באַשלאָסן איבערצונעמען פאַר זיך דעם אישיכאַראַ־פּלאַן. דורכפירן דאָס וואָס אונדז האָט זיך עס ניט איינגעגעבן.

— אויך מיינט עס, אַז זיי וועלן זיך ניט קענען באַגיין אָן אונדזער הילף.

— פאַרשטייט זיך.

מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און זיך פונאַנדערגעלאַכט. איאי האָט אַרויסגענומען פון שראַנק אַ פלעשל „וויַיסער בושל" און טע־טאַזעס. גענומען האָבן מיר טרינקען סאַקע, נישט אָנגעוואַרעמטן.

איך האָב געשטעלט איין פראַגע נאָך דער צווייטער. איאי האָט געדולדיק צופרידנגעשטעלט מײַן נײַגיריקייט. ער האָט מיר אויפגעקלערט די סטרוקטור פון דער ביוראָ „זי. עף.". אַ דירעקט אונטערגעוואָרפענע דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב, באַשטייט זי פון עטלעכע אָפּטיילונגען, וואָס אין זייער רעשוס גייען אַרײַן די יאַפּאַנישע פּאָליציייִשע קויכעס פון יאַם און יאַבאָשע און פון די פריערדיקע אָפיצירן־גרופּירונגען. אַכוצדעם, פאַרמאָגט די ביוראָ עטלעכע ספּעציעלע גרופּעס. די ערשטע גרופּע פירט אָן מיט די אָפיצירן־גרופּירונגען פונעם הויפּטשטאַב, דערין איאיס ביוראָ; די צווייטע פירט אָן מיט די געוועזענע זשאַנדאַרמעריע־אָפיצירן און נידעריקערע באַאַמטע פון דער פּאָליטישער געהיים־פּאָליציי, דאָס הייסט, די ספּעציאַליסטן אינעם קאַמף קעגן די לינקע קויכעס, און די דריטע גרופּע פירט אָן מיט די געוועזענע אָפיצירן פונעם געהיימען דינסט, וואָס זײַנען ספּעציאַליסטן אין אויסשפּיר־אַרבעט. די אָפיצירן פון געהיימען דינסט, וואָס פלעגן אויספירן אַקציעס פון ספּעציעלער וויכטיקייט שטייען אונטער אַ פערטער גרופּע, די גרופּע „דזשעי". לויט אירע פונקציעס געהער די גרופּע צום אַכטן סעקטאָר פון אונדזער צענטראַלן הויפּטשטאַב.

— איך האָב געהערט ריידן וועגן דײַן האַרשבערגערן — האָט איאי זיך אָנגערופן. — מען זאָגט ער פירט אויס ספּעציעלע געהיימע שליכעסן, וואָס ווערן אים אָנגעטרויט פונעם גענעראַל־מאַיאָר טשאַרלז ווילוגבײַ, שעף פונעם אויסשפּיר־דינסט באַם הויפּטשטאַב, און מען רופט אים דעריבער אינעם הויפּטשטאַב „האַש־האַש", וואָס דאָס מיינט „שטרענג פאַרטרוילעך". האַש־האַש אַרבעט איצט אין דער גרופּע „דזשעי" פון דער ביוראָ „זי. עף.".

מיר האָבן אַזוי געשמועסט ביז באַגינען. איאי האָט אַ קוק געטאָן אָפן זייגער און האָט אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ. געגעבן האָט מען די עמיסיע „געזוכטע קרויווים און באַקאַנטע". איך פלעג שטענדיק אויפ־

שטיין זייער שפּעט און פלעג דערום קיינמאָל ניט הערן די דאָזיקע עמי־סיע. נאָר געוווּסט האָב איך, אַז אין דער נאָכמילכאָמעדיקער יאַפּאַן הערט מען ניט קיין שום עמיסיע מיט אַזאַ אינטערעס ווי די וועגן די געזוכטע קרויווים.

דער שיך־הענדלער דער און דער, וואָס האָט געוווינט דאָרט און דאָרט, זוכט זײַן ווײַב, וואָס איז פאַרשווּנדן בעיס דער באָמבאַרדירונג פון טאָקיאָ, און בעט יעדן וואָס ווייס עפּעס וועגן איר, אים ענטפערן. מען בעט די קרויווים פון אַן אונטעראָפיציר, וואָס איז אומגעקומען אין בירמאַניע זיי זאָלן קומען אַף אַ באַשטימטן אַדרעס אָפּצונעמען דאָס קעסטל מיט דעם אַש. אַ פאַרפאַלק, וואָס האָט אַרײַנגענומען צו זיך אַ מיידעלע נאָך דער מוטערס טויט, זוכט דעם קינדס פאָטער, וואָס האָט שוין געמוזט צוריקקומען פון קאָרעע.

דערנאָך האָט דער ספּיקער איבערגעלייענט: סאַקאַנאַ קומאַקאָ, אַן אַלטע קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז אַהיימגעקומען פון באָרנעאָ דעם 15טן נאָוועמבער פאַרגאַנגענעם יאָר וואָלט וועלן זען דעם האַר האַמאַדאַ אי־נעסקאַ.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן.

— זי זוכט איר געליבטן.

— ניין — האָט איאַי געזאָגט. — דאָס מיינט, אַז מאָרגן 15 אַזיי־גער וועט פאָרקומען אין דער ביוראָ סאַקומאַ אַ פאַרזאַמלונג פון אָפי־צירן, וואָס האָבן געדינט אינעם אַוויאַציע־דעסטאַקאַמענט פון האַמאַי. אין עקסטרע פאַלן נוצט מען די עמיסיע אַף אַזוינע מעלדונגען.

2.

נאָך אַלעמען, האָט מיך דער כוש האַרייעד פון אַן אַלטן באַאַמטן אינעם ספּעציעלן דינסט נישט אָפּגענאַרט. נישט אומזיסט פלעגן מיך אַזוי ציִען צו זיך די שמאָלע געסלעך פון די האַנדלס־געגנטן, ווו עס שטייען די הײַזער באַשלאָגענע מיט שילדן פון אַלערליי געשעפטן. ניט אומזיסט האָבן מיך אַזוי געצויגן צו זיך יענע שילדן. נאָר דעמאָלט האָב איך ניט געוווּסט, אַז די יעראָגליפן, די ציפערן און די לאַטייניש אוי־סיעס וואָס זײַנען אַף זיי אויפגעשריבן דאַרף מען לייענען אַף אַ גאָר באַזונדערן אויפן.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז „הייוון־באַמיסטיקונג" מיינט דאָס אייגענע וואָס „אַראָמאַטישע שוואָמען שיטאַקע". די אַלע קאָמפּאַניעס און ביוראָס מיט זייערע שילדן וועגן באַמיסטיקונגען און שוואָמען, זײַנען גאָר פּי־ליאַלעס פון דער צענטראַל־אַזיאַטישער ליגע, די אָרגאַניזאַציע פון גענע־ראַל אישיכאַראַס אַנהענגער.

די פאַריינען און קלובן וואָס זײַנען באַצייכנט מיט אַ נומער —

פּאַריין 8, פּאַריין 14, פּאַריין 38 און נאָך אַ סך אַזעלכע פּאַריינען — זיבּנען גרופּירונגען פון אָפיצירן, וואָס האָבן געדינט אין דער זעלבער קערפּערשאַפט אָדער האָבן געלערנט אינאיינעם.

די „קאָאָפּעראַטיוועס פון געמיינזאַמער אַגראַר־אַרבעט" פון די געגנטן טאַקאַראַזאַוואַ, קאַסומיגוראַ, יאָקאָטאַ, מיסאַוואַ און אַנדערע מיליטערישע אַעראָדראָמען, זיבּנען גרופּירונגען פון דעסטאַקאַמענטן אוויאַציע־אָפיצירן. די קאָאָפּעראַטיוועס פון וועלאָריקשעס (האַנט־וועגעלעך־פירער) אין די וויכטיקסטע שטעט פונעם לאַנד און די קאָאָפּעראַטיוועס פון פיש־פאַנג אין די דערפער לענגויס דעם ברעג פונעם יאַפּאַנישן ים, באַשטייען פון אַרמיי־אָפיצירן און פון פלאָט. טייל פון די קאָאָפּעראַטיוועס באַשטייען אויסשליסלעך פון די וואָס האָבן באַלאַנגט צו די טאַנקען־דעסטאַקאַמענטן און פאַראַשוטיסטן זעלבסטמערדער.

צו די אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען דעריקער אַרײַן אונטעראָפיצירן, האָבן זיך אָנגעשלאָסן די מיטגלידער פון די עקסטרעם־רעכטע געזעלשאַפטן. נאָך דער מילכאָמע האָט מען די דאָזיקע געזעלשאַפטן אויפגעלייזט, נאָר באַלד דערויף האָבן זיי ווידער אויפגעלעבט אונטער אַן אַנדער נאָמען מיט דער דערלויבעניש פון דעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּט־שטאַב.

די שול פון „גרויסן מיזרעך", וואָס האָט זיך באַטייליקט אין אונדזער אויפשטאַנד ערעוו דער קאַפּיטולאַציע, האָט מען אַ נאָמען געגעבן האַנדלס־קאָמפּאַניע „פּודזשי". אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַקומען דעם נאָמען האַנדלס־קאָמפּאַניע „זילבערנער שטערן", אינדוסטריעלע געזעלשאַפט „מידאָרי", געזעלשאַפט פאַר שטודיום פון ווירטשאַפט און אַרבעט, אַרבעטער־פּרײַנטשאַפט פון גרויס־יאַפּאַן, און אַזוי ווײַטער. אָפּן אינדזל קיושו, ווו עס איז אַמאָל געבוירן געוואָרן די געזעלשאַפט „דער שוואַרצער דראַקאָן", נאָך דער מילכאָמע אָן אויפגעלייזטע, איז איצט טעטיק געוואָרן די „פּרײַנטשאַפט פון דער כריזאַנטעמע־פאָן". אין מאַקאַרטורס הויפּטשטאַב האָבן זיך שוין געהאַט רעגיסטרירט באַ צוויי טויזנט געזעלשאַפטן פון דעם מין. זייער אַלעמענס ציל איז געווען צוצוגרייטן די יוגנט צום קאַמף קעגן די רויטע, די אינעוווייניקסטע און דרויסנדיקע סאָנים פון דער אימפּעריע.

די אָפיצירן פונעם הויפּטשטאַב האָבן זיך געהאַט פאַרייניקט אין קליינע געשלאָסענע גרופּעס, ענלעכע צו די שלאַכט־גרופּעס וואָס האָבן זיך געשאַפן ערעוו דעם אויפשטאַנד.

קעגנ:בער דער באַן־סטאַנציע יאָצויאָ, אינעם הײַזל פונעם שיניוקו־דיסטריקט, ווו עס איז געהאָנגען די שילד „האָטעל פוקודאַיאַ", האָט זיך געפונען דער הויפּטשטאַב פון דער גרופּע פלאָט־אָפיצירן אָנגעפירט פון די וויצע־אַדמיראַלן מאַיעדאַ און קאָנדאָ, און אינעם האָטעל וואַקאַמאַצוסאָ, פונעם אושיגאָמע־באַצירק, האָט זיך געפונען דער הויפּטשטאַב

פון אַ גרופּע מיליטערישע מעדיצינער באַקטעריאָלאָגן. דער קלוב „ראָמאַנס", אַף דער גאַס מײַרעוודיק גינצאַ, לעבן דער טעלעגראַפן־אַגענטור „דענצו", איז געווען דער הויפּטשטאַב פון די אָפיצירן, וואָס האָבן געלערנט אין דער צענטראַלער אויסשפּירער־שול פון נאַקאַנאָ. דאָס קאַפעהויז „אַקאַכאָשי", אינעם באַצירק שיבויאַ, האָט געדינט אַלס אומלעגאַלער צענטער פאַר די אָפיצירן, וואָס האָבן געדינט אינעם הויפּטשטאַב פון דער אַרמיי אין קאָרעע, און איזאָי'ס ביוראָ איז געווען דער אומלעגאַלער צענטער פון די אָפיצירן פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, וואָס איז ספּעציאַליזירט געווען אין רוסישע איניאָנים. די אַלע אומלעגאַלע הויפּטשטאַבן און צענטערס פון די אָפיצירן־גרופּעס זײַנען צעוואָרפן געווען איבער גאַנץ טאָקיאָ אונטער די שילדן פון קאַפע־הײַזער, רעסטאָראַנען, האָטעלן און אַנדערע מינים אונטערנעמונגען.

איבער די אַלע גרופּירונגען און אָפיצירן־גרופּעס פון פאַרשיידענעם געווער און פון הויפּטשטאַב־אָפיצירן, זײַנען געווען אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן, אָנגעפירט פון באַקאַנטע פאָרשטייער פונעם אַלטן אָפיצירנטום. אַפן פינפטן שטאָק פונעם „מאַרינוטשי בילדינג" האָט זיך געפונען די געזעלשאַפט פאַר יאַם־פאַרקער „יאַמאַטאָ", דער הויפּטשטאַב פונעם גענעראַל־לייטענאַנט איוואַקוראָ, און זײַן אויסשפּירער־אָפּטיילונג — אַאָיאַמאַס ביוראָ — אַפן זיבעטן שטאָק פון דער זעלבער געבײַדע. אַפן אַכטן שטאָק פון דער „קיאָבונקאַן" אַף דער גאַס גינצאַ, איז אײַנגעאָרדנט געווען אַ ביוראָ פאַר עקספּאָרט און אימפּאָרט: דער הויפּטשטאַב פונעם גענעראַל־לייטענאַנט קאַוואַמאָטאָ יאָשיטאַראָ. אַפן פינפטן שטאָק אין דער געבײַדע פון דער קאָמפּאַניע מיצואי, וווינונג נומער 380, דער הויפּטשטאַב פונעם גענעראַל־לייטענאַנט נעמאָטאָ כיראָשי. אַפן זעקסטן שטאָק פונעם „מעידזי־בילדינג" — דער הויפּטשטאַב פונעם גענעראַל־לייטענאַנט קאַוואַבע.

אַלע פעדעם פון די קאָמפּאַניעס און ביוראָס, פון די קאָאָפּעראַטיווען, געזעלשאַפטן, קלובן און קאַפע־הײַזער, זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אַף בלויז איין אָרט: אין דער הויפּט־ביוראָ פון דער כיביזשאַ־געגנט, וואָס האָט זיך אָפיציעל אָנגערופן דזשענעראַל העדקוואָדערס, אַלגעמיינע הויפּט־קוואַרטיר, G. H. Q., לויט אירע ראָשעטייוועס. די רויטע יאַפּאָנעזער פלעגן אויסטײַטשן דעם קיצער אַף זייער אויפן: גאָ האָם קווייק, גייט אַהיים וואָס גיכער.

.3

קוים האָט מיך איזאָי באַקאַנט געמאַכט מיט אָט די דאַטן, האָט די שטאָט טאָקיאָ, וואָס ביז דעמאָלט האָב איך זי געזען נאָר פון דרויסן, באַקומען אין מײַנע אויגן דעם אויסזען פון דער דריי־בינע אינעם טעאַטער „קאַבוקיצאַ", און דערזען האָב איך גאָר אַן אַנדער טאָ־

קיאָ. אויב די ערשטע טאָקיאָ האָט אויסגעזען ווי דאָס היראָשימער ווײַבל מיט דעם אויסגעפּלעקטן פּאָנעם פון בראַנדווונדן און פּילפאַרביקע פּאָסן, האָט די צווייטע מיר געבראַכט אַפן זינען אַ דעשיפרירטן דאָקומענט, ווו עס האָט זיך גערעדט פון גאָר אינטערעסאַנטע זאַכן.

פאַר אַלעמען האָב איך געמוזט צוריקשטעלן מײַנע פריִערדיקע באַציִונגען. צוליב דעם האָב איך אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין עטלעכע ביוראָס. מען האָט נישט באַדאַרפט האָבן קיין שום פּאַראָל. גענוג איז געווען אַ טעלעפאָנישע מעלדונג פון דעם וואָס האָט געגעבן די רעקאָמענדאַציע — מיך האָט רעקאָמענדירט א.א.! — און זײַן וויזיט־קאַרטל מיט זײַן פּערזענלעכן שטעמפּל. מען האָט ניט באַדאַרפט אָננעמען קיין שטרענגערע קאָנספּיראַטיווע מיטלען, וואָרעם פונקציאָנירט האָבן אונדזערע ביוראָס מיט אַ דערלויבעניש פון אויבן. אויב מען האָט אָנגענומען אַמאָל אַ פאָרזיכט־מיטל, איז עס געווען קעדיי עס זאָל זיך ניט דורכרײַסן אַ יעדיִע אין דער פּרעסע.

דאָך, האָט זיך שוין עפּעס געהאַט דורכגעריסן. די כינעזישע קאָמוניסטישע אַגענטור שינכואַ האָט געבראַכט די יעדיִע וועגן דער עקזיסטענץ פון דער סעקציע „זי. עף.“ אין מאַק־אַרטורס הויפּטשטאַב. זי האָט ניט אָנגעגעבן קיין פּראָטים און האָט אויך ניט דערמאָנט אונדזערע ביוראָס, נאָר קלאָר איז געווען, אַז די כינעזער האָבן עפּעס אָנגעשמעקט. דערפון איז געווען געדרונגען, אַז מען דאַרף זײַן אַף דער וואַך.

פאַראַן איז די געפאַר פון די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן און פון די רויטע יאַפּאַנעזער. אַ געוויסער כיו דין, פון דער טעלעפּרעס־אַגענטור, האָט שוין געגעבן יעדיִעס מיקויעך דער געהיימער באַראַטונג פון די אונטערטאַנער־געזעלשאַפטן, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם אוענאָ־פּאַרק. און דעני וואָרנער, אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער רייטער־אַגענטור, האָט צו וויסן געגעבן דער גאַנצער וועלט, אַז אין יאַפּאַן איז פאַראַן אַ ביז גאָר פאַרצווײַגטע אונטערערדישע מיליטערישע באַוועגונג, וואָס אין איר שפּיץ שטייען פריִערדיקע גענעראַלן און דירעקטאָרן פון אינדוסטריעלע און פינאַנץ־מאָנאָפּאָלן. וואָרנער האָט קיין נעמען ניט אָנגעגעבן.

די אויספאָרשונגען וואָס אַיאַמאַס ביוראָ האָט דורכגעפירט, האָבן באַוויזן, אַז כיו דין האָט די יעדיִעס געקויפט בײַ איינעם פון די באַטייליקטע אין דער אוענאָ־באַראַטונג, אַן אַלטער פליִער פונעם זעלבסטמערדער־דעסטאַקאַמענט „ווילדער ווײַנשל“. דער אַקט האָט געמוזט באַשטראָפט ווערן און אינגיכן האָט דעם פליִער איבערגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ אַפן שאָסיי לעבן אָמאַרי. וואָס שײַך דעני וואָרנער, האָט מען זיך דערוווסט, אַז זײַנע יעדיִעס האָט ער באַקומען בײַ אַ שיקערן אָפיציר פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט צע אי צע. דעם אָפיציר האָט מען אַריבערגעפירט אַפן אינדזל מידווײַ, און דער קאָלאָנעל

קאַדיס, פון דער צווייטער סעקציע, האָט וואָרנערן דורכגעשמוגלט די ווערסיע, אַז דער הויפּטשטאַב פונעם העכסטן שעף האָט זיך דערוווּסט, אַז אין יאַפּאַן זײַנען פאַראַן אייניקע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייער כאַראַקטער איז אַ ריין אינערלעך־פּאָליטישער: זיי פאַרלאַנגען אַן ענדערונג אינעם קאַבינעט. וואָרנער האָט געהאַלטן פאַר מער עמעס די ווערסיע וואָס שטאַמט פון אַזאַ אויטאָריזירטער קוועלע ווי דער קאָלאָגנעל קאַדיס.

מיט די רויטע זשורנאַליסטן איז אָבער געווען שלימער. אין די לינקע צײַטונגען זײַנען שוין דערשינען יעדיעס, אַז די „פרײַנטשאַפט פון דער כריזאַנטעמע־פאָן" ווערט סובסידירט פון דעם גרויסן אינדוסטריעלער אַכיראַ. אין אַנדערע יעדיעס האָבן די רויטע געגעבן אָנצוהערן, כאָטש אַף אַן אַלגעמיינעם אויפן, וועגן דער עקזיסטענץ פון געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס. ס'איז קלאָר געווען, אַז די רויטע האָבן עפּעס דערשמעקט און האָבן מיט אַלע מיטלען געזוכט צו באַקומען קאָנקרעטע דאַטן. עס האָבן זיך דעריבער אין אַלע ביוראָס געשאַפן ספּעציעלע קאָנטרשפּיאָנאַזש־גרופּעס, וואָס זײַנען באַשטאַנען פון געוועזענע זשאַנדאַרן און די העכערע ספּעציעלע סעקציע, וואָס דאָס מיינט געהיים־פּאָליציי. זיי האָט מען אָנגעטרויט היטן אונדזערע סודעס קעגן די רויטע.

וועגן דעם איניען האָב איך גערעדט מיט די קאָלאָנעלן סוצוקי און כידאַקאַ שיראָ, וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט זיי אינעם קלוב „בורצען" פאַר דער באַן־סטאַנציע סינבאַסי. דער קאָלאָנעל סוצוקי איז געהאַט געווען פּראָפעסאָר אין דער נאַקאַנאָ־שול אין איין צײַט מיט מיר. ער האָט געגעבן לעקציעס פון „האַנקאַן" — קעגנבאַנוץ פונעם סוינעס שפּיאָנאַזש־אַגענטן — און איך, וועגן דער טעכניק פון באַציונגען מיט אַגענטן פון ספּעציעלער באַשטימונג. מיט דעם קאָלאָנעל כידאַקאַ האָב איך זיך געהאַט באַקאַנט אין כינע. ער האָט זיך געהאַט באַרימט געמאַכט מיט זײַנע ספּעציעלע אַקציעס אינעם סוינעס רעטאַגוואָרד. איצט שטייט ער בעראָש פון דעם אַזוי גערופענעם „כידאַקאַ־אָרגאַן", ווו עס גרופּירן זיך די געוועזענע אָפיצירן פון ספּעציעלן דינסט. כידאַקאָס הויפּטשטאַב האָט זיך געהאַט אײַנגעאָרדנט אינעם האָטעל „קובאַנאַ", אינעם פערטל צוקוזשי.

ביידע האָבן זיי מאַסקים געווען מיט מיר: מיר קענען זיך ניט באַגרענעצן אַף בלויז קאָנטרשפּיאָנאַזש; מען מוז אָננעמען ספּעציעלע מיטלען. כידאַקאַ איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מען דאַרף געבן קאָיצומין דעם אויפטראָג צו ליקווידירן אייניקע רעפּאָרטערס פון די לינקע צײַטונגען, קעדיי אָנצושרעקן די רויטע. דער נאָמען קאָיצומי איז מיר באַקאַנט געווען. מילכאָמע־צײַט האָט ער געאַרבעט אינעם פּעקינער אַזוי גערופענעם „סאַקאַטאַ־אָרגאַן" און געהאַט האָט ער אַף זיך די אָנפירונג מיט ספּעציעלע אָפּעראַציעס אָפּצוראַמען פאַרשיידענע כינעזישע פּערזענלעכ־

קייטן, וואָס האָבן אונדז געשטערט: פּראָפעסאָרן, זשורנאַליסטן, מאַלער, סאָכרים און אַנדערע. די אָפּעראַציעס פלעגט ער דורכפירן אַף אַ מוסטערהאַפטן אויפן: עס פלעגט ניט בלײַבן דער מינדסטער סימען. איצט, לויט כּידאַקאַ זאָגט, שטייט ער בעראָש פון דער מיליץ „רויט היטעלע". דער הויפּטשטאַב פון דער דאָזיקער מיליץ האָט זיך געפונען אַפן דריטן שטאָק אינעם הויז פון דער מינען־אינדוסטריע, אַף דער מײַרעווודיקער גינצאַ, נאָנט פונעם קלוב „ראָמאַנס". די דאָזיקע מיליץ האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם פאַרקויף פון נאַרקאָטישע מיטלען און אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין געהיימען אײַנפאַרשטיין זיך מיט דער פּאָליציי.

דער איניען קעגנמיטלען בענעגייע די רויטע איז געווען זייער אַ וויכטיקער.

די פּאָטסדאַמער דעמאָקראַטישע עפּאָכע איז שוין בעעצעם געווען פאַרענדיקט. אַף דער פאַראָרדענונג פון דעם נאָרדאַמעריקאַנישן העכסטן שטאָף, האָט אונדזער רעגירונג אַרויסגעשיקט פּאָליציי דורכצופירן אַ גרויסע צאָל אַרעסטן צווישן שטרײַקער, מאַניפעסטאַנטן, העצער און זייערע אָנהענגער. גיך זײַנען אָנגעפולט געוואָרן די פּאָליציי־צירקלען און די טפּיסעס. אַלע צײַטונגען האָבן אָפּגעדרוקט אַן אָפיציעלע דעקלאַראַציע פון דעם פּרעמיער אַשידאַ. די רעגירונג, האָט זיך דאָרט געזאָגט, איז גרייט אויסצובויען אַזויפיל טפּיסעס וויפל עס וועט נייטיק זײַן.

עס זײַנען אויך טעטיק געוואָרן די „פרײַנטשאַפט מיט דער כּריזאַנטעמע־פאָן" און די אַנטיקאָמוניסטישע ליגע. דערוווּסט האָט זיך די „פרײַנטשאַפט מיט דער כּריזאַנטעמע־פאָן", אַז טאָקודאַ, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מאַכט אַ רײַזע איבער די פאַבריק־באַצירקן פון קיושו, און האָט אַרויסגעשיקט ספּעציעלע גרופּעס אָרגאַניזירן אַ פּאַסטקע אין אַמוטאַ און קורומע. געפעדערט האָט זיך אַ מיטגליד פון דער פיליאַלע פון דער אַנטיקאָמוניסטישער ליגע אין סאַגע. האָט געוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַטע, נאָר ניט געטראָפן. טאָקודאַ האָט בלויז באַקומען אַ לײַכטע ווונד.

דרײַ טעג נאָכן אַטענטאַט אַף טאָקודאַן, האָט מאַק־אַרטור פאַרעפנטלעכט אַ באַפעל, וואָס פאַרבאָט לאַכלוטן די אַרבעטער און די אָנגעשטעלטע פון די מוניציפּאַלע און אָפיציעלע אַנשטאַלטן דורכצופירן וועלכן עס איז „קאָאָרדינירטן אָפּשטעלן די אַרבעט". אין העסקעם מיט דער דירעקטיווע, האָט די רעגירונג געמעלדעט, אַז יעדע באַטייליקונג אין אַ שטרײַק וועט באַטראַכט ווערן ווי אַ הויך־פאַראַט און וועט באַשראָפט ווערן מיט טפּיסע. דער ענטפער איז געקומען אומפאַרזאַמט: עס האָבן אויסגעבראָכן פּראָטעסט־שטרײַקן. צוערשט האָבן פאַרשטרײַקט די אַרבעטער אין די פאַבריקן פון מאַשין־בוי אין טאָקיאָ, דערנאָך די אײַזנבאַנער פון די שיקאָקו־אינדזלען, פון האָקאַידאָ און פון קיושו; נאָך זיי האָבן פאַרשטרײַקט די פּאָסט־ און טעלעגראַף־אָנגעשטעלטע פון אָסאַקאָ, נאָ־

גאַנאַ און אַנדערע שטעט אין כאַנדאַ. אַף די פיר יאפּאַנעזישע הויפּט־אינדוסטריעלע קאָנצערנען האָבן רויטע פּענער געפלאַטערט אין די שטרײַק־קאָמיטעטן. אַזוי האָבן די רויטע געענטפערט אַף דעם פאַרבאָט וואָס האָט געשטאַמט פון כיביאַ.

.4

געווען איז עס שוין לאַנג נאָך דעם ווי איך האָב געענטפערט אַף די פראַגעס פון האַש־האַש. ווען איך האָב אים סאַפּקאָלסאַף אַנגעקלונגען אין טעלעפאַן, האָט ער מיך באַשטעלט אַף 22 אַזייגער לעבן די שטיי־נערנע לייבן, וואָס פאַר דעם כיביער זיצונגס־הויז. ער איז געקומען אין אַ קאַטש, און מיר האָבן זיך געלאָזט פאָרן צו אַן אומלעגאַלן צענטער, וואָס איז אײַנגעאָרדנט אין אַ פּוסטן געסל אין דעם טאַקאַנאַוואַ־באַצירק. דער דאָזיקער באַצירק פון פריצישע האָטעלן איז פון די באָמבאַרדירונ־גען נישט באַרירט געוואָרן.

דער קאַטש איז דורכגעפאָרן אַ פאַרצײַטיקן טויער מיט בראַנדזענע באַפּוצונגען און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ קליינעם האָטעל אין דער טיף פון אַ גרויסן הויף, אַ באַדעקטן מיט גראָבן זאַמד. מיר זײַנען אַרײַנ־געקומען אין אַן אינעווייניקסטן גאָרטן, ווו עס איז געווען אַ וואַסערל מיט אַ שטיינערנעם בריקל איבערגעלייגט, קליינע בערגלעך, פּיצעלקע וואַסערפאַלן און עטלעכע סאָסנעס מיט לאַנגע צעקרומטע צווײַגן, אונ־טערגעשפּאַרטע מיט סלופּעס. אין אַ ווינקל פונעם גאָרטן, איז אַנשטאָט אַ טיי־בײַדל געשטאַנען אַ שטיבל פונעם טיפּ „בונגעלאָו".

האַש־האַש האָט געעפנט די טיר מיט אַ שליסל וואָס ער האָט באַ זיך געהאַט און האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַן איירָאָפּעיִש־אויסגעמעב־לירטן צימער, מיט יאַפּאַנישע בילדער, אומאָנשטענדיקע גראַווירן פון דער יעדאַ־עפּאָכע.

צו מײַן גרויסן שטוינען, האָט האַש־האַש אַן שום אינטערעס אַ בלע־טער געטאָן דאָס העפטל, ווו איך האָב אַרײַנגעשריבן מײַנע ענטפערס און האָט עס זאָרגלאָז אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע.

— איך רייד דאָ וועגן אינטערעסאַנטע זאַכן — האָב איך אַ זאָג געטאָן. — ווי־אַזוי אונדזער שפּיאָנאַזש־דינסט האָט מילכאָמע־צײַט אָנ־געהאַלטן אַקטיוון קאָנטאַקט מיט טשו טאַי־יאַאָ און טזיאַן האַאָ, שעפן פונעם קואָמינטאַנגישן שפּיאָנאַזש־דינסט. צוזאַמען האָבן מיר דורכגע־פירט אַקציעס קעגן די רויטע עלעמענטן פון דער אונטערערד.

— איך וועל אײַער באַריכט איבערגעבן צו די וואָס פאַרנעמען זיך מיט די אַנגעלעגנהייטן. מיך אינטערעסירט איצט אַן אַנדער זאַך. נאָר דערפון וועלן מיר ריידן אין אַ שטיקל צײַט אַרום. — ער האָט מיך באַ־טראַכט און אין דער זעלבער צײַט געשמייכלט. — וואָס הערט זיך? איז אײַך שוין באַקאַנט אײַער... אונטערערדישקייט?

איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט:

— אַן אונטערערדישקייט, וואָס איז דערלויבט און געשיצט פון אויבן. דאָס איז די אָריגינעלסטע אונטערערדישקייט אין דער וועלט. צו וואָס די סוידעס?

האַשזהאַש האָט מיט אַ גרימאַסע געענטפערט:

— מיר האָבן קיין אַנדער ברירה ניט... פאַרגעסט ניט, אַז אינעם אַליאירטן ראַט פאַר יאפּאַן זיצן סאָוועטישע פאָרטרעטער... פאַר יעדן צוזאַמענקום פונעם ראַט, איבערהויפּט ווען מען ווייס, אַז זיי וועלן אונדז פאַרשאַפן ערגערניש, מאַכט אונדזער פאָרטרעטער אַ רייזע צום באָד־קוראָרט האַקאָנע און נעמט זיך אַן מיט קויכעס. ער האָט דאָרט אויסצו־שטיין אַ היפּש ביסל צאָרעס.

— אייער פאָרטרעטער, נאַטירלעך, רעדט דאָרט שטענדיק וועגן פאַרשטאַרקן די באַזעס פון דער דעמאָקראַטיע אין יאפּאַן און וועגן אַנ־ווענדן די דעמאָקראַטישע אידעאַלן...

— און אַלס ענטפער, נעמען זיי אין אים שיסן מיט די פונקטן פון דער פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע. אונדזער רעפּרעזענטאַנט קען ניט מער ווי נאָר זיך מאַכן נישט הערנדיק.

— איצט, מיסטאָמע, ריידן זיי מער ווי אַלץ וועגן די מאַסמיטלען קעגן די שטרייקער, ריכטיק?

האַש־האַש האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— יאָ. אונדזער קאָפּדרייעניש זיינען די רויטע יאפּאַנעזער. נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט. אין אייניקע טעג אַרום וועט מען זיי מאַכן אַ סור־פּריז: מען וועט אַ סאָף מאַכן צו זיי מיט איין קלאַפּ. איר וועט שוין זען.

איך האָב אַנגעשטעלט אויף אים אַ פרעגנדיקן בליק.

— איר וועט זיך שוין דערוויסן. הײַנט האָב איך אײַך גערופן, פאַר־שעט ווײַל איך וויל אײַך זען. איינגיכן וועלן מיר זיך נעמען צו דער אַרבעט. נאָר איין זאַך וואָרן איך אײַך: האָט אין זינען, אַז איר זײַט טויט און אַז אויף אײַער אָרט לעבט דער פאַרשוין, וואָס אויף זײַן נאָמען האָט מען אײַך אַרויסגעגעבן דעם איוואַדזימער סערטיפיקאַט. ווען איר שטעלט אײַך עמעצן פאָר, גיט אַן אײַער נײַעם נאָמען. צווייטנס, כאָטש אײַער אומלעגאַלקייט איז געהיימערהייט דערלויבט, מוז מען אָפּהיטן, אויף יעדן אויפן, די קלאַלים פון קאָנספּיראַציע. מיר פאַרגיבן אייניקע יאפּאַנעזישע אָפיצירן פאַרטרויליכע אַרבעטן און, אָפּן ערשטן פּלאַן, אַזעל־כע וואָס צוליב געוויסע מאָטיוון... — האַש־האַש האָט שטייף אַ קוק געטאָן אויף מיר — געפינען זיי פאַר נייטיק צו פאַרהאַלטן זיך גוט מיט אונדז און אויספירן אונדזערע געהיימע שליכעסן. נאָר מיר פאָדערן בײַ די אָפיצירן זיי זאָלן זיך מיט קיין איין וואָרט ניט אַרויסכאַפּן פאַר קיי־נעם פון זייערע גוטע־ברידער, ניט אַפילו פאַר די אינטימסטע. אַנדערש איז ווען מיר בילדן פון זיי גרופּעס. אין דעם פאַל, מוזן אַלע מיטגלידער

פון אַ גרופּע האַלטן זייער אַרבעט בעסאָד פאַר אַנדערע, וואָס זײַנען ניט באַטייליקט אין דער גרופּע. פאַרשטאַנען?

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַף יאָ. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער ערשטער באַזוך אין טאַקאַנאָוואַ.

ווען איך האָב גענומען דערציילן פאַר אי.אי.: וועגן מײַן באַגעגעניש מיט האַש־האַש און וועגן דעם נײַס, אַז עס גרייט זיך אַן אָפּעראַציע קעגן די רויטע, האָט ער מיר איבערגעשלאָגן די רייד:

— איך ווייס, שוין מאָרגן, גאַנץ פרי, וועלן אַ סאַך אונדזערע אַרויספאָרן אין דער קינטאַמוראַ צוזען דעם „מאַטש". נעם מיט זיך גע־ווער, טאָמער דאַרף מען אַנטיילנעמען. דאָרט וועלן זיך פאַרזאַמלען די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט „פרײַנטשאַפט מיט דער כרינאַטעמע־פאַן" און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ווען דער טומל וועט זיך אָנהייבן, וועלן זיי זיך נעמען צו דער אַרבעט. דער קינטאַמוראַ־אינצידענט קען ווערן אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער נאָך־מילכאָמעדיקער יאַפּאַן.

עס האַנדלט זיך וועגן אַט־וואָס: אַ גרופּע אָפּגעזאָגטע אַרבעטער און אַנגעשטעלטע פון דער קינאָ־געזעלשאַפט „טאָכאָ" האָט זיך באַזעצט אין דער שטודיע און פאָדערט מען זאָל זיי צוריק אָנשטעלן באַ דער אַר־בעט. די אָפּגעזאָגטע האָבן די שטיצע פון די איבעריקע אַרבעטער און אַנגעשטעלטע פון דער שטודיע. דער קאָנפליקט האַלט שוין אַן גאַנצע פיר כאָדאָשים. ביידע צדאָדים ווילן נישט אײַנגיין אַף קיין האַנאָכעס.

לויט יעדיעס אינעם נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב, האַלטן זיך אויף אין דער שטודיע צוויי טויזנט מאַן, שטרײַקער און אַרבעטער פון אַנדערע אונטערנעמונגען, וואָס סאָלידאַריזירן זיך מיט זיי. זיי האָבן פאַרוואַנדלט די שטודיע אין אַ מין פעסטונג: די באַפעסטיקונגען זײַנען געמאַכט לויט די פּלענער פון אַ גרופּע לינקע קינאָ־רעזשיסערן, בעראָש מיט קאָמעי פּומיאָ. פאַר יעדן פּאַוועליאָן האָט מען אָוועקגעשטעלט גרויסע פעסער נישט אָפּמעקלעכע פאַרב און אַף די פעסער מעכטיקע ווענטילאַטאָרס וואָס מען נוצט בעייסן דרייען די פילמען. די קאַוואַנע איז געווען צו לאָזן אין גאַנג די ווענטילאַטאָרס אין פאַל די פּאָליציי וועט זיך אַרײַנ־רײַסן. פונעם ווינט וועט די פאַרב שפּריצן אַף אַלע זײַטן און פאַרבלענדן די איבערפאַלער. אָפּן קאָפּ וועלן זיי פאַלן אָפּגעזאָגטע ביימער און פון די דעכער און פענצטער זעק מיט צעקלאַפּטן גלאַז. אַף יעדן טראָט האָט מען אָוועקגעלייגט עלעקטרישע קלעצער. און צוגעגרייט האָט מען נאָך אַנדערע סורפּריזן, וואָס נאָר קינאָ־רעזשיסערן קענען זיי אײַנפאַלן. אָכוצ־דעם, זײַנען די נאָרדאַמעריקאַנער איבערצײַגט געווען, אַז די פאַרשאַנצטע האָבן מיט זיך הייס און קאַלט געווער.

דער הויפּטשטאַב פונעם העכסטן שעף, וואָס איז אַנטשלאָסן געווען צו דערשטיקן דעם שטרײַק, האָט געהאַט געגעבן דער יאַפּאַנישער פּאָליציי

די געהעריקע אַנווײַזונגען. באַם אונטערדריקן דעם שטרײַק האָבן באַ־דאַרפט בײַזײַן פּאַרטערטער פון דער מאַכט און פון דער יאַפּאַנישער און אויסלענדישער פּרעסע. מען האָט דערום באַפוילן דער פּאָליציי אָנ־צוהייבן די אָפּעראַציע אָן שיסערײַ, קעדיי צווינגען די שטרײַקער זיי זאָלן די ערשטע אָנהייבן נוצן געווער. אַזוי אַרום וועלן זיי זיך פאַר־וואַנדלען אין באַוואָפנטע בונטאַרן און די פּאָליציי וועט האָבן דאָס גע־זעצלעכע רעכט אָנצוווענדן קעגן זיי די מאָסמיטלען וואָס מען נעמט אָן אָף צו דערשטיקן אַן אויפשטאַנד.

אַלע פּאָליציאַנטן זײַנען שוין געוואָרנט געווען, אַז באַ דער אָפּע־ראַציע וועט זיך גיסן בלוט. אָנהייבן האָט מען באַדאַרפט מיט אַרום־רינגלען דעם גאַנצן הויף פון דער קינאָ־שטודיע, קעדיי די שטרײַקער זאָלן נישט קענען באַקומען קיין פאַרשטאַרקונגען פון דער שטאָט און קיין איינער פון די ווידערשטאַנדיקע זאָל ניט קענען אַרויס פון דעם אײַזערנעם רינג. יעדער ווער עס וועט האָבן צופעליק געבראָכן דעם רינג האָט באַדאַרפט אַרעסטירט ווערן און, אין פאַל ער וועט שטעלן אַ ווי־דערשטאַנד, אָפּגעראַמט ווערן. אין דער אָפּעראַציע האָבן זיך געקענט באַטייליקן די בײַוועזנדיקע.

**5.**

אין באַגינען זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אין איאַי׳ס ביוראָ אַן ערעך צוואַנציק אָפיצירן, צווישן זיי כידאַקאָ און סוצוקי. אַרויסגעפאָרן זײַנען מיר קיין קינוטאַמוראָ אין לאַסט־אויטאָס.

דער שטודיע־פּלאַץ איז געווען אַ ריזיקער פּאַרק מיט קליינע בערג־לעך און וועלדלעך פון סאָסנעס און באַמבוקן, און צווישן זיי זײַנען גע־שטאַנען די באַדעקונגס־פּאַוועליאָנען און עטלעכע הײַזלעך ענלעכע אָף ווילעס פון אייראָפּעיִשן טיפּ.

מיר זײַנען שטיין געבליבן נאָנט פון דעם אָרט ווו דער אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּ און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויפּט־טויער פון דער שטודיע. די שטרײַקער האָבן ווירקלעך אָוועקגעשטעלט אַ דראָטן־צוים און אויב מען זאָל גלייבן די יעדיִעס, זיי אויך עלעקטריזירט. היג־טער די שטאַכעטן האָט מען געזען די באַריקאַדעס. לעבן זיי זײַנען גע־שטאַנען די וואַך־לײַט. קיין געווער האָבן זיי ניט געהאַט. ביקלאַל האָבן זיי ניט אויסגעזען ווי שלאַכט־גרייטע: ווײַסע ספּאָרט־העמדלעך און קור־צע הויזן, טיכטיק אויסגעפּרעסטע. צווישן די ביימער האָט גענומען ריידן אַ הויכריידער, ווי פאַרן אָנהייבן דרייען אַ קינאָ־בילד.

— קאַמאַראַדן: פאַרענדיקט גיכער אײַער פרישטיק און פאַרנעמט יעדער זײַן פּאָסטן. בײַט די וואַך אָפּן וואָל היגטערן אַקטיאָרן־פּאַוועליאָן. די כאַוויירים פון דער קלאַנג־סעקציע דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אינעם דריטן פּאַוועליאָן.

אַ טייל פון אונדזער גרופּע האָט זיך געלאָזט גיין צום טײַך, וואָס

איז באַזוימט מיט אַ וואַל, קעדיי צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע קעגנ־בער דעם באַדינונגס־טויער, און דער רעשט האָט פאַרנומען אַן אָרט צווישן די ביימער לעבן דעם הויפּט־טויער.

באַלד האָבן זיך באַוויזן דרײַ אַוויאָנען. זיי האָבן געמאַכט עטלעכע קרײַזן איבער דער שטודיע און זײַנען אַוועק. שפּעטער אַביסל האָבן מיר דערזען ווײַטער אַפן שאָסיי „דזשיפּס" און לאַסט־אויטאָס. אָנגעקומען זײַנען זיי פון דער זײַט וואָס צו דער שיבויאָ־סטאַנציע. נאָר ווען זיי זײַנען צוגעקומען נענטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען נישט אונדזערע. פון די לאַסט־אויטאָס האָט געגומען אויסשטײַגן נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישע פּאָליציי, אין שלאַכט־אויסשטאַטונג. דערנאָך זײַנען אָנגעקומען נאָרדאַמעריקאַנער זעלנער מיט אויטאָמאַטישע ביקסן — אַ האַלבע ראָטע וויניקסטנס — און הינטער זיי, געפּאַנצערטע וועגענער.

שפּעטער אַביסל זײַנען צוגעקומען דרײַ טאַנקען און נאָך זיי אוי־טאָס מיט נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן און איין אויטאָ מיט קינאָ־אַפּעראַ־טאָרס. אינעם לעצטן אויטאָ איז געפאָרן אַ גענעראַל. פּלוצים האָט דער גענעראַל עפּעס אַ געשריי געטאָן און מיט דער האַנט אָנגעוויזן אַפן דעכל פון דעם בנין, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער טיר. זײַן אויטאָ האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס און איז פײַל אויסן בויגן אַוועק צו אַ בערגל צו, ווו עס איז געשטאַנען אַ קליינע ווילע, וועלכע איז, מיסטאָמע, געווען דער באַפעל־פּאָסטן פון די נאָרדאַמעריקאַנער.

אַפן דעכל פונעם בנין האָבן זיך באַוויזן צוויי ווײַסע סילועטן. איך האָב אָנגעשטעלט די פּריזמע־גלעזער און האָב דערזען צוויי מייד־לעך. געזעסן זײַנען זיי אַפן ראַנד פונעם דעכל און האָבן עפּעס געגעסן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין „סנײַפּער"־ביקסן.

צום סאָף זײַנען אָנגעקומען אונדזערע פּאָליציאַנטן אין נאָרדאַמע־ריקאַנער מיליטערישע לאַסט־אויטאָס. אַ טאַנק האָט באַגלייט די ריי לאַסט־אויטאָס. ער האָט נישט געהאַט קיין טורעמל און אָנשטאָט אַ קאַ־נאָן האָט זיך פאַרויסגערוקט עפּעס אַזוינס ווי אַ מויערברעכער אָדער אַ הייב־האָק. ס'איז גאָר קיין סאָפּעק ניט געווען. דער טאַנק איז געווען ניט פון אַמעריקאַנישן טיפּ, נאָר פון אונדזערן. אַ טייל פּאָליציאַנטן זײַ־נען אויסגעשטיגן פון די לאַסט־אויטאָס און, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך שנעל אויסגעשטעלט אין רייען, האָבן זיי גענומען מאַרשירן איבערן שאָ־סיי, שטאַרק הייבנדיק די קניִען, מיט אונדזער מיליטערישן שפּאַן. אַלע פּאָליציאַנטן האָבן געטראָגן העל־ברוינע זומערדיקע מונדירן אַן שליפּעס, נאָר מיט די אָפּצייכענונגען אַף דער ברוסט, און מיליטערישע קעפּקעס פון יאַפּאַנעזישן מוסטער. געווען זײַנען זיי באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, אײַזערנע שטאַנגען, פײַערלעשער־העק, שנײַד־אײַזנס פאַר די דראָטן.

איבערן שטודיע־פּלאַץ האָבן ווידער זיך באוויזן די אַוויאָנען. איי־נער פון זיי האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט און האָט קימאַט באַרירט די

שפּיצן סאָסנע־ביימער און דאָס דעכל ווו די צוויי מיידלעך האָבן אָפּ־געררוט און זײַנען שנעל אַראָפּ פון דאָרטן. ווידער האָט געדערט דער הויכריידער, נאָר מען האָט ניט געקענט כאַפּן די ווערטער: קענטיק גע־געבן האָט מען דעם אַלאַרעם־צייכן.

מיקאָמי איז געקומען צולויפן פונעם טײַך און האָט אונדז געזאָגט, אַז דער אויטאָ מיט די קינאָ־אַפּעראַטאָרס איז צוגעקומען ביז דעם באַ־דינונגס־טויער און עטלעכע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן זײַנען אַרי־בער די שטאַכעטן: פון אַלץ איז צו זען געווען, אַז דאָרט הייבט זיך אָן דאָס אינטערעסאַנטסטע. דאָרט זײַנען טאַקע געשטאַנען די נאָרדאַמע־ריקאַנער טאַנקען, די געפּאַנצערטע וועגענער און אַ ריי לאַסט־אויטאָס מיט נאָרדמעריקאַנער און אונדזעריקע פּאָליציאַנטן. אַפּן דאַך פון דער געבײַדע, נאָנט צום טויער, זײַנען אָנגעוואָרפן געווען הויפנס מיט ציגל, רעדער און קאַסטנס; דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט פאַלן די איבערפאַלער אַף די קעפּ.

די מינוטן זײַנען זיך געגאַנגען און די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן צייכן פון איבערפאַל. מען האָט קלאָר גע־הערט דאָס קאָל פונעם הויכריידער: „אַלע צו דער צווייטער בינע! זײַט גרייט!" צווישן די ביימער האָבן זיך ווידער גענומען רירן ווײַסע גע־שטאַלטער און אַפּן הויכן קאָל זיך איבערגערופן. מיר זײַנען צוגעקומען ביז די נאָרדאַמעריקאַנער טאַנקען, מיט די הענט אין די קעשענעס.

נאָר אָנשטאָט אַ שיסערײַ האָט מען דערהערט אַ געזאַנג צווישן די ביימער. הינטער דעם רינג פּאָליצייאישע לאַסט־אויטאָס האָבן זיך באַוויזן רויטע פענער. די שטרײַקער האָבן זיך די ערשטע געלאָזט אין אַטאַק. נאָר די נאָרדאַמעריקאַנער און אונדזערע פּאָליציאַנטן וואָס זײַנען געשטאַנען נאָנט פונעם טויער, זײַנען אָפּגעטראָטן און פרײַגעלאָזט דעם וועג, ווער ווייס פאַרוואָס. געזען האָט מען די ערשטע רייען שטרײַקער אַרויסקומען מיט פענער אַף לאַנגע באַמבוק־שטעקנס. הינטער זיי איז געגאַנגען דער רעשט שטרײַקער, אָן פענער, צו פיר אין אַ ריי, געאָרעמטע און אומבאַוואָפנטע. געווען איז אומפאַרשטענדלעך. די רייען רויטע זײַ־נען פאַרבײַגעגאַנגען מיט דעם געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" פאַרבײַ די טאַנקען, געפּאַנצערטע וועגענער און לאַסט־אויטאָס, אין וועלכע עס זײַנען געזעסן די נאָרדאַמעריקאַנער.

פון צווישן די רויטע האָט עמעצער אַ זאָג געטאָן אַפּן הויכן קאָל: „באַדאַרפט וואָלט איר ברענגען אויך די קריג־שיפן. דאָס איינציקע וואָס דאָ פעלט!" די גאַנצע קאָלאָנע האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. די מיידלעך האָבן גענומען שרײַען און פּאַטשן אין די קנײַען. איך האָב מיט קויעך צוגעדריקט די פּיסטוילן וואָס איך האָב געטראָגן אין ביידע קע־שענעס און האָב מיך אַרומגעקוקט. די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען אַף די פּיס געשטאַנען אין זייערע לאַסט־אויטאָס. געהאַלטן האָבן זיי די הענט

פאַרלייגט מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און די היטלען מיט די ברייטע דענ־קעס איבער די אויגן אַראָפּגערוקט. אין איין „דזשיפּ" איז געשטאַנען האַש־האַש לעבן דעם שאָפער. אונדזערע בליקן האָבן זיך געקרייצט. האַש־האַש האָט צו מיר אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און האָט דעם קאָפּ אָפּ־געקערט. דאָס האָט געקענט הייסן: „עס הייבט זיך אָן" אָדער „וואָרט אויס". נאָר קיין זאַך האָט זיך נישט אָנגעהויבן. די נאָרדאַמעריקאַנער און אונדזערע פּאָליציאַנטן זײַנען געשטאַנען פאַרגליווערטע אין זייערע פּאָזעס און צעטומלטע. די אַוויאָנען, וואָס האָבן נאָך עטלעכע אומקרײַזן געמאַכט, זײַנען אַוועק און אויף דער ערד האָט מען קיין איין שאָס נישט אַרויסגעלאָזט. פאַרבײַ מיר זײַנען שוין אַדורך די לעצטע רייען רויטע. אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען זיי פאַרשוווּנדן, נישט אויפהערנדיק זינ־גען, הינטער דיביימער, וואָס האָבן באַזוימט דעם שאָסיי. מען האָט שוין נישט געקענט כאַפּן די ווערטער און דערגאַנגען איז צו אונדז בלויז דער רעפרײַן, וואָס האָט דאַכט זיך געזאָגט: „מיר האָבן פאַר אײַך קיין מוירע נישט, נאָר איר האָט מוירע פאַר אונדז".

די ערשטע וואָס זײַנען צו זיך געקומען זײַנען געווען אונדזערע פּאָ־ליציאַנטן. זייער טאַנק האָט זיך מיטאַמאָל אַרײַנגעריסן אינעווייניק דורכן צעפּראַלטן טויער. הינטער אים האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן די פּאָליציאַנטן און מיט אימפּעט גענומען קלאַפּן איבער די באַריקאַדעס מיט זייערע העק און אײַזנס.

מיר זײַנען שטיל צוגעקומען צו אונדזערע לאַסט־אויטאָס — גע־שטאַנען זיי באַם זײַט שאָסיי — און מיר זײַנען צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן.

אויף מאָרגן זײַנען אין די צײַטונגען דערשינען פּראָטימדיקע רעפּאָר־טאַזשן פון דער געמישטער אָפּעראַציע, פון דעם נאָרדאַמעריקאַנישן מי־ליטער מיט דער יאַפּאַנישער פּאָליציי. געשריבן האָבן זיי, אַז מיט דעם נאָרדאַמעריקאַנער יאַבאַשע־מיליטער וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אָפּעראַציע האָט אָנגעפירט דער בריגאַדע־גענעראַל ה. פּ. ט. האָפּמאַן. מיט דער גאַנצער אָפּעראַציע האָט פון דער לופטן אָנגעפירט דער גענע־ראַל־מאַיאָר וויליאַם טשעסי, קאָמאַנדיר פון דער 1טער קאַוואַלעריע־די־וויזיע פון דער אַכטער אַרמיי. צו זײַן באַפעל זײַנען געווען צוויי טויזנט יאַפּאַנעזישע פּאָליציאַנטן, אַ טאַנק פון דער יאַפּאַנישער פּאָליציי, הונ־דערט מיט פופציק נאָרדאַמעריקאַנישע פּאָליציאַנטן, אַ פּלוטאָן מאָטאָ־ריזירטע אינפאַנטעריע, זעקס געפּאַנצערטע וועגענער און דרײַ טאַנקען „שערמאַן" מיט קאַנאָנען 5,5.

וואָס שײַעך די לינקע צײַטונגען, האָבן זיי נישט אויסבאַהאַלטן זייער פרייד. די מאַכטהאָבער, האָבן זיי געזאָגט, האָבן געוואָלט פּראָוואָצירן אַ באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס, פאַרוואַנדלען אים אין אַ שכיטע אויף שטרײַ־קער און אין אַן אויסרייד אויף צו שליסן און אויפלייזן אַלע יאַפּאַנישע

פּראָפעסיאָנעלע פּאַריינען. נאָר די שטרײַקער האָבן זיך געכאַפּט אָף דעם פּלאַן און האָבן די פּראָוואָקאַציע צונישט געמאַכט.

איין לינקע צײַטונג האָט באַטיטלט דעם קינוטאַמוראַ־אינצידענט מיט גרויסע אויסיעס: „געפעלט האָבן בלויז די קריג־שיפן!“

שפּעטער האָב איך מיך דערוווּסט פאַרוואָס דער גענעראַל טשעסי האָט זיך ניט אַנטשידן איבערצופאַלן די רויטע. באַקומען האָט ער יעדיִעס, אַז קיין קינוטאַמוראַ גייען דעסטאַקאַמענטן רויטע צו הילף די שטרײַקער. אין דער צײַט וואָס מען האָט קאָנטראָלירט די יעדיִעס, זײַנען די שטרײַקער אַרויס פון דער פאַרצוימונג.

.6

די נאָרדאַמעריקאַנער איז נישט געלונגען אַ סאָף צו מאַכן צו די רויטע מיט איין קלאַפּ. די קינוטאַמוראַ־אָפּעראַציע איז דורכגעפאַלן. מיר זײַנען געווען העכסט אַנטוישט.

דערפאַר איז עס געגאַנגען אויסגעצייכנט אין אונדזערע ביוראָס. מען האָט דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק דעם אָפּמאַך, וואָס איז נאָך דער מילכאָמע געשלאָסן געוואָרן אין טשיסטיאַנג צווישן אונדזער מיליטער אין כינע און דעם קואָמינטאַנג. מיט דער דערלויבעניש פון די נאָרדאַמעריקאַנער איז קיין יאַפּאַן געקומען אַ געהיימער שעליִעד פון טשיאַנג־קײַ־שעק, ווי טיע־טשען, צו פאַרהאַנדלען מיט די שעפן פון אונדזערע ביוראָס.

ווי טיע־טשען האָט אונדז געבעטן צונויפנעמען וואָלונטירן — פליִער, טאַנקיסטן און אַרטילעריסטן — און זיי שיקן וואָס גיכער קיין כינע. די הויפּט־ביוראָ אין כיביאַ האָט פאָרגעשלאָגן אונדזערע אָנפירער נאָכצוקומען די ביטע פון דעם קואָמינטאַנג־שעליִעד. נאָר אָף אַ זיצונג פון אונדזערע לידערס איז באַשלאָסן געוואָרן צו וויסן געבן דער הויפּט־ביוראָ, אַז מען וואָלט נייטיק באַדאַרפט אַ געוויסע צײַט אָף צו בילדן דעם דעסטאַקאַמענט וואָלונטירן צוליב דעם וואָס מען מוז מאַכן אַ גענויעם אויסוואַל און קאָנטראָלירן זייער טרײַהייט. דער עמעס איז געווען, אַז אונטער דער ווירקונג פון דער נײַער סוויווע און אירע לעבנסבאַדינגונגען, האָט אַ טייל אַלטע אָפיצירן אָנגעהויבן אַרויסווײַזן אומגעווינטשטע טענדענצן. דעם פאַקט האָט מען הויפּטזאַכלעך באַמערקט צווישן די אָפיצירן, וואָס זײַנען געוואָרן שאָפערס, וועלאָריקשאַס, פישער און פויערים. אין אָפאַקאַ, לעמאָשל, האָט אַ גרופּע שאָפערן פון לאַסט־אויטאָס — געוועזענע טאַנקיסטן — זיך באַטייליקט אין אַן אַרבעטער־מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַרבאָט פונעם נאָרדאַמעריקאַנער העכסטן שעף אָף שטרײַקן. אין אַ באַצירק פון דער פּרעפעקטור ניאיגאַטאַ האָבן עטלעכע אַרטילעריע־אָפיצירן דורכגעפירט, איינ־

איינעם מיט די פֿויערים, אַ ויעגולערע באָמבאַרדירונג פֿון אַ פּריציזשן גוט
מיט אַליין־געמאַכטע קאַטאַפּולטן, וואָס האָבן געוואָרפֿן שטיינער.
די נאָרדאַמעריקאַנער אָנפֿירונג, וואָס האָט געוווּסט פֿון די פֿאַקטן,
האָט מאַסקים געווען מיט אונדזערע לידערס און האָט געראָטן ווי טיע־
טשענען ער זאָל ניט זײַן אַזוי צוֹדרינגלעך. נאָר די דערקלערונג אַז מיר
מוזן קאָנטראָלירן די אָפֿיצירן, איז פֿון אונדזער זײַט געווען אַ פּאַשעטער
אויסרייד. די פֿון וועג־אַראָפּגעפֿירטע אָפֿיצירן האָבן זיך שוין געפֿונען
אונטער שטרענגער אָבסערוואַציע און קיינעם איז אַפֿילע נישט אײַנגע־
פֿאַלן זיי אַרײַנצונעמען אין די וואָלונטירן־דעסטאַקאַמענטן. מיר האָבן
זיך נישט געאײַלט, ווײַל מיר האָבן געוואַרט. די לאַגע אַף די כינעזישע
פֿראָנטן איז געווען אַ באַדראָענדיקע. די רויטע האָבן אָנגעהויבן אַן אָפֿענ־
סיווע אַף אַלע פֿראָנטן: טשאַנגטשען, מוקדען און טאַיואַן זײַנען געווען
באַלאַגערט; די גאַנצע שאַנטונג־פּראָווינץ איז שוין געווען בײַ זיי אין
די הענט. און אין אַ קליין שטיקל צײַט אַרום האָבן די רויטע פֿאַרנומען
די גאַנצע געגנט בייפּינג־טיענטזין.
בײַ אַזעלכע באַדינגונגען שיקן אונדזערע דעסטאַקאַמענטן קיין כינע,
וואָלט געהייסן גיסן וואַסער פֿון אַ טשײַניק אין אַ ווולקאַן. מען האָט
געמוזט אָפּוואַרטן. דער שטאַב פֿונעם העכסטן שעף איז געקומען צו דעם
זעלביקן שלוס און האָט אנערקענט, אַז די לאַגע אין כינע דראָעט מיט
קאַטאַסטראָפֿע. אונדז האָט מען פֿאָרגעלייגט שיקן וואָלונטירן קיין טײַ־
וואַן, קעדיי צו שיצן דעם אינדזל קעגן די רויטע. דעם פֿאָרשלאַג האָבן
מיר אָנגענומען אָן שום אויסזעצונגען. נאָר ניט דערפֿאַר וואָס מיר האָבן
אים געוואָלט אײַנהאַלטן ווי אַ לעצטע פֿעסטונג פֿון די קואָמינטאַנגער,
נאָר ווײַל מיר האָבן באַשלאָסן אײַנהאַלטן טײַוואַן פֿאַר אונדז.

.7

דעם 21טן מאַרץ 1949, אינעם פֿרילינגדיקן געדענק־טאָג פֿאַר די
נעשאָמעס פֿון די אימפּעראַטאָרן, האָט אי:אי! מיך פֿאַרבעטן צו אַ זיצונג
וואָס האָט באַדאַרפֿט פֿאָרקומען אינעם קאַפֿע־הויז „סובאַרו", לעבן דעם
טעאַטער וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען, אינעם מוראַקוטשאָ־פֿערטל.
ווען איך בין אַרײַנגעקומען אינעם זאַל ווו עס איז פֿאָרגעקומען די
זיצונג, האָב איך אַ רעגע געהאַט דעם אײַנדרוק ווי איך וואָלט מיך אויפֿ־
געכאַפּט פֿונעם שלאָף. איך בין אַרויס פֿון אַ לאַנגן קאָשמאַר: די מאַ־
פֿאָלע אין מאַנדזשוריע, די קאַפּיטולאַציע, די אַרויסזעצונג פֿון די נאָרד־
מעריקאַנער, די אויפֿלייזונג פֿון דער אַרמיי. דאָס אַלץ האָט נישט עק־
זיסטירט, אַלץ איז געווען אין כאָלעם און איצט, ווען איך האָב מיך
אויפֿגעכאַפּט, בין איך אַף אַ געוויינלעכער איטשיגאַזשעדעי־זיצונג, צווישן
מײַנע אַלטע גוטע־ברידער, אַרום איינעם פֿון די לאַנגע טישן בײַ דער
וואַנט, אַף וועלכער עס הענגט דאָס בילד פֿון דעם אימפּעראַטאָר מעידזי

און פון דעם הײַנטיקן, אינעם מונדיר פון אַ פעלד־מאַרשאַל, און אונטער די בילדער אַ ראַכוועסדיקע מאַפּע פון אַ געמיינזאַמער גרויסער בליונג־ספּערע אין מיזרעך־אַזיע.

די גענעראַלן זיצן קעגנײַבער מיר אין אַ ריי, ווי אַף אַ פּאָליצע מיט ליאַלקעס אין אַ קינדער־יאַנטעוו. דער מיט די גראָבע אַרויסשטאַרצנדיקע ליפּן און אָנגעפּעלצטע באַקן, איז קאַוואַבע; דער צווייטער, דער קײַלעכ־דיקער מיט ברילן און אונטערגעשוירענע וואָנצעס, איז נעמאַטאָ; דער פּליכעוואַטער מיט די צוגעזשמורעטע אויגן, איז קאַשאַכאַראַ, און לעבן אים סומידאַ, מיט דעם אָפּגעראַזירטן פּאָנעם און גרויסע אויערן, ערשט אַן אַריבערגעפירטער פון כינע אין אַן אַוויאַן אַף טשיאַנג קײַ־שעקס אַ פּערזענלעכער פאַראָרדענונג. פון צווייטן עק טיש שמייכלט צו מיר יאַמאַאָקאַ, מיט דעם קײַלעכדיקן פאַרברוינטן פּאָנעם און שטענדיקע קאַ־רעי־ברילן. אַקעגן אים זיצט דער קאָלאָנעל צודזי, דער טיגער פון מאַלאַ־זיע, מיט זײַנע געדיכטע ברעמען און שווערער מאָרדע. אַלע זיצן דאָ גלײַך ווי גאָרניט געווען, געזונטע און לעבעדיקע.

דאָך, איז דאָס וואָס האָט פּאַסירט, ניט קיין כאָלעם. מיר זיצן איצט ניט אינעם איטשיגאַזשאַדעי. די פאַרזאַמלטע טראָגן נישט קיין שליפּעס, קיין שנורן אַלס אָפּיצירן פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, קיין גאַלאָנען פון פעלד־אַדיוטאַנטן; אַלע טראָגן זיי פּאַשעטע רעקלעך. פאַראַן צווישן אונדז אויך אייניקע פרעמדע. אָט דער אַלטיטשקער מיט די טונקעלע ברילן וואָס איז אַזוי ענלעך אַף אַן אורהאַנגוטאַנג, איז דער באַרימטער קו־כאַראַ, שעף פון אייגער פון די וויכטיקסטע פינאַנץ־גרופּעס אין יאַפּאַן. ער זויגט אַ פּיפּקע מיט אַ פּיצינקע גאָלדן שפּיצל און צישעט עפּעס אָפּן אויער דעם געוועזענעם צווייטן שעף פונעם אימפּעריאַלן צענטראַלן הויפּט־שטאַב. יאָ, מיר זײַנען איצט נישט אינעם איטשיגאַזשאַדעי. און כאָטש די זיצונג קומט פאָר אינעם סאַמע צענטער פון דער הויפּטשטאָט, לעבן דער געבײַדע פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער העכסטן שטאַב הויפּטשטאַב, און עס געפינט זיך דאָ אַ מאַיאָר פון דער „זי. עף." ביוראָ, איז עס יעדנפאַלס, אַ געהיימע זיצונג.

דער גענעראַל־לייטענאַנט נעמאַטאָ האָט מיטגעטיילט, אַז דער וואָ־לונטירן־דעסטאַקאַמענט פון פּליער איז שוין גרייט צום אַוועקשיקן אים קיין טײַוואַן. אַלע האָבן זיי פּראַקטיצירט אַף נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאָנען „ב־36", „פּ־82" און „פּ־86". דער דעסטאַקאַמענט באַשטייט אין גרונט פון סטודענטן מיטגלידער פון אַן עקסטרעם־רעכטער אָרגאַניזאַציע, די אַזוי גערופענע „סטודענטן־אָרגאַניזאַציע צו הילף די אַהיימגעקומענע". דער צווייטער דעסטאַקאַמענט — פון טאַנקיסטן — פּראַקטיצירט איצט פונסנײַ אַף טאַנקען פונעם טיפּ „פּערשינג" און „פּאַטאָן".

די זיצונג האָט באַשטימט פאַרן הויפּטשטאַב צום אויסבילדן וואָלונ־טירן־דעסטאַקאַמענטן דעם גענעראַל אָקאַמוראַ, געוועזענער העכסטער שעף

פון אונדזערע מיליטערישע קויכעס אין כינע; דעם גענעראַל־לייטענאַנט דאָי, געוועזענער שעף פונעם אָרגאַן פאַר ספּעציעלן דינסט אין כאַרבין; סומידאַ, געוועזענער קאָמאַנדיר פון דער אַרמייען־גרופּע פון דער ערשטער ריכטונג אין צענטער פון כינע; דעם גענעראַל־לייטענאַנט נעמאַטאַ, גע־וועזענער קאָמאַנדיר פונעם מיליטער אין צאָפן־כינע; דעם גענעראַל־מאַיאָר יאַמאַאָקאַ, געוועזענער שעף פונעם הויפּטשטאַב פון דער ערשטער אַרמיי אין שאַנסי, און דעם קאָלאָנעל צודזי, געוועזענער הויכראַנגיקער אָפיציר אינעם הויפּטשטאַב פונעם מיליטער אין מאַלאַזיע.

דאָס צעטל אָפיצירן פונעם הויפּטשטאַב האָט מען איבערגעגעבן דעם נאָרדאַמעריקאַנישן פאַרטרעטער.

דערנאָך האָט דער גענעראַל־לייטענאַנט סאַקורי מוידזע געוווען די באַטייליקטע אין דער זיצונג, אַז עס זײַנען שוין אָפּן די רעקרוטירונגס־צענטערס אין זיבעצן יאַפּאַנישע שטעט. דער הויפּט־רעקרוטירונגס־צענ־טער אין טאָקיאָ וועט זיך רופן ביוראָ פון דער צענטראַל־אַזיאַטישער אינ־דוסטריעלער קאָמפּאַניע.

אַף צו פאַרענדיקן, האָט מען אויסגעהערט אַ מיטטיילונג פון דעם קאָלאָנעל־לייטענאַנט יאַמאַצאַקי, געוועזענער שעף פונעם כינעזישן דע־פּאַרטאַמענט אין דער צווייטער סעקציע פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב. זײַן ביוראָ — האָט ער געזאָגט — האָט שוין גרייט אַ צאָלרײַכע גרופּע אָפיצירן ספּעציאַליזירטע אין כינעזישע אָנגעלעגנהײַטן, וואָס האָבן מיל־כאָמע־צײַט געאַרבעט אין די אָרגאַנען „ווײַנשל", „גלאַנץ" און „פלוים" טיף אין כינע. זיי באַדאַרפן געבן לעקציעס אין ספּעציעלע שולן אָנגע־קניפּטע צו די פיליאַלעס פון דער „סאַקאָ" — אויסשפּיר־אָרגאַניזאַציע פון די נאָרדאַמעריקאַנער און פונעם קאָמינטאַנג — אין טאַיכאָקו, האָנג־קאָנג און מאַנילאַ. אין די שולן לערנען אָנגעשטעלטע אינעם געהיימען דינסט פונעם קאָמינטאַנג.

ווען איך בין אַהיימגעקומען האָב איך אָנגעצונדן ליכט פאַר די פאָטאָגראַפישע בילדער פון דזינטאַן, מוסאָליני און די אַנדערע, וואָס זײַנען געשטאַנען אַף אַן עטאַזשערקע און נאָכדעם ווי איך האָב געקניט פאַר זיי, האָב איך געזאָגט:

— איצט שעם איך מיך ניט וואָס איך בין לעבן געבליבן. איך וועל טאָן וואָס מען וועט באַדאַרפן אַף צו פאַרדינען אײַער מעכילע.

— דו דאַרפסט דיך פאַר זיי ניט אַנטשולדיקן — האָט זיך אָנגע־רופן איאָי, וועלכער איז אין דער רעגע ארײַנגעקומען. — זיי האָבן זיך דעם טויט געמאַכט אויס קורצזיכטיקייט. איצט מוזן זיי דיך מעקאַנע זײַן.

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז איך בין ניט מאַסקים מיט זײַן ניט דערעכערצדיקן טאָן באַם ריידן וועגן מײַנע העלדישע גוטע־ברי־דער, און האָב אַרויפגעפירט דעם שמועס אַף אַן אַנדער טעמע:

— פאַרוואָס דערלאָזטו ציווילע מענטשן זאָלן קומען אַף אונדזערע

אולטראַ־געהיימע זיצונגען? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. — אונדז גייט אָן, הייסט עס, ווי אַ שמעק־טאַבאַק די גאַנצע קאָנספּיראַציע.

— קוכאַראַ קומט צו אונדזערע זיצונגען אַלס פאַרטרעטער פון דעם יאַפּאַנישן אינדוסטריעלער־פאַרבאַנד. זיי פינאַנסירן אונדזערע ביוראָס און זײַנען אינעם קורס פון אַלע אונדזערע אונטערנעמונגען — האָט אי:אי מיט גרויס דערעכבערעך אָפּגעענטפערט.

## .8

די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן באַשטעטיקט דעם צוזאַמענשטעל פונעם הויפּטשטאַב, וואָס האָט אַף זיך גענומען די אויסבילדונג פון וואָלונטירן־דעסטאַקאַמענטן. דער הויפּטשטאַב האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן. געבליבן איז מען זאָל די אַלע שריט צו דער אויסבילדונג פון די דעסטאַקאַמענטן און זייער אַרויסשיקן קיין טײַוואַן אַ נאָמען געבן אָפּעראַציע „וואַקאַ״.

דער נאָמען איז אונדז אַלעמען געפעלן. מיט זעקס הונדערט יאָר צוריק האָבן אונדזערע אורעלטערן דורכגעשניטן אַלע מיזרעך־אַזיאַטישע יאַמען. די ערשטע יאַפּאַנישע אַרײַנדרינגונגען קיין טײַוואַן האָבן געמאַכט פּיראַטן, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „וואַקאַ״. און איצט לאָזן זיך ווידער אַוועק אונדזערע בראַווע יונגען צו די דאָרעם־יאַמען, מיט טפּי־לעס צו יומיאַ כאַטשימאַן, אונדזער גאָט פון מילכאָמע.

אינײַנעם מיט קאַוואַבע, דאָ, און נאָך אייניקע, האָט אי:אי זיך געגרייט אַריבערצופאָרן קיין יאַמאַגאַטאַ אַף אַ באַזוך בײַ אישיכאַרא, וועלכער איז געלעגן קראַנק. דער גענעראַל, האָט מיר אי:אי געזאָגט, נעמט אויף בײַ זיך ניט נאָר זײַנע נאָנטסטע טאַלמידים, נאָר אויך אָפיצירן פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב. די נאָרדאַמעריקאַנער ברענגען דעם גענעראַל רעפּוּעס און שפּײַז.

אי:אי האָט מיט אַ שמייכל צוגעגעבן:

— אין דײַטשלאַנד אַרבעט פאַר די נאָרדאַמעריקאַנער דער גענעראַל האַלדער, פאַרפאַסער פונעם „באַרבאַראָסאַ״־פּלאַן, דער פּלאַן פון קריג מיט רוסלאַנד. האַלדער איז דער דײַטשישער אישיכאַרא.

* * *

די רויטע זײַנען אַריבער דעם יאַנטסי און גענומען נאַנקין. עטלעכע טעג נאָכן פאַלן פון דער קאָמינטאַנגישער הויפּטשטאָט, בין איך געווען בײַ אַ זיצונג אינעם טעמפּל קאַנעי, אינעם פּאַרק אוענאָ. יענע נאַכט איז דאָרט פאָרגעקומען אַ זיצונג אין שײַכעס מיטן אַרויספאָר פונעם ערשטן דעסטאַקאַמענט קיין טײַוואַן.

באַם טויער האָבן עטלעכע מענטשן אין קעגנגריף־מאַסקעס געטיילט די פאַרבײַגייער בלעטלעך מיט די אַדרעסן פון די רעקרוטירונגס־צענ־

טערס. געווען איז שוין פאַרענדיקט דאָס צוויטען פון די ווײַנשל־ביימלעך און די בלעטלעך צווייט האָבן ווי אַ טעפּיך באַדעקט די ערד אַרום דעם טעמפּל. די מערסטע פאַראַמלטע זײַנען געווען יינגלעך אין סטודענטי־שע אוניפאָרמען, א סאַך פון זיי האָבן אַפן קאָפּ אָדער אַפן האַלדז גע־טראָגן ווײַסע טיכלעך, אַזוי ווי די וואָס די פליער פון די זעלבסטמער־דער־דעסטאַקאַמענטן פלעגן טראָגן מיכאַמע־צײַט.

דער געהילף פונעם גענעראַל סומידאַ האָט באַגריסט די אַפּפאָרנ־דיקע מיט דעם גרויסן קאָווער וואָס איז אויסגעפאַלן אַף זייער גורל. זיי האָבן באַדאַרפט גרייט זײַן אַפּגעפליקט צו ווערן אַזוי ווי דער ווײַנשל־צוויט אַפן מיזבייעך פון דער אימפעריע. זיי זײַנען דער אַוואַנגאַרד פון דער אימפעריאַלער ארמיי, וואָס לעבט איצט אויף פון איר אַש. אַקטויורנ־דיק זײַט באַ זײַט מיט אירע פריערדיקע סאַנים, ווערט גרויס־יאפאַן דער־דריקן איר הויפּט־סוינע, די רויטע.

פון די הינטערשטע רייען האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם קיוזשו־אַקצענט:

— צוערשט וועלן מיר פאַרענדיקן מיט די רויטע, דערנאָך וועלן מיר זיך צערעכענען מיט אונדזערע פריערדיקע סאַנים!

אַלע האָבן מיר הייס אַפּלאָדירט און גענומען זינגען דאָס ליד „אומי יוקאבא", אַן אומפאַרגעסלעך ליד, וואָס די טרײַע אונטערטאַנען פלעגן זינגען מילכאָמע־צײַט:

פאָרסט אַרויס אַפן יאַם: אַף די כוואַליעס פּגאַרים,
קלעטערסט אַף די בערג, אין די קוסטעס פּגאַרים.
אַלע וועלן מיר פאַר דעם מיקאַדאָ שטאַרבן,
אַלע וועלן מיר צום טויט גיין אומגעוואַקלט.

## 9.

האַש־האַש האָט זיך עקסטרע באַשטעלט מיט מיר אין טאָקאָנאַוואַ. איך האָב אים אַרויסגעזאָגט מײַן ווונטש צו האָבן מײַנעם אַן אייגענעם ביוראָ קעדיי צוזאַמענצוברענגען די אַלטע אַנגעשטעלטע פון ספּעציעלן דינסט אין כינע, באַנײַען דעם קאָנטאַקט מיט אונדזערע אַגענטן אין שאַנכײַ, ווּסי, כאַנגטשאָו און נאַנקין און אָנהייבן אַקטויורן פון טײַוואַן אויס.

נישט געלאָזט האָט ער מיך פאַרענדיקן און גענומען טרייסלען מיטן קאָפּ.

— ניין, איר וועט נישט אַרבעטן אין דער ריכטונג פון טײַוואַן, נאָר אין אַן אַנדערער.

— אין וועלכער?

האַש־האַש האָט געמאַכט אַ גרימאַסע: לויט אַלע סימאָנים איז ער געווען שלעכט געשטימט.

— צי דען פֿאַרשטייט איר ניט? איר זײַט אַ מיטגליד פֿונעם הויפּטשטאַב, אַן אָפֿיציר פֿון דער גענעראַל־קוואַרטיר, מען שטעלט אײַך אַרויס אַלס איינעם פֿון די דערפֿאַרנסטע באַאַמטע אינעם אויסשפּיר־דינסט, נאָר דענקען דענקט איר שלעכט.

איך האָב מיך קוים אײַנגעהאַלטן און מיט אונטערגעשטראָכענער העפֿלעכקייט האָב איך מיך אָנגערופֿן:

— אויב איר האַלט מיך פֿאַר אַזאַ ניט פֿאַרשטענדיקן, זײַט זשע אַזוי גוט און קלערט מיך אויף.

— מיר מוזן אָנהייבן אַלץ פֿונסנײַ. פֿון דאָרטן ווו אויך איר האָט אָנגעהויבן. פֿאַרשטאַנען?

— דאָס הייסט, איבעראַרבעטן דעם אישיכאַראַ־פּלאַן פֿון אָנהייב? האַש־האַש האָט געמאַכט אַ זשעסט פֿון אומגעדולד.

— איך זע אַז דער באַרימטער מינעג פֿון די אַלטע יאַפּאַנעזער האָט אײַך צו גאָרנישט ניט גענוצט. ער האָט אײַך אַרײַנגעגעבן נישט קיין קוראַזש, נאָר פּאַכדאָנעס, און האָט אײַך אין מויעך אַרײַנגעפּלאָסן...

איך בין אויפֿגעשפּרונגען, אַ בריל געטאָן און געכאַפּט אַן אַש־בעכער:

— אַ פּאַכדן ביסטו. באַליידיק נישט!

אויך ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, האָט זיך געכאַפּט צו דער קע־שענע און האָט צווישן די ציין אַ מורמל געטאָן:

— טאַמער רירסטו דיך, בלײַבסטו דאָ אַפֿן אָרט! געלע מאַלפּע, פּאַכדן! פֿאַרשיוּוער יאַפּאַנעזער!

— דער פּאַכדן ביסטו, רויטע מאַלפּע!

מיר זײַנען געשטאַנען איינער אַקעגן צווייטן און צווישן אונדז דער טיש. ער האָט געקוקט אַף מײַן האַנט וואָס האָט געהאַלטן דעם אַש־בע־כער און איך אַף זײַן האַנט וואָס ער האָט געהאַטן פֿאַררוקט אין קעשענע. ווען אונדזערע בליקן באַגעגענען זיך, וואָלט געשען אַן אויפֿרײַס. מען האָט געקענט הערן דעם טיק־טאַק אַף האַש־האַשס האַנט־זייגער. אין אַ מי־נוט אַרום, האָט ער איראָניש אַ שמייכל געטאָן און זיך אָוועקגעזעצט, אַרויסנעמענדיק די האַנט פֿון דער קעשענע. איך האָב אָוועקגעשטעלט דעם אַש־בעכער פֿאַר מיר. האַש־האַש האָט אַרויסגענומען אַ פּיפּקע און זי אָנגעצונדן. איך האָב פֿאַררייכערט אַ ציגאַרעט.

— נו, לאָמיר עס אָפּלאָזן... — האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט אַ גע־לעכטערל. — דאָס געהער זיך אַהערצו ניט אָן. לאָמיר נישט פֿאַרלירן קיין צײַט. מיר האָבן אַ געמיינזאַמען סוינע און אַ געמיינזאַמען אידעאַל.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָב צוגערוקט צו זיך דעם אַש־בעכער נישט אַראָפּנעמענדיק פֿון אים די האַנט.

— קלערט מיך אויף אין וואָס גייט עס.

— אין דער עמעסן איז נישטאָ וואָס אויפֿצוקלערן. אַלץ איז קלאָר.

נאָך יאַפּאַנס קאַפּיטולאַציע, האָבן מיר טייקעף געוואָלט פאַרנעמען איר אָרט אין אַזיע, נאָר טשיאַנג קײַ־שעק איז אונדז דורכגעפאַלן. אין כינע איז געשען, לאָמיר עס אָנרופן באַם נאָמען, אַ פולשטענדיקע קאַטאַסטראָפע. איצט שטייט אין געפאַר די גאַנצע פּאָליטיק אונדזערע אין אַזיע. און, אויב מיר זאָלן נישט אָננעמען קיין קעגן־מיטלען, בלײַבט אונדז נאָר איין זאַך צו טאָן: אַוועקצוגיין פון אַזיע. נאָר מיר קענען דאָס בעשום־אויפן ניט דערלאָזן. מיר האָבן באַשטימט אָננעמען קעגן־מיטלען. און מיר מוזן אָנהייבן דאָרט, וווּ אויך איר האָט אָנגעהויבן. אַף צו באַפעסטיקן אײַער לאַגע אין אַזיע, האָט איר צועשט פאַרנומען טײַוואַן, דערנאָך...

— ...קאָרעע. נאָר געטאָן האָבן מיר עס נישט מיט איין קלאַפּ, נאָר אין פאַרשיידענע עפּאָכעס.

— די לאַגע איז דעמאָלט געווען אַן אַנדערע. רוסלאַנד און כינע זײַנען דעמאָלט נישט געווען רויט. די צײַט יאָגט איצט... וועלן מיר האָבן איינצײַטיק טײַוואַן און קאָרעע, וועלן מיר נעמען מאַנדזשוריע און גיין ווײַטער. אײַער אישיכאַרא־פּלאַן איז געווענדט געווען נאָר קעגן רוסלאַנד, בעיס אונדזער פּלאַן איז ברייטער: זײַן ציל איז רוסלאַנד און גאַנץ אַזיע.

— מיר פלעגן דעם פּלאַן אָפיציעל אָנרופן „האַקאָ־איטשיו״, דאָס הייסט, די אַכט זײַטן פונעם האָריזאָנט אונטער איין הימל.

— צו לאַנג און צו דורכזיכטיק. אונדזער נאָמען איז קורצער, נאָר איר דאַרפט אים דערווײַל נישט וויסן. וואָס שײַעך דער אַרבעט מיט וועלכער איר וועט פון הײַנט און ווײַטער זײַן פאַרבונדן, שטעלט זי מיט זיך פאָר נישט מער ווי אַ טייל פון איין גרויסן פּלאַן. די טייל פּלאַן רופט זיך קאָנווענציאָנעל „א. בע. צע.״־פּלאַן.

איך האָב אַראָפּגענומען די האַנט פונעם אַש־בעכער.

— איצט איז אַלץ קלאָר. פּאַרויס, צום קאָנטינענט. ריכטיקער, אַרבעטן אין דער ריכטונג פון האַלב־אינדזל קאָרעע.

— יאָ. די דאָרעם־טייל פון דעם אינדזל רופט זיך איצט די טאַי־האַן־רעפּובליק, און אין צאָפן, ווי איר ווייסט, האָבן זיך באַפעסטיקט די רויטע קאָרעער. זיי שנײַדן אונדז אָפּ דעם וועג צום יאַלו און ווײַטער צו גיין. דאַרף מען זיי דעריבער אַפּראַמען.

איך האָב מיך פונאַנדערגעלאַכט.

— איך האָב מיך געגרייט קיין טײַוואַן און אַרויסגעקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש. אַנשטאָט טײַוואַן, טאַיהאַן. איר האָט באַשלאָסן צוריק־גיין צום קאָנטינענט דורך דעם אַנדערן עק?

— קלאַפּנדיק אַף דער זײַט, וועלן מיר זיך אַפּקוויטעווען פאַר טשיאַנג קײַ־שעקס מאַפּאַלע.

האַש־האַש איז צוגעגאַנגען צום שראַנק און האָט אַרויסגענומען

אַ פלעשל קאָניאַק, אַ ציטרין און צוקער. אָנגעגאָסן האָט ער די גלעזלעך און געטרונקען אַ טאָסט:

— פאַר דעם מאַרשרוט פּוסאַן ־ יאַלו און ווײַטער! היפּ, היפּ, הוררי!

איך האָב גענומען אַ רייפטל ציטרין צום מויל און געמאַכט אַ גריי־מאַסע:

— פּונקט אויף דעם מאַרשרוט איז כידעיאָשי געשטרויכלט געוואָרן צוריק מיט פערטהאַלבן הונדערט יאָר. זײַן מיליטער איז צוגעקומען ביז צאָפּן־זײַט פון פּאָנגיאַנג, נאָר דערנאָך האָבן זיך פאַר אים אָנגעהויבן אַלערליי שטערונגען און צום סאָף האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דאָס האַלב־אינדזל.

— אָבער כידעיאָשי איז געווען אַ לוי־יוצלעך אַלס מיליטער־מענטש. זײַנע היסטאָריקער לויבן אים און רופן אים דער „יאַפּאַנישער נאַפּאָ־לעאָן", נאָר געווען איז ער אַ שטיק האָלץ. דערפאַר איז ער דורכגעפאַלן אין קאָרעע. אונדזערער פאַרקערט... — ער האָט מיט ביטל אַ זשמורע געטאָן די אויגן און אָרונטערגעלאָזט די ליפּן און האָט באַקומען גרויס ענלעכקייט צו דעם פּאַרשוין וואָס ער האָט נאָכגעמאַכט — דער וואָס טראָגט די פינף שטערן... וועט נישט דורכפאַלן... אַכוצדעם, האָט ער אַזוינס וואָס אָבער כידעיאָשי האָט נישט געהאַט: אַנטיטאַנקען־„באַ־זוקאָס", טאַנקען „פּאַטאָן", שטראַם־אַוויאַציע, נאַפּאַלם... און נאָך עפּעס. לאָמיר טרינקען פאַר דעם גרעסטן סטראַטעג פון די פאַ׳ייניקטע שטאַטן!

מיר האָבן אויסגעטרונקען פאַר דעם העכסטן שעף און דערנאָך פאַרן דערפאָלג פון אונדזער אַרבעט.

יענעם טאָג האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער ריכטונג פונעם קאָרעער האַלב־אינדזל.



# „אַ. בע. צע."

.1

אַרויסגעפאָרן פון טאַקאַנאַוואַ, האָט מיך האַש־האַש צוגעפירט קיין יאָקאָהאַמאַ אינעם כינעזישן רעסטאָראַנדל „מאַנטשינראָ", אַף דער נאַנ־קין־גאַס. אַרײַנגעגאַנגען זײַנען מיר אין דעם הויז דורך דער הינטער־טיר, ווו עס האָבן געהאַלטן וואַך צוויי ריזיק־הויכע הינדוסן מיט טורבאַנעס און בולעוועס. אין עק פון אַ טונקעלן קאָרידאָר, וואָס האָט שטאַרק גע־שמעקט מיט באָב־אייל און מיט אָפּיום, האָבן מיר זיך דערזען אין אַ צי־מערל, ווו אין דער מיט איז געשטאַנען אַ קײַלעכדיקער טיש פון געפּאָ־לירטן עבאָן־האָלץ. אַן עלטערער ,דזשענטלמען אין פײַנער קליידונג האָט אונדז אויפגענומען מיט איבערגעטריבן צערעמאָניעזע מאַנירן. איך האָב אים אָנגענומען פאַר אַ נאָרדאַמעריקאַנישן יאַפּאַנעזער, נאָר אַרויסגעוויזן האָט ער זיך פאַר אַ נאָרדאַמעריקאַנישן קאָרעער.

דאָקטער ראָבערט דזשעפערסאָן האַן — אַזוי האָט ער זיך פאָרגע־שטעלט — האָט אין אַ געבראָכענעם יאַפּאַנעזיש דערקלערט, אַז ער רעדט שלעכט יאַפּאַנעזיש, נאָר ער פאַרשטייט אַלץ וואָס מען רעדט.

איך האָב אים אָנגעגעבן דעם נאָמען פונעם איוואָדזימער סערטיפי־קאַט און האַש־האַש האָט צוגעלייגט:

— דער קאָנווענציאָנעלער נאָמען פון דעם לייטענאַנט־קאָלאָנעל איז כיראָפאַן.

ראָבערט האַן האָט העפלעך אַ שמייכל געטאָן, באַווײַזנדיק זײַנע גאָלדענע ציין און האָט אָפּגעענטפערט:

— אַ נאָמען וואָס איז שטאַרק אין דער מאָדע. וואָס שײַעך מיר, בעט איך אײַך מיך פאָשעט רופן דאָקטער.

מען האָט אונדז אַרײַנגעבראַכט אַ טשײַניק מיט טאַזעס, נאָר אינעם טשײַניק איז ניט געווען קיין טיי, נאָר אַ ברוינע מאַשקע וואָס האָט גע־שמעקט מיט רעפוע. ראָבערט האַן האָט אויפגעקלערט אַז דאָס איז — דער באַרימטער כינעזישער „כעשאַוניאָאָ" — אַ נאַסטאָיקע פון מעדיציני־שע וואַלד־גראָזן, וואָס מאַכן פון אַלט יונג.

שפּעטער אַביסל איז אַרײַנגעקומען אַ צווייטער דזשענטלמען. ראַבערט האַן האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, האָט זיך טיף פאַרנייגט מיט די הענט אַף די קניִען און איז צוגעלאָפן אויסטאָן באַם אַרײַנגעקומענעם זײַן אויבער־ראָק. זײַן פּאָנעם איז מיר אויסגעקומען באַקאַנט. נישט אויפגעהויבן פונעם שטול, האָט האַש־האַש פאָרגעשטעלט דעם פריש־אַרײַנגעקומענעם:

— גענעראַל קים סעג־וואָן, געוועזענער קאָלאָנעל פון דער יאַפּאַנישער אַרמיי קאַנאַזשאַמאַ סעקיגען.

איך האָב מיך קורץ פאַרנייגט, אַפּן מיליטערישן שטייגער, און האָב אַרויסגערעדט מײַן נאָמען. איך האָב אים דערקענט. געווען איז עס יענער קאָלאָנעל מיט די קאָרעער וואָנצעס, וואָס איך האָב אים אינעם טאָג פון דער קאַפּיטולאַציע געהאַט געזען אינעם הויפּטשטאַב פון די אויפשטענדלער. דעמאָלט האָט ער עפּעס געהאַט אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל דזשינטאַנען. דערנאָך האָב איך אים געהאַט געזען מיט אַ גרופּע אָפיצירן באַ אַזאַ אינעם גאָרטן, ווו ער האָט באַגראָבן אויצרעס אין קאַסטנס אַרײַנגעלייגטע. איצט האָט ער קיין וואָנצעס ניט געהאַט. דער גענעראַל האָט מיר געענטפערט מיט אַ גענעדיקן גרוס און האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— זײַט איר פון דער געזעלשאַפט פאַר געשיכטע־שטודיום?

האַש־האַש האָט פאַר מיר געענטפערט:

— ניין. ער איז מײַנער אַ ראָטגעבער אין איניאַנים פון ספּעציעלן דינסט, ער איז אָבער אַוואַדע אינעם קורס פון געשיכטלעכער פאָרשונג.

— אײַערע פרײַנט האָבן מיר אַ סאַך דערציילט פון אײַך און איך האָב שוין לאַנג געהאַט דעם ווונטש אײַך צו קענען. איצט, ווען אונדזער אַרבעט, אַ דאַנק אײַך, גייט שנעלער.

ער האָט מיר געשטעלט אייניקע פראַגעס מיקויעך מײַן אַקטיוואַציע אין כינע און ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך האָב געאַרבעט אין דער סעקציע פאַר ספּעציעלן דינסט אין פאַרבינדונג מיט דעם הויפּטשטאַב פון דעם גענעראַל מאַצואַי און אַז איך האָב מיך באַטייליקט אין צוזאַמענשטעלן די רעגירונג ליאַן הונג־טשי אין מיטל־כינע, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

מיט אַ ווונק האָט מיר האַש־האַש געגעבן צו וויסן, אַז די פאָרשטעלונג־צערעמאָניע איז פאַרענדיקט. צוריקוועגס האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך וועל מוזן אַרבעטן אין גרויס אײַלעניש. איך באַדאַרף אויסאַרבעטן אינײַנעם מיט ראָבערט האַן דעם פּלאַן פון אויסשפּיר־מיטלען אין שײַכעס מיט דעם „אַ. בע. צע.“־פּלאַן. עס וועט אינטערעסאַנט זײַן צו אַרבעטן מיט דעם דאָקטער. מילכאָמע־צײַט איז ער געווען אין דער טשוסטינג־פיליאַלע פון דער נאָרדאַמעריקאַניש־קואָמינטאַנגישער אָרגאַניזאַציע „סאַקאָ“, ווו ער האָט מיט דערפאָלג אַרויסגעשיקט אַגענטן אין די רויטע באַצירקן.

מײַנע באַגעגענישן מיט ראָבערט האַן זײַנען פאָרגעקומען אינעם האָטעל „פוקודאַיאַ״, קעגנאיבער דער יאָצואַ סטאַנציע. פאַר דאָלמעטשער האָט מען מיר פאָרגעשטעלט אַן אַלטן סטודענט פונעם מעידזי־אוניווערזיטעט: פאַק טשאַ־דען, וואָס האָט אויך געהאַט דעם נאָמען דזשאַרלז יאָנאַטאַן פאַק. געווען איז ער אַ לוסטיקער פאַרשוין און אַ פּלאַפּלער. באַלד האָט ער זיך גענומען באַרימען, אַז ער קען אַ סאַך יאַפּאַנישע אָפּיצירן. נאָך אויסרעכענען פלעגט ער דעריקער אָפּיצירן פון דער זשאַנדאַרמעריע.

מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר צוויי וויכטיקע פאַרשוינען: סין סונג־מאָ, שוץ־מיניסטער פון דאָרעם־קאָרעע, און גענעראַל־מאַיאָר טשונג איל־גוואָן, צווייטער שעף פון צענטראַלן הויפּטשטאַב. נישט דער ערשטער, נישט דער צווייטער האָבן אַף מיר געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אָנגעזעענע מענטשן. דער קריגס־מיניסטער, מיט זײַנע אַרויסגעשטאַרטשעטע באַקנביינער, אָפּגעשטאַנענע אויערן און ביטלדיקע צוגעזשמורעטע אויגן, האָט אַ פּנים געהאַט פון אַן אָסאַקער פּראָצענטניק. וואָס שייך דעם גענעראַל טשונג איל־גוואָן — אַ קליינינקער, אַ באַברילטער, מיט אַ ניט־באַוואַקסענעם פּנים פון אַ יינגל, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פריש־געבאַקענער פּאָרוטשיק. ער האָט אויסגעזען נישט עלטער ווי אַ יאָר דרײַסיק.

סין סונג־מאָ האָט מיר מיט שטאָלץ צו וויסן געגעבן, אַז אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט ער געדינט אַלס קאַפּיטאַן אַף אַן ענגלישער פראַכט־שיף. מען האָט אים געשאָנקען אַן ענגלישן קריגס־מעדאַל פאַר איבערפירן קאָנסערוון און מאַרגאַרין־פּוטער. און פון דעמאָלט אָן קענטיק האַלט ער זיך פאַר אַ גרויסן עקספּערט אין מיליטערישע אָנגעלעגנהייטן.

דער גענעראַל טשונג איל־גוואָן האָט זיך באַרימט, אַז מילכאָמע־צײַט איז ער געווען אָפיציר אין דער מאַנטשוקואָ־אַרמיי און האָט דורכגעפירט שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן די קאָרעער פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט אַף דער זײַט פון די רויטע כינעזער אין מאַנדזשוריע. דער אימפּעראַטאָר הענרי פּואי האָט אים פאַר די אָפּעראַציעס געגעבן אַן אויסצייכענונג.

ביידע טאַיהאַנער אָנפירער האָבן מיך געבעטן איך זאָל פאַרענדיקן וואָס פריִער מײַן אַרבעט לעטויוועס דער אַלגעמיינער זאַך.

אַף דער פאַראָרדענונג פון טשונג איל־גוואָן איז אונדז געקומען אַרויסהעלפן, מיר מיט ראָבערט האַנען, אַן אָפיציר פון דער סעקציע אויסשפּירער אינעם צענטראַלן הויפּטשטאַב פון דאָרעם־קאָרעע, מיטן נאָמען לים כאָ און אויך הענרי לים. פאַר דער יאַפּאַנישער קאַפּיטולאַציע, איז ער געווען אַ באַאַמטער אינעם פּאָליצײַ־דעפּאַרטאַמענט פון אונדזער רעגירונג אין קאָרעע.

צו אונדזער גרופּע האָט מען צוגעשטעלט צוויי יאַפּאַנעזער: די

קאָלאָנעלן כידאָקאָ און סוצוקי קעאישי. ווען האַש־האַש האָט מיך אַ פרעג געטאָן וועמען נאָך מען קען רעקאָמענדירן צו דער אַרבעט, האָב איך שיר ניט אָנגערופן מײַנע פאַרשטאָרבענע גוטע־ברידער. פאַר זיי וואָלט איך מיט אַן עמעסן געקענט אָרעוו זײַן ווי פאַר מיר אַליין! איצט וואָלטן זיי שטאַרק צונוץ געקומען: דזינטאַן מיט זײַן דערפאַרונג אין דער אַר־בעט פון צאָפן־כינע, ווו ער האָט באַלאַנגט צו דער ספּעציעלער סעקציע פון טעראָוטשיס הויפּטשטאַב און האָט דורכגעפירט ספּעציעלע אַקציעס פון פּאָליטישן כאַראַקטער, און מוסאָליני, וואָס האָט געאַרבעט אינעם הויפּטשטאַב פון דער זשאַנדאַרמעריע אין קאָרעע.

איך האָב מיך שוין ניט געשעמט ווען איך האָב געקוקט אַף זייערע פאָטאָגראַפיעס, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ מיר אַף דער עטאַזשערקע. געשטאָרבן זײַנען זיי באַם געדאַנק, אַז די אימפּעריע איז אַף אייביק גע־פאַלן, נאָר זיי האָבן זיך טויע געוועזן און זיי קוקן שוין ניט אַף מיר מיט פאַראַכטונג ווי פריִער, נאָר מיט אָפענער קינע. איך בין געוועזן ווײַטזיכטיקער פון זיי.

דער יאַספּיס איז צעבראַכן געוואָרן, נאָר אַלע שערבעלעך זײַנען פאַרבליבן און די שערבעלעך איז באַשערט ווידער זיך צו פאַרייניקן אַף אַ באַפעל פון אויבן.

## 2.

דער יאַספּיס איז צונויפגעקלעפּט געוואָרן אַף אַ באַפעל פון אויבן: פונעם זעקסטן שטאָק אין דער הויפּט־ביוראָ פון כיביאָ, אַפן זעקסטן שטאָק איז געוועזן מעקס קאַבינעט, ווי מען האָט פאַרקירצט גערופן דעם העכסטן שטאַף צווישן זײַנע אונטערגעאָרדנטע.

איאַ! איז נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון יאַמאַגאַטאַ, און אויך ניט די איבעריקע. דאָך האָט מען אין אַלע ביוראָס שוין גערעדט וועגן דער רײַזע. אישיכאַראָס געזונט־צושטאַנד האָט אַרויסגערופן זאָרג: לויט אַלע סימאָנים האָט ער געליטן פון אַ קרעבס. נאָר ניט דאָס איז געוועזן די הויפּט־טעמע פון די געשפּרעכן. צוקאָפּנס דעם קראַנקן האָט מען אָפּ־געהאַלטן אַ זיצונג, ווו דעם גענעראַל אישיכאַראָס מיטאַרבעטער און טאָל־מידים האָבן אים באַקאַנט געמאַכט מיט דער לאַגע. באַזונדער, האָט קאָ־וואַבע אינפאָרמירט דעם אַלטן וועגן אַ פּראָיעקט צוזאַמענגעשטעלט אַפן באַפעל פונעם נאָרדאַמעריקאַנער העכסטן שטאַב. אַף אַט דעם פּראָיעקט איז, אייגנטלעך, קאָנצענטרירט געוועזן אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט.

די ביוראָ פון קאַוואַבע טאָראַשירע, געוועזענער צווייטער שטאַף פון־נעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, האָט זיך געפונען אַפן זעקסטן שטאָק פון דער געבײַדע „מעידזי־בילדינג", אינעם קיאָבאַשי־באַצירק. אַף אויסצו־פירן די שליכעס פון דער נאָרדאַמעריקאַנישער אָנפירונג, האָט זיך אין

דער ביורא געבילדעט אַ קאָמיסיע פון די גענעראַל־לייטענאַנטן קאַמאַטאַ און אַריסוע און די גענעראַל־מאַיאָרן טאַנאַקאַ און אַנאַדעראַ. די קאָמיסיע האָט מען אַ נאָמען געגעבן „אָרגאַן קאַטאַ", נעמענדיק די ערשטע אויסיעס פון די פיר גענעראַלן.

אין דער אַרבעט פונעם „אָרגאַן קאַטאַ" האָבן זיך אויך באַטייליקט דער גענעראַל־לייטענאַנט קאַוואַמאַטאַ און די גענעראַל־מאַיאָרן כאַריקע און סאַוואַמאַטאַ. פונקט ווי אַנאַדעראַ, זײַנען אַלע דרײַ געווען אָפיצירן פונעם הויפּטשטאַב, קענער פון רוסלאַנד. אַנדעראַ און קאַוואַמאַטאַ האָבן אַ צײַט אָנגעפירט מיט דעם מיליטערישן אויסשפּירונגס־דינסט אין ריגע; וואָס שײַעך כאַריקע און סאַוואַמאַטאַ, האָבן זיי זייער אויסשפּירונגס־דינסט אָנגעהויבן אַלס אַדיוטאַנטן פון דעם מיליטערישן אַטאַשע אין מאָסקווע.

דער פּראָיעקט פונעם „אָרגאַן קאַטאַ" האָט געהאַט אַלס באַזע מעקס אַלגעמיינע אָנווײַזונגען בענעגייע דעם שטופּנווײַזן ווידערויפקום פון דער יאַפּאַנישער רעגולערער אַרמיי און פונעם פלאָט.

דער פּראָיעקט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט אין אַ טרוקענער שפּראַך. נאָר יעדע איינע פון די פּראַזן האָט אין אונדזערע אויערן אָפּגעקלונגען ווי די לוטע פון אַ הימלשער בסולע. דער טאַמציס פונעם פּראָיעקט איז געווען אַט־וועלכער:

דער קערן פון דער אויפגעקומענער אַרמיי דאַרף זײַן אַן אַרמיי־קאָרפּוס, צוזאַמענגעשטעלט, לויט דעם נאָרדאַמעריקאַנישן מוסטער, פון דרײַ דיוויזיעס אינפאַנטעריע און פאַרשטאַרקונגס־איינסן. דער אַרמיי־קאָרפּוס דאַרף געשאַפן ווערן מיט דעם אויסרייד פון פאַרשטאַרקן די פּאָליצייאישע קויכעס, ער דאַרף אָבער עקזיסטירן דורכויס באַזונדער פון דער מעלוכישער פּאָליציי, וואָס באַשטייט פון זעקס דיוויזיעס, און פון די אָרטיקע פּאָליציי־טיילן, וואָס באַשטייען פון פיר דיוויזיעס.

פון די פריִערדיקע צען דיוויזיעס, וואָס זייער באַוואָפענונג איז אַ באַגרענעצטע, ווײַל זיי פיגורין אַלס גרופּירונגען מיט ריין־פּאָליצייאישע אויפגאַבעס, וועט זיך דער אַרמיי־קאָרפּוס באַלד פון אָנהייב אויסטיילן דערמיט וואָס ער וועט זײַן אַ רעגולערע קערפּערשאַפט מיט דער געהעריקער באַוואָפענונג.

אַף צוצוגרייטן אָפיצירן, וועלן ווידער אויפגעשטעלט ווערן די מיליטערישע שולן. אַף דער ווײַל וועט מען זיי רופן „פּאָליצייאישע".

די אונטעראָפיצירן וועלן דורכגיין אַ קורס פּלאַטאָנען־ווײַז, צוגעהעריקע צו די איינסן. וואָס שײַעך די זעלנער, וועלן זיי געמושטירט ווערן אין די לאַגערן לעבן די נאָרדאַמעריקאַנישע מיליטערישע באַזעס אין סאַפּאָראָ, סענדאַי, יאָקאָהאַמאַ, קיאָטאָ, אָסאַקאַ און אַפן אינדזל קיושו.

דערנאָך וועלן זיך אינעם אַרמיי־קאָרפּוס אויסבילדן איינסן אינפאַנטעריע, אַרטילעריע, מאָטאָריזירטע, אַנטילופט, אַנטיטאַנקען, אינזשענע־

ריע, טראַנסמיסיע, באַשפּײַזונג, סאַניטעט און פעלד־זשאַנדאַרמעריע. עס וועלן זיך אויך בילדן, צום קאָרפּוס אַנגעשלאָסענע, אַוויאַציע־טײלן.

שפּעטער דאַרפן געשאַפן ווערן נאָך פיר אַרמיי־קאָרפּוסן. אַזוי אַרום וועלן זיך האָבן געבילדעט פינף דיוויזיעס, פולשטענדיק באַוואָפנטע אָפּן נאָרדאַמעריקאַנישן שטייגער, פון די האַלב־אויטאָמאַטישע ביקסן „מ־1" און די „באַזוקאַס" ביז די קאַנאָנען „לאָנג טאָם" פון 15,5 און טאַנקען „פּערשינג" פון 45 טאָן.

מען וואָלט זיך געקענט פרעגן: פונוואַנען וועט מען נעמען די אָפי־צירן פאַר די אַרמיי־קאָרפּוסן?

די אַזוי גערופענע פּאָליציי־אַישע שולן וואָלטן אַרויסגעגעבן נישט מער ווי אונטעראָפיצירן, און דאָס ערשט אין אַ געוויסער צײַט אַרום. דעם שטאַב אָפיצירן וואָלט מען געקענט אויספילן אָף איין אויפן: אַרײַנ־נעמען די אַלטע אָפיצירן.

אָבער, די אָנווײַזונג פון 4טן יאַנואַר 1946, וואָס מאַק האָט אַרויס־געגעבן אַלס פּויעל־יויצע פון דער פּאָטסדאַמער דעקלאַראַציע, האָט פאַר־באָטן אָנצושטעלן אָף מעלוכע־דינסט ניט נאָר די וואָס האָבן פיגורירט אין דער קאַטעגאָריע קריגס־פאַרברעכער, נאָר אַלע געוועזענע אָפיצירן פון דער יאַפּאַנעזישער אַרמיי און פלאָט.

דער פּראָיעקט פונעם „אָרגאַן קאַטאָ" האָט קאַטעגאָריש געפאָדערט אָפּצושאַפן די אָנווײַזונג.

וואָס שײַך דעם אימפּעריאַלן פלאָט דאַרף ער ווידעראויפגעשטעלט ווערן אָף דער באַזע פון דער שוין עקזיסטירנדיקער יאַם־פּאָליציי, וואָס פאַרמאָגט דרײַ הונדערט שיפן און אַרום צוויי טויזנט פלאָט־אָפיצירן. מען וועט דאַרפן פאַרגרעסערן די צאָל שיפן, זיי באַוואָפענען און ווי געהעריק אויספילן זייערע מאַנשאַפטן. די אָפיצירן און מאַטראָסן וועלן דאַרפן דורכגיין אַ ספּעציעלע צוגרייטונג אָף די נאָרדאַמעריקאַנישע פלאָט־באַזעס פון יאָקאַהאַמאַ, סאַסעבאָ, קורע, מאַיצורו, אָמינאַטאָ און אָקינאַוואַ.

ווען איאי איז מיט אַלע אַנדערע צוריקגעקומען פון יאַמאַהאַטאַ, האָט ער זיך דערוווסט, אַז דער פּראָיעקט איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער הויפּט־ביוראָ. דאָס נײַס האָט אַרויסגערופן אַ פרייד אין אַלע אונ־דזערע ביוראָס, קאָאָפּעראַטיוועס, געזעלשאַפטן און קלובן. די אימפּע־ריאַלע אַרמיי שטייט אויף פון דעם אַש פון די פעגער פאַרברענטע צו־ריק מיט פיר יאָר. איר צײַטווײַליקער פאַרשווינדן האָט זיך פאַרענדיקט. די געטער האָבן אונדז באַלוינט פאַר די לײַדן און פאַר דעם איבערטראָגן אַלץ.

דער פּראָיעקט איז באַשטעטיקט געוואָרן, כאָטש מיט געוויסע צו־גאָבן און אויסבעסערונגען.

דער נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב האָט געהאַלטן פאַר נישט פאַ־

סיק עפנטלעך אָפּצושאַפן די אָנוויַזונג פון 4טן יאַנואַר 1946. זאָל זי אָפיציעל פאַרבליַבן אין קראַפט. די פריִערדיקע אָפיצירן וועלן בליַבן פריַ פון דער ווירקונג פון דער אָנוויַזונג אַף אַ פּערזענלעכן אופן, אַלס אויסנאַם. נאָר די „אויסנאַמען" וועלן געמאַכט ווערן אין אַזאַ צאָל, אַז ס'זאָל קלעקן אַף אויסצופילן דעם גרינטלעכן שטאַב אָפיצירן פאַר אַן אַרמיי־קאָרפּוס.

דער ערשטער קאָרפּוס וועט אָפיציעל זיַן צוזאַמענגעשטעלט פון פינף און זעכציק טויזנט מאַן, נאָר אין דער ווירקלעכקייט — פון הונ־דערט טויזנט. די איבעריקע אַרמיי־קאָרפּוסן וועלן זיך ניט אויסבילדן אַלס פּאָליציייאישע איינסן, נאָר פון אַן אַנדער טיפּ, קעדיי אויסצומיַדן אומנייטיקע דעבאַטן אינעם אַליאירטן ראַט פאַר יאַפּאַן.

אין אַ שטיקל ציַט אַרום וועלן קענען געשאַפן ווערן צוויי נייַע אַרמיי־קאָרפּוסן מיט די „אַגראַרע קאָאָפּעראַטיוועס", וואָס דער דעמאָ־ביליזאַציע־דעפּאַרטאַמענט האָט אין זיין ציַט געבילדעט אַף דער באַזע פון צוואַנציק טויזנט געוועזענע אָפיצירן און אונטעראָפיצירן. די צוויי אַרמיי־קאָרפּוסן וועט מען אַ נאָמען געבן „קערפּערשאַפטן צו עקספּלואַ־טירן ליידיקע פלעצער".

די יאַם־פּאָליציי וועט באַקומען נאָך צוואַנציק שיפן, טאָרפּעדאָ־שיפלעך און מינען־רייניקער, און מיט דער ציַט וועט זי האָבן זעקס הונדערט שיפן. די שיפן וועלן דאַרפן האָבן קאַנאַנען, מעטראַליעס, מי־נען־וואָרפנדיקע אַפּאַראַטן און ראַדאַר־איַנריכטונגען.

די יאַפּאַנישע מיליטערישע אַוויאַציע וועט פולשטענדיק אויפגע־לעבט ווערן אויסער די גרענעצן פון דעם אַרמיי־קאָרפּוס און וועט שטיין אונטער דער קאָמאַנדע פון דער פינפטער נאָרדאַמעריקאַנער אַוויאַציע־אַרמיי. אַלע יאַפּאַנישע פליִער וועלן דורכגיין אַן אונטעררעכטס־ציַט אַף די נאָרדאַמעריקאַנער לופט־באַזעס אין אָקינאַוואַ, איטאַצוקע, נאַגאַיאַ, טשיסאַוואַ, מיסאַוואַ, דזשאָנסאָן און קיזאַראַצו. די פליִער פון העכערער קוואַליפיקאַציע, איבערהויפּט פון די זעלבסטמערדער־סקוואַדריליעס און קאַוואַלירן פון דעם אָרדן דער גאָלדענער שפּאַרבער, וועלן געשיקט ווערן קיין נאָרדאַמעריקע צו אַ ספּעציעלן אונטעררעכט אַף די שווערע באָמ־באַרדירער „בי־50", אַף די סטראַטאָפּלאַנען „בי־36" און אַף די שטראָם־באָמבאַרדירער „בי־45" און „בי־47 א".

די אונטעררעכטס־פּראָגראַם פאַר די אָפיצירן און זעלנער פונעם אַר־מיי־קאָרפּוס, וואָס איז פאַרויסגעזען אינעם פּראָיעקט פונעם „אָרגאַן קאָ־טאָ", האָט דער נאָרדאַמעריקאַנער הויפּטשטאַב באַטראַכט פאַר ניט גע־נוגנדיק. דער גאַנצער באַשטאַנד — אָפיצירן און זעלנער — דאַרף נאָך דורכמאַכן אַ ספּעציעלן אונטעררעכט אין די לאַגערן פון כאַקאַידאָ : כאַ־קאָדאַטע, טשיטאָסע, מאַקאָמאַנאַי און נאַעכאַ. די טאַנקיסטן וועלן דורכ־

גיין אַ קורס פון ספּעציעלן אונטעררכט אינעם נאָרדאַמעריקאַנישן מיליטערישן לאַגער קראַוופאָרד, אין כאַקאַידאָ.

— פאַרוואָס מאַכט מען די לאַגערן פאַר ספּעציעלן אונטעררכט נאָר אין כאַקאַידאָ? — האָב איך געפרעגט באַ איזאַי. — קעדיי צו זיכערן דעם סאָד?

— אויך דאָס האָט מען אין זינען. נאָר דעריקער קעדיי אונדזער נייע אַרמיי זאָל פון אָנהייב אָן זײַן גרייט דורכצופירן די הויפּט־אויפגאַבע צוליב וועלכער זי ווערט אויפגעלעבט. צוליב דעם וועט מען זי אונטערריכטן אין אַ שטרענגן קלימאַט. פון גאַנץ יאַפּאַן איז כאַקאַידאָ ענלעכער מיט איר קלימאַט צו מאַנדזשוריע און סיביר.

— ווען זשע וועט דער קאָרפּוס געשאַפן ווערן?

— ווען קאַוואַבעס ביוראָ וועט אינפאָרמירן דער הויפּט־ביוראָ אַז אַלץ איז פאַרטיק.

— וויאַזוי זשע וועט מען רופן דעם קאָרפּוס?

— עס איז נאָך ניט באַשלאָסן. נאָר עס מאַכט ניט אויס מען זאָל אים רופן ספּעציעלע פּאָליציי אָדער רעזערוו־פּאָליציי, אָדער אָף וועלכן עס איז אַנדערן אויפן...

— און אָן דעם נאַרישן אויבערשריפט קען מען גאָרניט אויסקומען?

— די אויבערשריפט וועט מען נייטיק האָבן ביז עס וועט אונטערגעשריבן ווערן דער פרידנס־אָפּמאַך. דערנאָך, איז אָדער מירן אונטערשרײַבן אַ פּאַקט וועגן קעגנזײַטיקער הילף מיט נאָרדאַמעריקע אָדער מירן זיך אָנשליסן צום פּאַציפיק־פּאַקט, אויב ער וועט ביז דעמאָלט אויפקומען. דעמאָלט וועלן מיר פון זיך אַראָפּנעמען אַלע אויבערשריפטן, אַנגעהויבן פונעם פּאָליציי־קאָרפּוס און פון דער יאַם־פּאָליציי, און אַלע ביוראָס וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין די געהעריקע סעקציעס פונעם קריגסמיניסטעריום, פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב און אַנדערע אינסטיטוציעס.

— די קאָמישסטע אויפשריפט, דאַכט מיר, איז די אויפשריפט „געזעלשאַפט פאַר געשיכטלעכן שטודיום". אַזאַ אײַנפאַל!...

— נאָך דעם פרידנס־אָפּמאַך וועט זי הייסן ערשטע סעקציע פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, און עפּשער דריטע סעקציע, ווײַל אינעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב טראָגט די סעקציע פון סטראַטעגישע אָפּעראַציעס דעם נומער דרײַ.

איזאַי האָט מיך פאַרבעטן גיין מיט אים זיך זען מיט קים סעק־וואָן, וואָס וווינט באַ אַ רײַכן קאָרעער סויכער אינעם אָטיאַנאָמיצו־פערטל. דער גענעראַל איז אין דער היים נישט געווען. ווען מיר זײַנען אַרויס אָף דער גאַס, האָט איזאַי זיך אַרומגעקוקט אָף אַלע זײַטן.

— ווילסט זען די יאַם־שפּין? דו ווייסט שוין מיסטאָמע אַז ער האָט נישט געוואָלט אַרײַנגיין אין אונדזער ביוראָ און גיט זיך אָפּ...

ווייסט מיט וואָס? אַ טרעפער געוואָרן. דאָס איז היינט אַ גוט גע־שעפט. מען זעט אים אָפט אין דער געגנט.

לעבן דער סטאַנציע פון דער עלעקטרישער רינג־באַן איז געשטאַנען אַ רעדל מענטשן אַרום אַ טישל. ווען מיר זיינען צוגעקומען, האָבן מיר די יאָם־שפּין באַם טישל ניט געטראָפן, נאָר אַן אַלטיטשקן מיט אַ ווייסן קאָפּ און ברילן, ענלעך אַף אַ פּראָפעסאָר.

באַם טישל איז איינגעשטאָכן געווען אַ שטאַנג מיט אַ רויטער פאָן און מיט אַזאַ מין אַפּיש: „פּאַר שאַלעם און אומאָפּהענגיקייט!" „קעגן פאַרוואַנדלען יאַפּאַן אין אַן אויסלענדישער מיליטערישער באַזע!". לעבן דעם אַלטן זיינען געשטאַנען עטלעכע יונגע יאַטן אין יאַקעס פון מיליטע־רישן שניט און מיליטערישע היטלען, און מיידלעך אין ברייטע אַרבעט־הויזן. איינע פון די מיידלעך האָט געטראָגן אַן אָפּצייכן אַף דער ברוסט און האָט צוגעהאַלטן אַן אַפּיש מיט אַ רויטער לאַקירטער אויפשריפט: „היראָשימאַ טאָר זיך מער ניט איבערכאַזערן!".

אַפן טישל זיינען געלעגן לאַנגע פּאַסן פּאַפּיר, באַשריבענע מיט זיילן אונטערשריפטן, און געשטאַנען איז אַ גרויסער טינטער. דער אַלטיטש־קער האָט אויסגעשריגן:

— דער כויוו פו יעדן פּאַטריאָט איז צו פּאָדערן דער פרידן זאָל אונטערגעשריבן ווערן מיט אַלע צדאָדים און קעמפן קעגן דער אויפלע־בונג פון דער פאַשיסטישער מיליטערישער מאַשין.

צוגעקומען איז אַ פרוי מיט אַ קינד אַפן רוקן, האָט גענומען אַ פּענ־דזעלע און אָוועקגעשטעלט איר כסימע, שטאַרק אָנגעבויגן איבערן פּאַ־פּיר. דער אַלטער האָט זי באַגריסט. איאי האָט מיך אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל און מיר זיינען עטוואָס אָפּגעטראָטן פון דאָרט. צוגעקומען איז צום טישל אַ ריקשאַ, האָט אַראָפּגעלאָזט די שטאַנגען אַף דער ערד, האָט זיך אָפּגעווישט די הענט אין די הויזן און האָט גענומען דעם פּענדזל באַם אַלטן פון די הענט. נאָך דעם ריקשאַ האָט געכאַסמעט אַ סטודענט, וואָס אַפן היטל באַ אים זיינען אויסגענייט געווען צוויי פעדערן איבער־געקרייצטע: דער הערב פונעם קעיאָ־אוניווערזיטעט. דער אוילעם, מערסטנס יונגע מענטשן, איז אָן אויפהער צוגעקומען צום טישל.

מיר האָבן זיך שטיל איבערגעקוקט און געגאַנגען ווייטער. אַפילע דער שטענדיק רויקער און דערוועגטער איאי איז איצט געווען נערוועזש. אַ באַק האָט באַ אים געצוקט, ווי ער וואָלט צו עמעצן מיט אַן אויג צוגע־ווונקען. ווען ער האָט זיך סאָפּקאָלסאָף עטוואָס באַרויקט, האָט ער אַ צי־שע געטאָן:

— צו די אַלע וועט מען אַ סאָף מאַכן אינעם געהעריקן מאָמענט. אַנדערש איז אוממעגלעך אָנצוהייבן. דער קלאָפּ קעגן די רויטע אינע־וויניק אין לאַנד וועט זיין דער סיגנאַל פאַרן אָנהייב פון די געשעענישן.

.3

די געזעלשאַפט פאַר געשיכטלעכן שטודיום, אָנגעפירט פון דעם קאָ־לאָנעל כאַיאַשי, האָט זיך מיט אַן עמעסן אָפּגעגעבן מיט געשיכטע־פאָר־שונג. באַטייליקט האָבן זיך אין די אַרבעטן פון דער געזעלשאַפט די גע־נעראַל־לייטענאַנטן דאַי, קאַמיאַמאַ, וואַטאַנאַבע, איוואַקוראַ, סאַקוראַי, דער וויצע־אַדמיראַל מאַעדאַ און דער גענעראַל־מאַיאָר יאַמאַאָקאַ.

מאַק־אַרטורס הויפּטשטאַב האָט געהאַט פאַרגעבן דער געזעלשאַפט זי זאָל דורכשטודירן און דערגאַנצן אַ פּלאַן אָנגעצייכנט פון דעם דאָרעם־קאָרעער צענטראַלן הויפּטשטאַב אונטער דער אָנפירונג פונעם בריגאַדע־גענעראַל ראָבערטס, נאָרדאַמעריקאַנער מיליטערישער הויפּט־ראַטגעבער.

איידער מיר האָבן זיך גענומען אַרבעטן אַף דעם פּלאַן, האָבן די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט איבערגעקוקט אַלע דאָקומענטן וואָס האָבן אַ שײַכות צו די פריִערדיקע יאַפּאַנישע אָפּעראַציעס אין קאָרעע. די דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרכיוון פון אונדזער צענטראַלן הויפּטשטאַב, האָט מען נאָך דער מילכאָמע איבערגעגעבן דעם געשיכטע־דעפּאַרטאַמענט פון דער דריטער סעקציע באַם נאָרדאַמעריקאַ־נער הויפּטשטאַב. מען האָט גענוי שטודירט דעם איבערפאַל־פּלאַן אַף קאָרעע, וואָס נאָך גענעראַל טאַקאַמאַרי האָט צוזאַמענגעשטעלט אין 1872 און דעם מילכאָמע־פּלאַן קעגן כינע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין 1894 אונטער דער אָנפירונג פון פירשט אַריסוגאַוואַ, דעמאָלט שעף פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב.ביידע פּלענער האָבן פאָרגעזען די אַרויס־זעצונג אין פוסאַן און אין אינטשאָן און דעם שנעלן אַוואַנס צו יאַלו איבער פּיאָנגיאַנג.

נו, באַלאַנגען סײַ פוסאַן און סײַ אינטשאָן צו די דאָרעם־קאָרעאַנער און מען דאַרף זיי ניט נעמען מיט גוואַלד. אונדזערע היסטאָריקער האָבן זיך בלויז געדאַרפט אָפּגעבן מיט שטודירן די צווייטע העלפט פון די פּלענער: דער פאָרויסמאַרש מיט דעם וועג סעול ־ פּיאָנגיאַנג ־ יאַלו. לויט די פּלענער דאַרף מען די הויפּט־קלעפּ דערלאַנגען פון דער יאַבאָשע.

די נאָרדאַמעריקאַנישע אָפיצירן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון די דאָזיקע היסטאָריקער, האָבן פאָרגעלייגט שטיצן די דיס־קוסיעס אַף די נאָרדאַמעריקאַנער דאָקומענטן בענעגייע אַן אָפּעראַציע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1876 פון אַן אַרויסזעצונגס־אָפּטייל פון דער שיף „דזשענעראַל שערמאַן” אַף צו פאַרכאַפּן פּיאָנגיאַנג דורך דעם יאַם. די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מאַפּאָלע פון די נאָרדאמעריקאנער, נאָר זיי האַלטן, אַז די אידעע, אַלנפאַלס, וועגן אַזאַ אָפּעראַציע, איז געבליבן גילטיק: אַן אומגעריכטע אַרויסזעצונג אין דער לעפצונג פון טאַעדעגאַן אָדער אַראַפּלאָזן פּאַראַשוטיסטן אין דער זאָנע פּיאָנגיאַנג נאָך אַ מאַסן־באָמבאַרדירונג וואָלט געשאַפן אַ פּאַניק

צווישן די צאָפּן־קאָרעער און וואָלט געבראַכן זייער כיישעק צום ווידער־שטאַנד. עס וואָלט מעגלעך געווען רעדוצירן ביזן מינימום דעם דויער פון דער קאַמפּאַניע.

אונדזערע גענעראַלן האָבן אָפּגעוויזן: די אידעע אַרויסצוזעצן מי־ליטער דעם דורך יאַם אָדער דורך דער לופט איז אַן אויסגעצייכנטע, נאָר אָנהייבן מיט דער אָפּעראַציע קען מען ניט, ווארעם, אין אַזאַ פאַל, וואָלט דער קאָמיסיע פון „און" אין קאָרעע שווער געווען אַרויסצוקומען מיט אַ פאַרטיידיקונג פון דאָרעם־קאָרעע. מען וואָלט נאַטירלעך געקענט מאַכן אַזוי, אַז אַ נאָרדאַמעריקאַנער טאָרפּעדאָ־שיף אָדער אַוויאָן זאָל באַ־שאָסן ווערן לעבן די ברעגעס פון צאָפּן־קאָרעע און באַלד דורכפירן די אַרויסזעצונג אַלס רעפּרעסאַליע. נאָר דער וואַריאַנט האָט אַ גרינטלעכן פעלער: מען זעט צו אָפן דאָס שפּיצל. דער בעסטער וואַריאַנט איז דער פאַשעטסטער. מען דאַרף פּראָוואָצירן אַ שיסעריי אויף דער גרענעץ, און נאָך דעם ערשטן ענטפער־שאָס פון די צאָפּן־קאָרעער, זיי דערקלערן פאַר אָנגרייפער.

די געזעלשאַפט פאַר געשיכטלעכן שטודיום האָט צוגעפּיקסט דעם ראָבערטס־פּלאַן מיט אָט דער אידעע אַלס באַזע: צעקלאַפּן דעם סוינע מיט פראָנט־קלעפּ, דערגאַנצטע מיט אַרויסזעצונגס־אָפּעראַציעס אין זייַן הינטערלאַנד. אַן אויסגעבעסערטער און אַ פאַרגרעסערטער, איז דער פּלאַן אָט ווי אַרויסגעקומען:

קאָנצענטרירן אויף דער ליניע פונעם פּאַראַלעל 38 צען דיוויזיעס פון דער דאָרעם־קאָרעער אַרמיי און שאַפן צוויי פראָנטן. דער ערשטער — דער מיזרעווודיקער — זאָל דערלאַנגען אַ קלאַפּ פון דער קאַעסאַנג־זאָנע און אין אַ דירעקטער ליניע אַוואַנסירן צו פּיאָנגיאַנג. ווען דאָס מיליטער וועט צוקומען צו סאַריוואָן, זאָל דורכגעפירט ווערן אַ קאָמבי־נירטע אַרויסזעצונגס־אָפּעראַציע פונעם יאַם און פון דער לופט, אין צאָפן פון פּיאָנגיאַנג, קעדיי אַרומצורינגלען דאָס גאַנצע צאָפּן־קאָרעער מילי־טער אינעם פּיאָנגיאַנג־טאָל און דאָרט דאָס פאַרניכטן.

אין דער צייַט זאָל דערווייַל דער צווייטער פראָנט — דער מיזרעכ־דיקער — אַוואַנסירן אין צוויי ריכטונגען. דער רעכטער פליגל זאָל זיך פאַרנעמען צו דער יאַנגדאַק־זאָנע קעדיי איבערצושנייַדן דעם שאָסיי צווישן פּיאָנגיאַנג און וואָנסאָן, און דער לינקער פליגל זאָל אַוואַנסירן מיט אימ־פּעט צו וואָנסאָן, דערנאָך זאָל אין צאָפן פון וואָנסאָן געמאַכט ווערן אַן אַרויסזעצונג פון יאַם־קויכעס, קעדיי אַרייַנצונעמען די צאָפּן־קאָרעער אין קלעם אָפן מיזרעכדיקן ברעג און זיי פולשטענדיק פאַרניכטן. דער לינקער פליגל זאָל אין דער זעלבער צייַט מאַרשירן אין דירעקטער ליניע ביז דער גרענעץ פון מאַנדזשוריע אין דער כעסאַנדין־זאָנע. דערמיט זאָל פאַר־ענדיקט ווערן די מילכאָמע אין קאָרעע.

ווי נאָר עס וועלן זיך אָנהייבן די אָפּעראַציעס אויף דעם 38טן פּאַראַ־

לעל, זאָל נאָרדאַמעריקע אַרײַנשיקן קיין קאָרעע די טיילן פון דער אַכטער אַרמיי, וואָס איז אָפּגעלענקט אין יאפּאַן, שטיצנדיק זיך אָף דער אינ־פאָרמאַציע פון דער „און״־קאָמיסיע, אַז די אַטאַקע איז געקומען פון צאָפן און אָף דער באַקאָשע פון דער דאָרעם־קאָרעער רעגירונג איר צו העלפן. מיט דעם אויסרייד פון נאָכיאָגן די רעשטן פון דער צאָפן־קאָ־רעיִשער אַרמיי, וועלן דעמאָלט די נאָרדאַמעריקאַנער און טאַיהאַנער מי־ליטערישע קויכעס, צוקומענדיק צו דער ליניע פון די טײַכן יאַלו און טומענג־קיאַנג, אַריבער די קאָרעע־מאַנטשו־גרענעץ. דאָ וועט פאָרענדיקט ווערן דער עטאַפּ „אָ״ פון דער אָפּעראַציע און עס וועט זיך אָנהייבן דער עטאַפּ „בע״. דעמאָלט וועלן אונטערקומען אין דער אַקציע די יאפּאַנישע טיילן און דאָס קוואַמינטאַנג־מיליטער.

דער פּלאַן פונעם עטאַפּ „אָ״ איז דורכגעגאַנגען די געהעריקע אינס־טאַנצן און איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם דאָרעם־קאָרעער צענטראַלן הויפּטשטאַב.

נאָכדעם ווי די געזעלשאַפט פאַר געשיכטלעכן שטודיום האָט פאַר־ענדיקט איר אַרבעט איבערן ראַבערטס־פּלאַן, איז זי אַריבער אַרבעטן אָף די אָפּעראַציע־פּלענער פונעם עטאַפּ „בע״.

דער גענעראַל־מאַיאָר יאַמאַאָקאַ, דער קאָלאָנעל קאַאָטאַני און די קאָלאָנעל־לייטענאַנטן יאַמאַצאַקי און כאַראַדאַ זײַנען געשטעלט געוואָרן צום דינסט פון ראָבערטסן.

די אַרבעט פון דער געזעלשאַפט פאַר געשיכטלעכן שטודיום איבער דעם ראָבערטס־פּלאַן האָט מען געהאַלטן שטרענג געהיים. אין אונדזערע ביוראָס האָבן געוווּסט פון איר בלויז די וואָס האָבן געטאָן די פּאַרטרוי־לעכסטע אַרבעטן. עס האָט מיך דעריבער ביז גאָר איבערראַשט ווען איך האָב געהערט ריידן מײַן דאָלמעטשער פּאַק טשאַ־דיאָנג וועגן דעם ראָ־בערטס־פּלאַן, אַן אויסגעפּאַריכטן פון די יאפּאַנישע גענעראַלן. ס׳איז קלאָר געוועזן אַז ער באַרימט זיך מיט זײַן אינפאָרמאַציע. מײַן האַשאָרע אַז ער האָט זיך דערוווּסט פון אים דורך דעם דאָקטער, איז געוועזן אַ טאָעס־דיקע. פּאַק האָט זיך דאָס אַלץ דערוווּסט פון אַ מיטאַרבעטער אין דער צײַטונג „שינסעקאַי־שימבון״, געשריבן אין קאָרעיִש און יאַפּאָנעזיש און דערשיינען אין אָסאַקאַ.

— ווען־זשע דאַרף מען אָנהייבן? — האָב איך אים געפרעגט.

אָף פּאַקס פוקסישן פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַ זייער באַטײַטפולע מינע. ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו די ליפּן און שווײַגנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. נאָר דער סאָד האָט פון אים אַרויסגעשפּאָרט. נאָך אַ קורצן איבערקלערן, האָט ער אַ מורמל געטאָן מיט דעם פינגער באָ די ליפּן:

— זייער שנעל. נאָר זאָגט דערפון גאָרניט דעם דאָקטער, וואָרעם ער וועט מיך באַלד אָפּראַמען. דוכט זיך אַזאַ רויִקער, נאָר אין דער עמעסן

איז ער אַ שרעקלעכער מענטש. מען זאָגט, אַז דעם באַשלוס האָט מען אָנגענומען אַף אַ זיצונג פונעם מיניסטאָרן־ראַט און פון דער דאָרעם־קאָרעיִשער מיליטערישער קאָמאַנדע. באַ דער זיצונג זײַנען געווען דער גענעראַל ראָבערטס און דער נאָרדאַמעריקאַנער געזאַנדטער מוטשאָ. באַשלאָסן האָט מען אָנהייבן אין יולי.

— אין יולי ?

— יאָ, אין יולי פונעם יאָר 4282, רעכענענדיק פון דעם טאָג ווען טאַנגון, דער גרינדער פון קאָרעע, איז אַראָפּ אַף דער ערד — האָט פּאַק פּײַ־רלען אַרויסגערעדט. — אין דער טאַיהאַן־מעלוכע פירט מען אַן אייגענעם קאַלענדאַר.

— מאַכט זיך ניט נאַריש און זאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל צי איז עס הײַ־יאָר.

— יאָ. לויט דעם יאַפּאַנעזישן קאַלענדאַר איז עס דאָס יאָר 2609 און לויט דעם נאָרדאַמעריקאַנישן דאָס יאָר 1949. נאָר איך בעט אײַך זאָגט גאָרניט דעם דאָקטער, וואָרעם ער וועט הייסן פּאַק גון־סע מיך אָפּראַמען פון וועג.

— ווער איז דער ?

פּאַק האָט ווידער צוגעלייגט אַ פינגער צו די ליפּן.

— ער איז דער שעף פון דער אָרגאַניזאַציע קאַנהוק טשענעדאַן. זי באַשטייט פון לי סין־מאַנס אָנהענגער אין יאפּאַן. די אָרגאַניזאַציע האָט אַ טעראָריסטן־מיליץ. מען זאָגט, אַז פּאַק גון־סע סובסידירט די יאפּאַנישע גענעראַלן אַריסוע און וואַטאַנאַבע. אַפן באַפעל פון אונדזער דאָקטער האָט פּאַק גון־סע אָפּגעראַמט עטלעכע קאָרעער און אַף אַריסועס ביטע האָבן פּאַק גון־סעס כעוורע נישט לאַנג צוריק מיט אַ לאַסט־אויטאָ איבערגעפאָרן אַ יאַפּאַנישן אָפיציר אין אַמאָרי...

— גענוג רעכילעס טרײַבן ! אײַך דאַרף מען מיט אַן עמעס אָפּראַמען פון וועג. צופיל ווייסט איר און איר קענט אײַך די צונג נישט אײַנבײַסן.

דער געשפּרעך האָט אַף מיר אַ ווייטיקלעכן אײַנדרוק געמאַכט. מיר האָבן זיך באַמיט אַלצדינג צו האַלטן בעסאָד און די קאָרעער וואַרפן זיך אַף לינקס און אַף רעכטס מיט די פּאַרטרווילעכסטע אָנגעלעגנהייטן.

לי סין־מאַן, דער פּרעזידענט פון טאַיהאַן, האָט נאָך אָנהייב יאָר דערקלערט אַף אַ פּאַרלאַמענט־זיצונג, כאָטש קיינער האָט אים פאַר דער צונג נישט געצויגן : „אונדזער פּלאַן באַשטייט אין אויפלייזן און אַנטוואָפענען די צאָפן־קאָרעיִשע פאָלקס־אַרמיי". און אָנהייב מאַרץ, האָט דער פּרעמיער רי בומסוק געהאַט דערקלערט אין סעול בעייס דער צערעמאָניע פון גרינדן אַן אַנטיקאָמוניסטישע סטודענטן־געזעלשאַפט, אַז דאָס דאָרעם־קאָרעיִשע מיליטער וועט אינגיכן אַרויפצײַען די פאָן אַפן שפּיץ פּעקטוסאַן.

ווען איך האָב האַש־האַשן אַרויסגעזאָגט מײַן איבערטראַכטן וועגן דער באַריידעוודיקייט פון די דאָרעם־קאָרעער, האָט ער זיך אָנגעצונדן.

— וויפל מאָל האָבן מיר זיי שוין געוואָרנט, זיי זאָלן האַלטן די צונג הינטער די ציין!... און דער קאָלאָנעל בירד, אונדזער ראַטגעבער פאַר אויסשפּיר־אָנגעלעגנהייטן, ציימט אויך שטענדיק די סעוּלער נאַטאַבלען. נאָר דאָס העלפט ווי גאָרניט. איך האָב מוירע, אַז די צאָפן־קאָרעער האָבן עס שוין דערשמעקט. און אָט דער טיפּעש סין סונג־מאָ, דער אומגליקלעכער קאַפּיטאַן פון אַ שמוציקער שיף, האָט שוין געזאָגט יעדן איינעם וואָס האָט אים נאָר געוואָלט אויסהערן, אַז זײַן אַרמיי פון מעלוכע־שוץ איז בעקויעך אין דרײַ טעג צו פאַרכאַפּן צאָפן־קאָרעע. די באַריידעוודיקייט, זעט עס אויס, איז דער צווייטער ראַסן־סימען פון די געלע.

— די ווײַסע אָפיצירן דערציילן אויך גענוג זאַכן פאַר די קאָרעס־פּאָנדענטן. אין אונדזערע ביוראָס זאָגט מען, אַז אַן אָפיציר פון דער „זי. עף." האָט צופעליק מיטגעטיילט אַ פראַנצויזישן קאָרעספּאָנדענט אַז אין טאָקיאָ איז פאַראַן אַ געוויסע געהיימע אויסשפּיר־אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אייטש 2"... דער נאָרדאַמעריקאַנער קאָנטר־שפּיאָנאַזש־דינסט האַלט, אַז דער „אייטש־2" באַשטייט פון כינעזישע און יאַפּאַנעזישע רויטע. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אוילאָביס אַ נײַע דערפינדונג... און אַז אָט דער לייטענאַנט־קאָלאָנעל פון דער „זי. עף."

— שטופּט ניט די נאָז ווו אײַך גייט עס ניט אָן! — האָט האַש־האַש זיך צעשריגן און אַ טופּע געטאָן מיט דעם פוס. — האָט בעסער אין זינען אײַערע זאַכן! מען דאַרף צואײַלן די אַרבעט. יאָגט ווי ווײַט איר קענט, וואָרעם מען הייבט מיך שוין אויך אָן צו יאָגן.

.4

קיינער האָט קיין רעכט ניט געהאַט אונדז פאַרוואָרפן נישט גע־אײַלטקייט. מיר האָבן זיך שטאַרק געאײַלט.

מיר האָבן אַלס באַזע גענומען די סכעמע פון די אויסשפּיר־מיט־לען, אַ צוזאַמענגעשטעלטע פונעם דריטן דעפּאַרטאַמענט בײַ דער אויס־שפּיר־סעקציע פונעם דאָרעם־קאָרעישן צענטראַלן הויפּטשטאַב און אַ באַ־שטעטיקטע פונעם קאָלאָנעל ביירד, הויפּט־ראַטגעבער פאַר איניאָנים פון אויסשפּיר און קאָנטרשפּיאָנאַזש, און האָבן באַדאַרפט אָנצייכענען אַ קאָנ־קרעטע פּראָגראַם פון אָפּעראַציעס איידער די מילכאָמע הייבט זיך אָן.

ביירדס סכעמע איז געווען אַ פּאַשעט צעטל דערפון וואָס מען דאַרף טאָן. דאָס צעטל איז געווען אויסגעשטעלט אויף די ערשטע זײַטלעך פון דעם האַנט־בוך, פון וועלכן עס האָבן געלערנט די שילער פון ערשטן

קורס אין אונדזער שול אין נאַקאַנאַ. מיר האָבן שטאַרק געלאַכט, לעמאָשל, פֿונעם פּונקט וואָס רעדט וועגן באַנוצן באַקטעריאָלאָגישע מיטלען. דאָרט זאָגט זיך, אַז מען דאַרף אָנשטעקן די קיכן פֿון די מיליטערישע טיילן, די עס־צימערן פֿון דער פּאָליצײַ־אָנפֿירונג, די באַנקעט־זאַלן פֿונעם קריגס־דעפּאַרטאַמענט, פֿון דער רעגירונג און פֿונעם צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן, די וווינונגען פֿון די רעגירונגס־אָנפֿירער, פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער מיליטערישער קאָמאַנדע, די וואַסער־רעזערוואַרן און די טײַכן. געפֿעלט האָט נאָר צוצוגעבן: און אַלע בערג, אַלע וועלדער און פֿעלדער. און אינעם פּונקט וועגן פֿיזישן אָפּראַמען געוויסע פּאַרשוינען, האָט זיך געזאָגט, אַז מען מוז ליקווידירן אַלע פּאָליטישע פֿירער פֿון צאָפֿן־קאָרעע, אַלע העכערע אָפֿיצירן פֿון דער צאָפֿן־קאָרעיִשער אַרמיי און פֿונעם אינערן־מיניסטעריום, אַלע פּערזענלעכקייטן פֿון דער פּאַרטיי, פֿון דער פּאָליטיק און פֿון דער קולטור, קורץ יעדן איינעם וואָס פֿאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט. בײַדס גאַנצע טכעמע האָט זיך געהאַלטן אין דעם גײַסט. בקיצור, געווען איז עס אַ צעטל פֿון אַלץ וואָס מען קען דערמיט כאַלעמען נאָך ניט דורכפֿירן עס אין דער וואָר.

לויט דער מיינונג פֿון האַש־האַשן איז דער גרעסטער פֿעלער פֿון דער טכעמע באַשטאַנען ניט בלויז אין איר אַבסטראַקטן כאַראַקטער, נאָר אויך דערין וואָס אין איר האָט געפֿעלט יעדע אָנווײַזונג וועגן דער נייטיקייט אָנצוזאַמלען דאַטן וועגן דער עקאָנאָמישער פּאָטענץ פֿון די צאָפֿן־קאָרעער און פֿאַר אַלעמען וועגן די מינעראַלע רעסורסן פֿון צאָפֿן־קאָרעע.

אונדזער גרופּע האָט פֿאַר אַלעמען געפֿאָדערט פֿון דעם דאָרעם־קאָרעער צאַד פּינקטלעכע ידיעות וועגן דעם קויעך פֿון זייערע אַגענטן: די פֿאָרשטייער וואָס זיי האָבן אין צאָפֿן־קאָרעע, די לאַגע פֿון די אַגענטן פֿאַר ספּעציעלע שליכעסן, וועלכע זײַנען זייערע מעגלעכקייטן און וויאַזוי האַלטן זיי אָן דעם קאָנטאַקט מיט זיי.

ראָבערט האַן האָט אונדז זייער טרעפֿלעך אויפֿגעקלערט די לאַגע. פֿון דעם אויפֿן ווי ער האָט אינפֿאָרמירט איז צו זען געווען, אַז ער איז אַ געניטער און פֿאַרשטענדיקער אַגענט. פֿאָרשטייער זײַנען געווען בלויז אין פּיאָנגיאַנג, וואָנסאַן, כאַיעזשו, כאָמכונג און סאַריוואָן. געווען זײַנען עס טראַנזיט־אַגענטן וואָס מען האָט געשיקט פֿון סעול, רעקרוטירטע דאָרטן טאַקע. קאָנטאַקט האָט מען מיט זיי אָנגעהאַלטן דורך קורץ־כוואַליעדיקע ראַדיאָ־אַרויסשיקער, דורך טויבן און אויך דורך שמוגלער וואָס אָפּערירן באַם מיזרעך־ברעג פֿון דאָרעם־און צאָפֿן־קאָרעע. דאָך, האָט מען נאָך פֿון זיי קיין איין ווערטפֿולע ידיעה נישט באַקומען. טייל האָט מען אויפֿגעדעקט.

קלאָר געווען איז, אַז קעדיי אויסצוּוויקלען אַן אַרבעט מיט דעם גע־

הערּיקן פֿאַרנעם, מוז מען שטאַרק פֿאַרגרעסערן די צאָל אונדזערע אַגענטן אויף דער אַנדער זײַט פֿון 38טן פּאַראַלעל.

איך מיט ראָבערט האָבן מיר דורכגעפירט אַ זייער גענויע אַרבעט. נאָכדעם ווי מיר האָבן דורכגעשטודירט אַ גרויסע צאָל דאָקו־מענטן פֿון די יאַפּאַנישע אַרכיוון, וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון דער צווייטער סעקציע נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב ז.ו, פּאַר אַלעמען, די כּאַרטפּעלן פֿונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט בײַ דער אַלגעמיינער קאָ־רעיִשער רעגירונג און פֿון דער קאָרעיִשער זשאַנדאַרמעריע־אָנפֿירונג, האָבן מיר צונויפֿגעשטעלט אַ רייסטער פֿון אַלע קאָרעער וואָס האָבן געאַר־בעט אין געהיים פֿאַר אונדזער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע אין קאָרעע, און מיר האָבן אַראָפּגענומען פֿאָטאָגראַפֿישע קאָפּיעס פֿון אַלע האַנט־גע־שריבענע אָריגינאַלן פֿון זייערע באַריכטן און פֿון די קוויטירונגען אויף דעם געלט וואָס זיי האָבן באַקומען. דאָס דאָרעם־קאָרעאַנער אינערן־מי־ניסטעריום האָט אונדז שוין געהאַט צוגעשיקט דעם ענטפֿער: מען האָט אויסגעפֿונען אַלע פֿריִערדיקע געהיים־אַגענטן פֿון דער יאַפּאַנישער פּאָ־ליציי און זשאַנדאַרמעריע וואָס געפֿינען זיך איצט אויף דער טעריטאָריע פֿון דאָרעם־קאָרעע. די מערסטע זייערע האָבן געאַרבעט אינעם נאָרדאַמע־ריקאַנישן קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט און אין דער טאַיהאַנער געהיים־פּאָ־ליציי. וואָס שײַך יענע, וואָס זייער וווּנאָרט איז ניט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן אין דאָרעם־קאָרעע, געפֿינען זיי זיך, זיכער, אין צאָפֿן, און האָבן, נאַטירלעך, געמוזט אויסבאַהאַלטן זייער פֿאַרגאַנגענהייט.

מען מוז וואָס גיכער פֿאַרגעבן אונדזערע פֿאָרשטייער אין צאָפֿן־קאָרעע אָדער אונדזערע טראַנזיט־אַגענטן די אויפֿגאַבע זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די פֿריִערדיקע יאַפּאַנישע אַגענטן און זיי צווינגען באַנײַען זייער אַרבעט, דראָענדיק זיי, אין פֿאַל זיי זאָגן זיך אָפּ, איבער־צושיקן ווו מען דאַרף זייערע האַנט־געשריבענע באַריכטן און קוויטירונ־גען. אַט דער מין אַגענטן דאַרף אין אַ גרויסער מאָס דערגאַנצן אונדזער נעץ אין צאָפֿן.

געפֿעלן איז אונדז אַ פֿאָרשלאַג פֿון לים כאָ. אַט דעם מענטש מיט דעם אָפּגעראַזירטן קאָפּ און פֿאַרשלאָפֿענעם פּאָנעם איז אײַנגעפֿאַלן אַ גר־טער געדאַנק. אַלס קאָנטראָלער פֿון דער קאָנטרשפּיאָנאַזש־סעקציע אין דער גענעראַל־דירעקציע פֿון דער פּאָליציי, האָט ער אויסגעפֿרעגט עט־לעכע פּלייטים פֿון צאָפֿן־קאָרעע: גרויסע פֿאַבריקאַנטן, ערד־אייגנטימער און געוועזענע באַאַמטע פֿון דער יאַפּאַנישער פּאָליציי, וואָס זײַנען אַנ־געקומען קיין דאָרעם מיט זייערע פֿאַמיליעס. לויט לים כאָ, קען מען פֿון צווישן די דאָזיקע פּלייטים אויסקלײַבן די פּאַסיקסטע און דערנאָך זיי רעקרוטירן און צוריקשיקן קיין צאָפֿן, און זייערע פֿרויען און קינדער זאָלן פֿאַרבלײַבן אַלס מאַשקאָנעס.

קאָלאָנעל כּידאָקאָ האָט פֿאָרגעשלאָגן דורכפֿירן אַ צענז פֿון אַלע

דאָרעם־קאָרעער, וואָס האָבן קרויווים אין צאָפן. מען קען שיקן טראַנזיט־אַגענטן מיט רעקאָמענדאַציע־צעטלען פאַר די דאָזיקע קרויווים און זיי רעקרוטירן מיט שאַנטאַזש.

פריערדיקע יאָרן, פלעגט אונדזער צענטראַלער הויפּטשטאַב און די אָרגאַנען פון ספּעציעלן דינסט אָפן קאָנטינענט אַרבעטן מיט היבשן דערפאָלג צווישן די מאַכמעדאַנער, לאַמאַיער און קריסטן. מיר האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די גלויביקע. דורך דער „רעלידזשיענס דיוויזשאָן" — אַ דעפּאַרטאַמענט פאַר רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן אינעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב — האָט אונדזער גרופּע באַקומען די אַרכיוון פון די נאָרדאַמעריקאַנישע מיסיעס, וואָס זײַנען טעטיק געווען אין קאָרעע פאַר דעם פּאַציפיק־קריג. אין די טעקעס פון דער באַפּטיסטישער געמיינדע, פון דער לוטעראַנישער, מעטאָדיסטישער, פּרעסביטעריאַנישער און קאַטוילישער, האָבן מיר געפונען די פולע רעשימעס קאָרעיִשע מיטגלידער מיט אַ פערזענלעכער כאַראַקטעריסטיק פון די פרומסטע צווישן זיי.

די מערהײַט נאָרדאַמעריקאַנער מיסיאָנערן, וואָס מיר האָבן אויסגעפרעגט, האָט מאַסקים געווען אָנצושרײַבן בריוו צו זייערע אַמאָליקע גײַסטיקע זין פון צאָפן־קאָרעע און זיי בעטן אויספילן זייער קריסטלעכן חוב: העלפן מיט אַלע מיטלען די איבערברענגער פון די בריוו.

מיר האָבן אויך צוזאַמענגעשטעלט אַ צעטל פון די באַקאַנטסטע פּרעדיקער פון דער סעקטע „דער וועג צום הימל", וואָס האָבן זיך געפונען אין צאָפן. אויב עס זאָל זיך מאַכן די געלעגנהייט, קען מען אויסנוצן די מיטגלידער פון דער סעקטע.

אונדזער דאָקטער איז געווען אומויסשעפּלעך אין דער הינזיכט פון האַמצאָעס. געגעבן האָט ער אונדז אַ סאַך איבערראַשנדיקע אײַנפאַלן פאַר רעקרוטירונגס־קאָמבינאַציעס. איינער פון זײַנע אײַנפאַלן האָט האַשהאַשן באַגײַסטערט.

דער דאָקטער האָט פאָרגעשלאָגן באַנוצן פאַמיליען־נעקאָמע פאַר באַגיין טעראָריסטישע אַקטן. אויפגעקלערט האָט ער אונדז, אַז צווישן אַ סאַך פאַמיליעס אין קאָרעע איז נאָך אײַנגעהיט אַ געיאָרשנטע סינע פון דורעס. אַזאַ סינע, וואָס גייט איבער פון דאָר צו דאָר, איז פאַראַן, לעמאָשל, צווישן די פאַרשיידענע אָפּצווײַגונגען פון די פאַמיליעס צאָ, כעדיו און טשאַנדיו.

ראָבערט האַן האָט באַשלאָסן צונויפשטעלן אַ רעשימע פון אַלע דאָרעם־קאָרעיִשע פאַמיליעס, וואָס זייערע מיטגלידער דאַרפן דורכפירן, לויט דער צאַוואָע פון זייערע אורעלטערן, נעקאָמע־אַקטן קעגן פאַמיליעס, וואָס וווינען איצט אַף דער אַנדער זײַט פאַראַלעל 38. און אויב עס שטעלט זיך אַרויס, אַז דער פאַרשוין־אָביעקט פון דער נעקאָמע פאַרנעמט אַן אָנגעזעענע אָרט אין דער אַרבעטס־פאַרטיי אָדער אין דער צאָפן־קאָרעיִשער אַרמיי, קען מען אים אָפּראַמען מיט דער הילף פון זײַן קעגנערישער מישפּאָכע.

אַט־די פאַמיליען־סינע מוז מען צעגליִען מיט אַלע מיטלען, פון פאַ־ליטישער און אידעאָלאָגישער אַקציע ביז מאַטעריעלער סטימולירונג.

די קאָמבינאַציע איז האַש־האַשן אַזוי געפעלן, אַז ווען עס איז גע־קומען איר אַ קאָנווענציאָנעלן נאָמען צו געבן, האָט ער באַפוילן איר אַ נאָמען צו געבן „נאַנסי". אויפגעקלערט האָט ער אונדז, אַז ער טוט נאָך דעם בײַשפּיל פון דעם קאָלאָנעל טיבעטס, וואָס האָט זײַן אַוויאָן, פון וועלכן ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די אַטאָמישע באָמבע איבער הירא־שימאַ, אָנגערופן „ענאַראַ", אָפּן נאָמען פון זײַן מוטער.

באַם צוזאַמענשטעלן די פּראָגראַם פון קאָנקרעטער אַקציע, האָבן מיר באַוונדער אַכט געלייגט אַף די, וואָס דאַרפן, ערעוו אונדזער אַטאַ־קע, דעזאָרגאַניזירן דעם סוינעס הינטערלאַנד, דאָס הייסט, די ספּעציעלע אַצקיעס: פיזישע אָפּראַמונג פון לעבעדיקע אָביעקטן, אויפרײַסן, סריי־פעס און באַקטעריאָלאָגישע מיטלען. די טייל פון דער פּראָגראַם האָבן מיר אויסגעאַרבעט זייער גענוי.

צו אונדזער דיספּאָזיציע האָט מען געשטעלט די אַרכיוו־דאָקומענטן פון דעם אַכטן סעקטאָר — סאַבאָטאַזש־סעקטאָר — פון אונדזער צענט־ראַלן הויפּטשטאַב און פון אונדזערע ספּעציעלע אָרגאַנען אין מאַנדזשו־ריע און אין כינע, פון דאַיכאַראָס און סאַקאַיס ביז דעם „ווײַנשל" און דער „פלוים", וואָס האָבן דורכגעפירט ספּעציעלע אַקציעס אין ברייטן מאַסשטאַב פון גרויסן פּאָליטישן און סטראַטעגישן עפעקט.

די באַקטעריאָלאָגישע מיטלען האָבן מיר אויסגעפּלאַנעוועט לויט די קאָמוניקאַטן צום נאָרדאַמעריקאַנישן צענטראַלן הויפּטשטאַב פון דעם גע־נעראַל־לייטענאַנט פאַר סאַניטעט־דינסט אישיאי און פון דעם גענעראַל־מאַיאָר פאַר וועטערינאַרן־דינסט וואַקאַמאַצוצאַ. אישיאי — איצט אייגנ־טימער פונעם האָטעל „וואַקאַמאַצוצאַ" — האָט פאָרגעשלאָגן צו נוצן קליינע לופט־באַלאָנען, צו וועלכע מען זאָל צוטשעפּען אַפּאַראַטן אין מיניאַטור, וואָס זאָלן אויטאָמאַטיש אַראָפּוואַרפן די באַצילן־בלעכלעך.

דערנאָך האָבן מיר זיך גענומען אויסאַרבעטן די שווערסטע טייל פּראָגראַם: וויאַזוי אײַנצושטעלן רעגולערן קאָנטאַקט מיט אונדזערע פאַר־שטייער אַף צו האָבן, איידער מיר הייבן אָן די אַטאַקע, די מעגלעכסט־מערסטע צאָל דאַטן וועגן דער צאָפן־קאָרעישער אַרמיי און וועגן די צאָפן־קאָרעישע עקאָנאָמישע רעסורסן.

האַש־האַש האָט אונדז באַפוילן אויסצופּלאַנירן פאַר אונדזערע אויס־שפּיר־אַגענטן די מיטלען וואָס זאָלן זיי מעגלעך מאַכן אָנצוזאַמלען ווי מעגלעך מער געהיימע ידיעות וועגן מינעראַלן־אויסאַרבעטונג אין צאָפן־קאָרעע און, פאַר אַלעמען, וועגן די אַלומיניום און וואָלפראַם־מינעס, וואָס מען האָט דאָרט אויסגעפונען.

באַלד האָבן מיר אײַנגעזען, אַז מיר ברעכן זיך אומזיסט דעם קאָפּ איבער אַ סאַך פראַגן. אַ גרויסע טייל פון אונדזער אַרבעט האָט זיך

אַרויסגעוויזן פאַר אומנוצלעך. דער קאָלאָנעלביירד איז געקומען קיין סעול און געזאָגט:

— עס בלײַבט אַזוי ווייניק צײַט ביזן אָנהייב פון די געשעענישן, אַז מען וועט מוזן ביזן מאַקסימום פאַרײנפאַכן אונדזערע אויפגאַבן. שוין פאַראַן אַלגעמיינע יעדיעס וועגן דער אײַנלאַגערונג פון דעם צאָפּן־קאָרעישן מיליטער. מיט די יעדיעס איז גענוג. אונדזער אָפּענסיווע וועט זײַן אַן אומגעריכטע און אַ שנעלע. מען וועט צעקלאַפּן דעם סוינע אין די ערשטע שלאַכטן. נישטאָ דעריבער קיין נויט צו פירן ספּעציעלע אַקציעס קעגן אינדוסטריעלע אָביעקטן און פאַרקער־מיטלען: אַזוי אַרום וועלן מיר באַקומען אַלצדינג אומבאַרירט.

אָנהייב יולי זײַנען אַלע צוגרייטונגען געווען פאַרענדיקט. די ערשטע אַרמיי, אָנגעפירט פון דעם גענעראַל קים סעק־וואָן און די צווייטע אַרמיי, אָנגעפירט פון צאַי בען־דעק, האָבן פאַרנומען זייערע אַרויסטריט־פּאָזיציעס. דער גענעראַל ראָבערטס האָט באַפוילן אַלע נאָרדאַמעריקאַנער ראַטגעבער זיך אײַנצוגלידערן אין די טיילן צו וועלכע זיי זײַנען באַשטימט געווען. ראָבערטס גופא האָט זיך אײַנגעאָרדנט מיט זײַן הויפּטשטאַב אין סוואָן, פינף און צוואנציק קילאָמעטער אין דאָרעם פון סעול. אַהין האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן מיט זײַן ביוראָ דער קאָלאָנעל ביירד.

אַ צאָלרײַכע גרופּע אונדזערע אָפיצירן, צווישן זיי איך און מיקאַמי, איז אַרויסגעפאָרן קיין קאָרעע.

די אָפּענסיווע איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 25טן יולי. געדאַרפט האָט זי זיך אָנהייבן מיט אַ שיסערײַ אויף דער גרענעץ.

## 5.

יענעם טאָג האָבן מיר, איך און פּאַק טשאַ־דיאַנג, געגומען אַרומ־זוכן, פון גאַנץ פרי אָן, ראָבערטס האַנען. נישט געטראָפן האָבן מיר אים בײַ אים אין דער וווינונג — געוווינט האָט ער אינעם האָטעל „יאָשי־מאָ“ — און מיר האָבן גענומען טעלעפאָנירן צו דער טאָאַצושאָ־ביוראָ אין צוקיזשי, צום קאַפע־הויז „אָקאַכאַשי“ אין שיבויאַ, צום באַר „מי־צויאַמאַ“, צום רעסטאָראַן „מאַנטשינראָ“, קורץ, אין אַלע ערטער ווו עס פלעגן זיך טרעפן די אָרטיקע קאָרעער, אָנהענגער פון דער טאַיהאַן־רעגירונג. דער דאָקטער איז אין ערגעץ נישט געווען.

פּאַק טשאַ־דיאַנג האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז דער דאָקטער האָט אַוודאי באַקומען גוטע נײַס פון קאָרעע און מוז שוין איצט וועבן געהיימע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. לויט פּאַק טשאַ־דיאַנגן, איז אונ־דזער דאָקטער ביז נישט לאַנג געווען אַן אָנהענגער פון דער גרופּע וואָס שטיצט דעם פּרעמיער־מיניסטער לי בום־סוק, דער קעגנער פונעם פּרע־

זידענט לי סין־מאַן, נאָר דערנאָך איז ער צוגעשטאַנען צו דער גרופּע אָנהענגער פון אַרויפזעצן אַפן טראָן דעם פּירשט לי אין, גענעראַל־לייטע־נאַנט פון דער יאַפּאַנישער אַרמיי.

פאַרנאַכט האָט מיר אָנגעקלונגען האַש־האַש סעקרעטאַרקע און מיר איבערגעגעבן אַ באַפעל איך זאָל טייקעף קומען קיין טאַקאַנאַוואַ. דאָס געסל איז געווען אינגאַנצן פינצטער: די לאַמטערנס האָבן נישט גע־ברענט. עס איז אויך קיין ליכט נישט געווען אינעם בונגעלאָו און עס האָט נישט פונקציאָנירט דאָס גלעקל. איך האָב אָנגעקלאַפּט מיט די פינגער־קנעכלעך. האַש־האַש האָט די טיר געעפנט, האָט מיך באַקוקט און איבערגעראַשט אַ פרעג געטאָן:

— נאָכוואָס זײַט איר געקומען? איך האָב אײַך גערופן אַף מאָרגן.

ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געקומען אַף דעם באַפעל וואָס זײַן סעקרעטאַרקע האָט מיר איבערגעגעבן, האָט ער גענומען שיטן: די גאַנדז האָט שוין ווידער אָנגעפּלאָנטערט. נאָר די ראַנדקעס אירע פאַרמישט זי ניט. און מיט דער עלעקטריע איז אויך אַ כאַרפּע. דער פּראָפּאַריין פון די טאָקיער עלעקטריציסטן האָט שוין ווידער פאַרשטרײַקט. די עלעקטריע האָט מען איבערגעשניטן אַף פיר און צוואַנציק שאָ. מע מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סאָף מאַכן מיט די רויטע.

האַש־האַש האָט באַ זיך קיין שוועבעלעך ניט געהאַט און דער צינ־דער האָט זיך באַ אים פאַרהאַקט. טאַפּנדיק זײַנען מיר אַרײַנגעקומען אינעם פינצטערן צימער.

— ווו איז ערגעץ דער דאָקטער? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. — איך זוך אים אַרום פון אײַנדערפרי אָן. ווי גייט עס דאָרטן?

— דעם דאָקטער האָט מען אַוועקגעשיקט קיין סעול. איך האָב אײַך שוין געהאַט געזאָגט, אַז מען וואָלט נישט באַדאַרפט אָנהייבן איי־דער מען האָט באַקומען אַלע יעדיעס. און אַזוי איז עס טאַקע אַרויסגע־קומען. — געהערט האָט זיך אינעם קאָל באַ האַש־האַשן אַ בייזע פרייד. — אין באַגינען האָבן מיר אַרויסגעשיקט צוויי פּאָלקן פון קאַסאַנג קיין קומטשאָן. פון אָנהייב, איז אַלץ געגאַנגען גוט. דער סוינע האָט געלאָזט אַרויפקומען אונדזער מיליטער אַף זײַן טעריטאָריע. נאָר דערנאָך האָט ער אַטאַקירט פון ביידע זײַטן, אונדזערע האָבן נישט אויסגעהאַלטן און האָבן זיך אויסגעדרייט אַף צוריק. בעייס דער שלאַכט זײַנען צוויי טאַיהאַ־נער באַטאַליאָנען אַריבער צו די צאָפּן־קאָרעער. קורץ, ס׳איז געווען אַ פּע־לער. מאַק האָט געגעבן אַ באַפעל אָפּצושטעלן די שלאַכט און האָט אַהער פאַררופן אָט־די צוויי אידיאָטן זיך מיט זיי אָפּצורעכענען.

— לויט מײַן מיינונג, פאַרשטייט נישט דער קאָלאָנעל ביירד אַן אָס נישט אין אויסשפּיר־איניאָנים, נאָר דעם אײַנדרוק מאַכט ער פון אַ געוואַגטן אָפיציר.

— ווער? ביירד? — לויטן קאָל נאָך, האָט האַש־האַש געמוזט דער־

בײַ מאַכן אַ ביטל־גרימאַסע. — ווער ווייסט עס נישט, אַז בײַרד איז אַ באַפולמעכטיקטער פון דער „אַנאַקאָנדאַ קופּער מײַנינג קאָמפּאַני" און אַז אים אינטערעסירן בלויז די קופּער־מינעס פון קאַפּסאַן און פון קאָנגע. ער איז אַזוי אַן אַפּיציר ווי איך דער רוימישער פּויפּסט.

איך האָב מיך דערמאָנט ווי האַש־האַש איז אַלץ געשטאַנען פאַר דער נייטיקייט צו באַקומען יעדיעס וועגן די אַלומיניום־ און וואָלפראַם־מינעס, נאָר איך האָב מיך אָפּגעהאַלטן פון מאַכן וועלכע עס איז באַמערקונג.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער גאַסן־טיר. האַש־האַש איז אַרויסגע־גאַנגען אויפנעמען, האָט געעפנט די טיר און האָט בײַז זיך געשעפּטשעט מיט עמעצן. דערנאָך איז ער אַרײַנגעקומען און האָט מיר אַ מורמל גע־טאָן:

— איך האָב נישט דעם שליסל פונעם אַנדערן צימער און איך מוז אַהער אַרײַנפירן אַ מענטשן. גייט טייקעף אַוועק און רעדט נישט צו מיר. וואַרט אויס ביז איך וועל אײַך מאָרגן אין אָוונט אָנקלינגען.

ער האָט עמעצן אַרײַנגעפירט און געבעטן זיך זעצן אין אַ ווינקל. לויטן גערויש האָב איך מיך מעשײַער געווען, אַז געווען זײַנען זיי צוויייען. אין יענעם מאָמענט איז אַרײַנגעפאָרן אַן אויטאָ אינעם הויף און דער טויער־גלאָק האָט לאַנג געקלונגען. האַש־האַש איז געלאָפן אויפנעמען און ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער מיט עמעצן גערעדט אין קאָרעיש, געמישט מיט נאָרדאַמעריקאַנישע קלאַלעס. ווידער האָט זיך געהערט דער גערויש פון דעם אויטאָ אינעם הויף. די שײַן פון די רעפלעקטאָרס האָט אַף אַ רעגע באַלויכטן דאָס צימער דורכן פענצטער. איין רעגע, נאָר מער האָט מען נישט באַדאַרפט. איך האָב צײַט געהאַט אַ בליק צו וואַרפן אַף די וואָס זײַנען געזעסן אינעם ווינקל צימער און האָב אויפגעשוי־דערט. זאָל עס זײַן אַ וויזיע? ניין, ס'איז נישט קיין וויזיע. קעגנײַבער מיר זיצן זיי, לעבעדיקע, מיט אַן עמעס טכיאַס־האַמייסים אויפגעשטאַ־נענע.

אַרײַנגעקומען איז האַש־האַש און האָט זיך אָנגערופן:

— נו, טיגערס, אַלע מוזט איר אַרויסגיין פונדאַנען. אייִנציקוויַז. דער ערשטער, ווען ער וועט פונעם געסל אַרויס, זאָל זיך פאַרקירעווען רעכטס; דער צווייטער — לינקס, און דער דריטער זאָל אַרויסגיין דורכן הינטער־הויף אין אַ צווייטן געסל. גייט איר אַרויס, דער ערשטער, כּיראַ־פּאָן און אַן רוישיקע געזעגענישן.

איך האָב מיך אַפּן קאָל פונאַנדערגעלאַכט.

— מיר קענען אויסקומען אָן דער צערעמאָניע, קאָלאָנעל־לייטע־נאַנט. מיר, יאַפּאַנישע אָפיצירן פון ספּעציעלן דינסט, דערקענען מיר זיך אין דער פינצטער נאָכן רייעך נאָך. וואָס מאַכסטו, דזינטאַן! וואָס מאַכסטו, מוסאָליני!

ביידע האָבן זיי מיטאַמאָל אויסגעשריגן:

— וואָס מאַכסטו, קאַפּאַ!

— איך האָב מיר געביטן דעם נאָמען. איצט הייס איך כיראָפּאָן, באַנזײַ דעם קאָלאָנעל־לייטענאַנט האַרשבערגער, אונדזער גוטס־טוער!

— באַנזײַ! — האָבן זיי איבערגעכאַזערט.

האַש־האַש האָט אַ לאַנגן פּײַף געטאָן:

— דאָס איז פֿײַן... די שיידים האָבן זיך נאָכן רייעך דערקענט.

איך האָב אַרויסגענומען אַ פּודעלע שוועבעלעך פֿון דער קעשענע.

— דאָ האָב איך שוועבעלעך. מען דאַרף די באַגעגעניש באַנעצן, קאָלאָנעל־לייטענאַנט. אין שראַנק באַ אײַך אינעם אַנדערן צימער האָט איר „וויסקי". לאָמיר אויסטרינקען צוזאַמען, זיך פֿרייען.

— דאָ איז ניט קיין שענק — האָט האַש־האַש שטרענג אָפּגעענטפֿערט. — גייט אײַך טרינקען ערגעץ אַנדערש. איך קען הײַנט נישט טרינקען.

מיר זײַנען אַלע דרײַ אַרויסגעגאַנגען און זיך געלאָזט גיין צו מיר אַהיים. איך האָב אַרײַנגעפֿירט מײַנע גוטע־ברידער צו מיקאַמין אין צימער און איך בין אַרײַן צו מיר אין צימער, ווו איך האָב אַראָפּגענומען די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון דער עטאַזשערקע, האָב זיי אָף פּיצלעך צעריסן און האָב זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ שראַנק, אַן אײַנגעמויערטן אין דער וואַנט.

אינעם נאָענטסטן רעסטאָראַן האָט מען אונדז געבראַכט נאַכטמאָל און עטלעכע פֿלעשער סאַקאַי. מיר האָבן זיך געזעצט טרינקען. איך האָב מײַנע גוטע־ברידער נישט געפֿרעגט וויאַזוי זײַנען זייערע קאָנווערטן און שווערדן געקומען ליגן לעבן די אַנדערע טויטע. אויך דזינטאַן און מוסאַליני האָבן זיך צו דער טעמע נישט צוגערירט. נאָר אין אַ היבשער ווײַלע אַרום האָט דזינטאַן אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— איך בין זיכער געווען אַז דיר וועט אײַנפֿאַלן אַ קוק צו טאָן אָף די טויטע און וועסט באַגרײַפֿן אין וואָס עס האַנדלט זיך.

בעיין ברייערע האָב איך באַשטעטיקט די ווערסיע. געזאָגט האָב איך, אַז ווען איך האָב באַקוקט די טויטע, האָט עס מיך לעכאַטכילע געווונדערט, נאָר דערנאָך האָב איך מיך געכאַפּט און האָב באַשלאָסן נאָכטאָן דעם בײַשפּיל פֿון מײַנע גוטע פֿרײַנט.

— און קאַצומאַטאַ און מינע ווו זײַנען? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

— איינער איז אין אָקינאַוואַ און דער צווייטער אין טײַוואַן — האָט מוסאַליני געענטפֿערט.

מיר האָבן געטרונקען ביז באַגינען. פֿון האַרצן איז באַ מיר פֿאַרשוונדן די לעצטע כמאַרע. מײַנע גוטע־ברידער לעבן. קיינער פֿון אונדז איז נישט קיין פּאַכדן. דער גוירל האָט אונדז יענעם פּרימאָרגן באַפֿרײַט פֿונעם טויט און האָט אונדז אויסגעהיט אָף שפּעטערע גרויסע אויפֿטוען.

## .6

דער דאָקטער און לים כאַ האָבן זיך פאַרזאַמט אין סעול און צו־ריקגעקומען זײַנען זיי ערשט דעם צוואַנציקסטן אויגוסט, עטלעכע טעג נאָכן פערטן אַניווערסאַר פון דער קאַפּיטולאַציע. דאָס מאָל האָבן מיר מיט ווייטיק געיעגן אָנקומען דעם טרויעריקן אַניווערסאַר. אַאַיאַמאַס ביור־ראָ, וואָס איז אײַנגעאָרדנט געווען אינעם מאַרינוטשי־בילדינג, האָט יע־נעם טאָג באַקומען פון כיביאַ אַ באַפעל צו רעקרוטירן אָפיצירן־אינס־טרוקטאָרן און בילדן אַ דעסטאַקאַמענט אָפיצירן און אונטעראָפיצירן וואָלונטירן אַרויסצושיקן אַפן קאָנטינענט. עמעס, מיר זײַנען געווען באַ־צאַרט איבערן טויט פון אישיכאַראַ. געשטאָרבן איז דער ווײַטזיכטיקסטער גענעראַל פון דער אימפּעריע. און געשטאָרבן איז ער פונקט אַף דער שוועל פון די גרויסע געשעענישן, וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט אין זײַן בוך „די לעצטע מילכאָמע“.

באַלד ווי ראָבערטע האַן איז צוריקגעקומען, האָט אונדזער גרופּע זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. דער הויפּטשטאַב פונעם העכסטן שעף איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז מען קען ניט אונטערנעמען קיין אַקטיווע אָפּעראַציעס אָן אַ גוטער אויסשפּירערישער צוגרייטונג.

פון סעול האָט מען אונדז צוגעשיקט אַ נײַע סכעמע פון מאָסמיטלען. דאָס מאָל איז זי געווען זייער אַ פּראָטימדיקע. ביירד האָט אויסגענוצט אונדזער פּראָגראַם, וואָס ער האָט פריִער געהאַט אָפּגעוואָרפן, און האָט פּינקטלעך אויסגערעכנט, טרימעסטער נאָך טרימעסטער, די מאָסמיטלען אַף 1951. מען האַט פולשטענדיק אַקצעפּטירט אַלע קאָמבינאַציעס וואָס מיר האָבן פאָרגעשלאָגן אַף אַרײַנצודרינגען צווישן דעם סוינעס אַגענטן און זיי קאָנטער־אוטיליזירן, אַף אויסצובררייטערן דעם סכום אָביעקטן צום רעקרוטירן און צום אָנווענדן די ספּעציעלע אַקציעס, אָנהייבנדיק פון די באַקטעריאָלאָגישע מאָסמיטלען און די אַקטן פון פיזישן אויסראָטן די צאָפן־קאָרעיִשע פּאָליטישע און מיליטערישע פּערזענלעכקייטן. אַף יעדן טרימעסטער האָט ער אָנגעצייכנט דעם טויט פון צוויי רעגירונגס־מיט־גלידער און צוויי אָפיצירן פון דער העכערער מיליטערישער אָנפירונג. אַכט צאָפן־קאָרעיִשע שעפן האָבן באַדאַרפט פון דער וועלט אַוועקגיין צווישן 1טן יאַנוואַר און דעם 1טן יולי 1950.

מיר האָבן ביירדס סכעמע דערגאַנצט מיט אַ פּראָגראַם פון העכערן די סטאַבילע אַגענטן („ראַ) און די טראַנזיט־אַגענטן („דאַ“) און שאַפן אייניקע גרופּעס רעזערוו־רעפּרעזענטאַנטן, וואָס האָבן באַדאַרפט נעמען אַקטוּיִרן אין פאַל עס וועלן אויפגעדעקט ווערן די גרינטלעכע.

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט אונדז האַש־האַש פאַר־געבן דעטאַל דורכצואַרבעטן אַ סכעמע פון מאָסמיטלען אין שײַכעס דעם צווייטן עטאַפּ פונעם פּלאַן „אַ. בע. צע.“.

די מאָסמיטלען וואָס זײַנען אויסגערעכנט געוואָרן אין דער סכעמע, האָבן געהאַט דעם קאָנווענציאָנעלן נאָמען „ערשטע ספּעציעלע דינסט״ און האָבן פאַרגעזן דאָס שאַפן אַ נעץ אַגענטן אין אַלע גרויסע שטעט פון מאַנדזשוריע און פון דעם קרײַז פּעקין־שאַנכײַ־גואַם. די מאָסמיטלען האָבן באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן פון יאַנוואַר ביז מײַ 1950.

אַלע אַרבעטן וואָס האָבן זיך אָנגעקערט מיט ביירדס נײַער סכעמע און מיט דער סכעמע פון „ערשטן ספּעציעלן דינסט״, האָבן אונדזערע גרופּעס פאַרענדיקט אָנהייב דעצעמבער. באַלד דערויף, האָט האַש־האַש באַפוילן די קאָלאָנעלן כידאַקאַ און סוצוקי זיי זאָלן אײַנײנעם מיט לים כאָ אַריבערפאָרן קיין סעול דירעקט זיך צו באַטייליקן אין אויספירן די אָנגעוויזענע מאָסמיטלען.

כידאַקאַ האָט מיט זיך מיטגענומען אַ גרופּע אָפיצירן, וואָס האָבן אין דער אויסשפּירער־שול פון נאַקאַנאָ שטודירט די סעקטאָרן פון מאַנטשוקאָ און כינע.

די אַאָיאַמאַ־ביוראָ האָט שוין געהאַט צוגעגרייט דרײַ דעסטאַקאַמענטן אַף אַוועקצושיקן קיין קאָרעע. דעם ערשטן דעסטאַקאַמענט האָט אויסגעבילדעט דער גענעראַל־לייטענאַנט וואַטאַנאַווע וואַטאַרו; דעם צווייטן — דער קאָלאָנעל סאַוואַי, דער זעלבער וואָס איז בעיס דער צווייטער מילכאָמע געווען דער ראַטגעבער פון דעם „קעניג פון מאָנגאָליע״ דע־וואַן, און דעם דריטן — דער וויצע־אַדמיראַל קאָנדאָ עיִטירא. קאָנדאָס דעסטאַקאַמענט, צוזאַמענגעשטעלט פון טאַנקיסטן, האָט מען אַוועקגעשיקט קיין אָקינאַוואַ דורכצומאַכן אַ ספּעציעלן אונטערריכט.

האַש־האַש האָט אונדז אויסגעדריקט זײַן אָנערקענונג אינעם נאָמען פונעם גענעראַל־מאַיאָר אַלמאָנד, אָנפירער פונעם העכסטן שעפס הויפּטשטאַב. מיר און דעם דאָקטער האָט מען געגעבן אַ לאַנגן אורלויב. ראַבערט האַן איז אַרויסגעפאָרן קיין אַטאַמי, ווו ער האָט זיך געדונגען אַ האָטעלכל, און איך האָב באַשלאָסן פון נאָך נײַ־יאָר דורכצומאַכן אַ קור אין יומאָטאָ, נאָענט פונעם טײַך טשוצענזי.

אַ טאָג פאַר דעם ווי איך בין אַרויסגעפאָרן צום יאַם־קור זײַנען מיך געקומען זען דזינטאַן און מוסאָליני. זיי זײַנען אָפּגעפאָרן קיין טײַוואַן.

— אַ שאָד וואָס איר פאָרט אַהין — האָב איך זיי געזאָגט. — דאָס אינטערעסאַנטסטע וועט זיך אָנהייבן ערגעץ אַנדערש.

דזינטאַן האָט אַ קוק געטאָן אַף דער מאַפּע פון אַזיע, וואָס איז געהאָנגען אַף דער וואַנט איבער דער עטאַ׳שערקע, ווו איצט איז געשטאַנען דאָס בילד פון אישיכאַראַ.

— אַז ס׳וועט זיך אָנהייבן, וועלן אומעטום זײַן אינטערעסאַנטע זאַכן — האָט ער אַ מורמל געטאָן. — אַ קלייניקייט פאַר דעם ווי די פריִערדיקע מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך מיך געזעגנט מיט מײַן ברודער, פון באַרוף אַ מאַטראָס. ער איז אַרויסגעפאָרן צו די האַוואַי־

אינדזלען און איך קיין טיענטזין און, אין אַ כוידעש אַרום, האָבן מיר זיך ביידע געטראָפן באַ די ברעגעס פונעם יאַוואַ־אינדזל. דאָס אייגענע קען פּאַסירן אויך איצט.

מוסאָליני האָט אַ פיר געטאָן מיטן פינגער איבער דער מאַפּע, פון טשוואַן ביז פּעקין, און דערנאָך ביז דער בײַקאַל־אָזיערע, אַן אויסגע־צויגענע, ווי אַ „בומעראַנג״.

— אָט דאָ וועלן מיר זיך טרעפן.

מיר האָבן באַשלאָסן פאַרוואָס אַ געזעגענונג־סימכעלע. דער קאָפּ האָט זיך אונדז שוין געהאַט געדרייט, ווען מיר זײַנען אויפגעשטאַנען און גע־נומען גיין איבער די באַרס און מאָדע־קאַפעען, אַרום דער אַטיאַנאַמיצור־סטאַנציע.

אַף אַ ראָג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַן אַלטן טרעפער מיט לאַנגע ווײַסע וואָנצעס. געטראָגן האָט ער אַפן קאָפּ אַ פאַרצײַטיק מיצל מיט אַ טראָלד און טונקעלע ברילן. פאַר זײַן טישל איז געשטאַנען אַ זייער פײַן געקליידטע פרוי. דער אַלטער האָט באַטראַכט איר האַנט דורך אַ פאַר־גרעסער־גלאָז. די פרוי האָט זיך אויסגעדרייט און מיר האָבן דערזען אַן אַפיש אויפגעקלעפּט אַפן טישל: „נידער מיט דעם אָבערגלויבן! וויסנ־שאַפטלעכע פיזיאָגנאָמיק און כיראָמאַנטיע״.

מיר האָבן אים באַלד דערקענט און מיר האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט ווען מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. איך האָב פאַרגעשלאָגן צוגיין צום טרעפער, אים באַגריסן מיט זײַן דערפאָלג אין זײַן נײַער קאַריערע און דערנאָך אים פרעגן וואָס גרייט פאַר אונדז די צוקונפט. מיר זײַנען צו־געקומען צו דער יאַם־שפּין און אים מיליטעריש געגריסט, אַ קלאַפּ־טוענ־דיק מיט די קנאַפּלען. ער האָט אַף אונדז אַ קוק געטאָן אַריבער די ברילן און געעפנט דאָס מויל, נאָר באַלד איז ער צו זיך געקומען. נאָכדעם ווי ער האָט פאַמעלעכדיק באַטראַכט פון אונטן אַרויף, האָט ער די אויגן אַרונטערגעלאָזט און זיך געווענדעט צו אונדז טרויעריק און פײַערלעך:

— אַלע דרײַ טראָגט איר אַפן פּאָנעם אויסגעפּאַרבט די צייכנס פון „טאַי קיאָ״, די צייכנס פון אומפאַרמײַדלעכן אומגליק. אײַך דרײַען דער־וואַרטן גרויסע אָנשיקעניש און אַ מיִעסער סאָף. איך נעם באַ אײַך גאָר־ניט פאַר די טרויעריקע פּאַרויסזאָגעכצן.

ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דעם טראָלדל פון זײַן מיצל און האָט זיך אויסגעדרייט צו אַן אַלטיטשקער, וואָס איז צוגעקומען צום טישל. מיר זײַנען שטיל אָפּגעטראָטן פונעם טרעפער. מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט עטלעכע שפּאַן, האָט דזינטאָן אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג:

— ער איז פײַן געוועזן דער אַלטער, ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז מיר ווילן אים נעמען אַף כויזעק און ער האָט זיך געפּעדערט, האָט אונדז דערלאַנגט דער ערשטער.

די באַגעגעניש מיט דער יאַם־שפּין האָט אונדז שווער געמאַכט דעם געמיט. מיר זײַנען אַרײַן אין אַ באַר אַראָפּשווענקען פון אונדז דעם ניט געשמאַקן טאַם. מוסאַליני האָט פון דער קעשענע אַרויסגענומען צוויי זע־קעלעך און האָט זיי אונדז דערלאַנגט, מיר מיט דזינטאַנען:

— זאָל זיך דער אַלטער זאָגן וואָס ער וויל. די נאַריטאַ־קאָמייע וועט אונדז שיצן.

מיר האָבן גענומען יעדער איינער אונדזער זעקעלע און דאָס באַ־האַלטן אין אַ הינטערשטער קעשענע. עס האָט שוין גענומען פינצטער ווערן ווען איך האָב מיך געזעגנט מיט מײַנע פרײַנט אין קאַגוראַצאַקאַ. אַראָפּגעגאַנגען זײַנען מיר פּאַמעלעך, זיך וואַקלענדיק, צום טראַמווײַ און זײַנען פאַרשוווּנדן צווישן דעם אוילעם. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז זיי זײַנען זיך צערונען אין דער לופט ווי געשפּענסטער.

7.

בלויז אַנדערטהאַלבן וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין יומאַטאַ. פון אַאַיאַמאַס ביוראָ האָב איך באַקומען אַ דעפּעשע: איך זאָל מאָרגן צוויי און צוואַנציק אַזייגער זיך צושטעלן.

ווען איך בין צו דער אָנגעוויזענער שאָ אַרויפגעקומען אַפן זיבעטן שטאָק פון דער מאַרונאָוטשי־בילדינג, האָב איך דאָרט געטראָפן די גע־נעראַלן קאָוואַבע, קאַמאַטאַ, אַריסוע, אָנאָדערא, טאַנאַקאַ, דאָי און יאַ־מאַאַקאַ, די קאַלאָנעלן מאַיאַשי און קאָאָטאַני און דעם לייטענאַנט־קאָלאָ־נעל יאַמאַצאַקי. קאָוואַבע האָט מיך אויפמערקזאַם באַקוקט און האָט זיך צעשריגן:

— שוין זאָלט איר אײַך אַפּראַזירן.

קאָאָטאַני האָט מיך אָנגענומען פאַר אַן אָרעם און האָט מיך אַרײַנ־געפירט אין אַ דערבײַאיקן צימער. דאָרט האָט ער מיר געוויזן ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט אַן עלעקטרישער ראַזיר־מאַשינקע און האָט קאָ־נעקטירט די עלעקטריע. די מאַשינקע האָט גענומען זשומען ווי אַ קליי־נער שטויב־שלינגער. קאָאָטאַני האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אַף מײַנע באַקן און האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איצט קענען מיר אַרײַנגיין צו דער אוידיענץ.

דערוווּסט האָב איך מיך, אַז מען וועט אונדז פאָרשטעלן פאַר דעם באַלעבאָס גופא פון דער העכסטער ביוראָ און פאַרן פרעזידענט פון דער פאַראייניקטער גרופּע שעפן פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן הויפּטשטאַב, וואָס איז אָנגעקומען קיין יאַפּאַן. מאַק האָט באַוויליקט אונדז אויפצונעמען אַלס באַווײַז אַז ער איז צופרידן מיט אונדזער אַרבעט.

ווען איך בין צוריק אַרײַנגעקומען אינעם אויפנאַם־זאַל, האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן אַ שוואַכינקן זאָקן מיט געפּאַרבטע וואָנצעס און אַ ראָק

וואָס איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. געווען איז עס דער פּראָפּעסאָר איִשיִאיִ, גענעראַל־לייטענאַנט פון סאַניטעט־דינסט, דער באַרימטער באַשאַפער פון דער באָמבע „איִ״. ער האָט פאַר אַ גרופּע גענעראַלן, וואָס האָט זיך אַרום אים אַרומגעשטעלט, געגעבן דערקלערונגען וויִאַזוי מען דאַרף קולטיווירן אַרכידייעס. קאַאָטאַני האָט מיר אין דער שטיל דערציילט, אַז באַלד ווי עס האָט זיך אין כאַבאַראָווסק אָנגעהויבן דער פּראָצעס קעגן די יאַפּאַנישע מיליטערליַיט, וואָס ווערן באַשולדיקט אין האָבן באַנוצט דאָס באַקטעריאָלאָגישע געווער, האָט מאַק־אַרטור אַוועקגעשיקט איִשיִאיִן אין אַ „באָסט״. איִשיִאיִ וועט איִנגיכן אַרויספּאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, ווו ער דאַרף אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע וואָלפּערט, איִ־נעם קעמפּ דעטריק, נאָנט פון וואַשינגטאָן.

אין אַ וויַילע אַרום איז געקומען אונדז רופן דער מאַיאָר איריע, אַ נאָרדאָמעריקאַנישער יאַפּאַנעזער, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויז פון דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט. מיר זיַינען אַרויף אָפן זעקסטן שטאָק. אַריַינגעקומען אין אַ פּאָדערזאַל, ווו עס האָט אונדז אָפּגעוואַרט דער גענעראַל־מאַיאָר וויטני, מאַקס פּריוואַטער סעקרעטאַר, און דער קאָלאָנעל באַנקער, זיַין ערשטער אַדיוטאַנט. דער קאָלאָנעל האָט אונדז דערזען, איז ער טייקעף אַריַין צום העכסטן שעף אינעם קאַבינעט, און דער גענעראַל האָט דערלאַנגט די האַנט קאַוואַבען, האָט אים אַוועקגענומען אין אַ ווינקל זאַל און דאָרט גענומען ריידן מיט אים, דורך דעם דאָלמעטשער איריע, מיסטאָמע וועגן דער פּראָצעדור פונעם פאַרשטעלן.

מען האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט מאַנילאַ־ציגאַרן. ווען מיר האָבן זיי שוין געהאַט אויסגערייכערט אַן ערעך ביז דער העלפט, האָט זיך באַנקער באַוויזן אין דער טיר און מיט דער האַנט אונדז פאַרבעטן אַריַינצוגיין. הינטער קאַוואַבע גייענדיק, האָבן מיר דורכגעקרייצט דעם העכסטן שעפס ריזיקן קאַבינעט און מיר זיַינען צוגעקומען צום וויַיטערדיקן צימער, מעקס רייכער־צימער. אויך דער איז געווען ריזיק גרויס.

נאָנט פונעם קאַמין זיַינען אויף פאָטערשטולן פון קראָקאָדיל־לעדער געזעסן צוויי מענטשן. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און אונדז געגריסט פאַרנייגנדיק פאַר אונדז דעם קאָפּ. מאַק האָט געטראָגן אַ העמד מיט אַ צעשפּיליעטן קאָלנער, אויף וועלכן עס האָבן זיך געזען פינף שטערן. נישט געהאַט האָט ער צווישן די ציין די מאַיִס־פיַיפ, מיט וועלכער ער פאָטאָגראַפירט זיך געוויינלעך, נאָר אַ קורצע יאַפּאַנעזישע פּיפקע מיט אַ גאָלדן פּיסקל און אַ רערל פון שוואַרצן באַמבוק. אויף אַזאַ אויפן מיסטאָמע האָט ער געוואָלט אונטערשטריַיכן זיַין גוטוויליקייט צו אונדז. באַ זיַין זיַיט איז געשטאַנען אַ גענעראַל מיט פיר שטערן, מיט אַ ברייטן אָנגעדראָלענעם שטערן און אַרויסגעשפּאַרטע ליפּן. פון ביידע זיַיטן קאַריקאַטורמעסיקער פיזיאָנאָמיע האָבן אַרויסגעשטעקט צוויי גרויסע שטאַרק

אָפּגעשטאַנענע אויערן, וואָס האָבן דערמאָנט די אויערן פון אַ כינעזישן קרוג. געווען איז עס ברעדלי.

באַ די פענצטער זײַנען געשטאַנען הויכגעשטעלטע אָפיצירן און ציווילע מענטשן. האַש־האַש איז אַ גאַלאַ־מונדיר, מיט אַן אָרדן פונעם זילבערנעם שטערן אַף דער ברוסט, איז געשטאַנען לעבן אַ דיקלעכן ציווילן פאַרשוין און אים גערעדט עפּעס אַפן אויער. האַש־האַש האָט זיך געהאַלטן מיט גרויס דערעכערעץ. הינטער דעם דיקלעכן ציווילן פאַרשוין איז געשטאַנען אַ נידעריקער צעוואַקסענער גענעראַל מיט אַ פּירקאַנטיקן בייזן פּאָנעם און דרײַ שטערן אַפן קאָלנער, אויך אַ צעשפּיליעטן, ווי באַ מאַקן. געווען איז עס וואָלקער, דער קאָמאַנדיר פון דער אַכטער אַרמיי.

די צערעמאָניע פון פאָרשטעלן איז געווען אַ גאַנץ פּאָשעטע. לויט דער ריי האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַן פאָרויס און נאָכן קלאַפּ מיט דעם קנאַפּל הויך געזאָגט אונדזער נאָמען און ראַנג. איריע האָט איבערגעזעצט. זיי האָבן געגעבן די האַנט: מעק שוואַכלעך און ברעדלי שטאַרק. דערנאָך האָבן מיר זיך פאַרנייגט און געמאַכט אַ שפּאַן צוריק. אָנשטאָט שמייכלען, האָט מעק געזשמורעט די אויגן, שוין אַזוי אויך שמאָלע, מיט די אָנגעבלאָזענע ברעמען.

אַלץ איז געגאַנגען ווי געהעריק ווען ניט דאָס וואָס דער גענעראַל־מאַיאָר טאַנאַקאַ האָט אַרויסגעפּלאַפּלט: „טיפּאָן” אָנשטאָט צו זאָגן זײַן פאַמיליען־נאָמען, נאָר באַלד האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט. מעק האָט אַ קוים מערקלעכן שמייכל געטאָן און האָט אַ לײַכטן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט זיך פאָרשטעלן, האָט מעק אַרויסגענומען די פּיפּקע פונעם מויל און געזאָגט מיט אַ הייזעריקער אָנגעדרינזשעטער באַס־שטימע:

— איך בין אַנטציקט צו זען די פרײַנט פון נאָרדאַמעריקע. איך בין זיכער, אַז אונדזערע געמיינזאַמע באַמיִונגען וועלן געבן רעזולטאַטן, הום... וואָס שײַעך דער באַפעסטיקונג פון די דעמאָקראַטישע באַזעס אין יאַפּאַן און הום... דער אָנווענדונג פון די דעמאָקראַטיע־אידעאַלן. עס פרייט מיך זייער.

געענטפערט האָט אים קאָוואַבע. ער האָט אַרויסגענומען עטלעכע בלעטלעך פון דער קעשענע און גענומען לייענען. איריע האָט איבערגעזעצט פראַזע נאָך פראַזע. געזאָגט האָט קאָוואַבע, אַז אַלע רעכט־דענקענדיקע יאַפּאַנער, דורכגעדרונגענע מיט דעם געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט צו זײַן עקסעלענץ דעם מאַרשאַל פאַר זײַן עמעס מענטשלעכער באַנעמונג בענעגייע דער באַזיגטער יאַפּאַן און פאַר זײַן גלענצנדיקער און אומפאַרמאַטערלעכער געניגטקייט וואָס שײַעך דער דעמאָקראַטיזאַציע פונעם לאַנד און דער אונטערדריקונג פון די פרוון וואָס ווערן געמאַכט פון אויפלייזנדיקע עלעמענטן צו פאַרשפרייטן פאַרדאַרבנדיקע אידעען, האָבן דעם גרויסן קאָוועד זיך צו באַטייליקן אינעם אויספילן די וויל־

טוענדיקע קאָוואַנעס פון זײַן עקסעלענץ וואָס שטעך דער באַפעסטיקונג פון די קאַרדינאַלע פּרינציפּן פון דער דעמאָקראַטיע.

נאָך אַ פּויזע, האָט קאָוואַבע צוגעגעבן:

— יאַפּאַן פאַרגעמט דעם זעקסטן אָרט אין דער וועלט מיט איר באַפעלקערונג און בלויז דעם דרײַטיקסטן מיט דעם שעטעך פון איר טעריטאָריע. דאָס איז דער מאָטיוו וואָס די דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון יאַפּאַן וואַרעמען אינעם האַרצן די פעסטע האָפענונג, אַז דער טראַגישער ווידערשפּרוך אָף וועלכן איך האָב אָנגעוויזן, וועט פאַרריכט ווערן ווען עס וועלן אָנגעווענדט ווערן די אידעאַלן פון דער דעמאָקראַטיע אין גאַנץ אַזיע אין העסקעם מיט די אינטערעסן פון אַלגעמיינעם מין און האַרמאָנישער בליונג פון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וואָס העלפן פאַרזיכערן דעם ווויליזײַן און גונסט פאַר אַלעמען.

אין דער צײַט וואָס קאָוואַבע האָט געלייענט זײַן רעדע, האָב איך צײַט געהאַט ביגנייווע צו באַטראַכטן דעם גאַנצן צימער. זײַן הויפּט־באַפּוצעכץ זײַנען געווען עטלעכע עטאַזשערקעס מיט פאַרשיידענע מינים פּיפּקעס, פון די אינדישע, וואָס זײַנען אַרומגעוויקלט מיט שנורן און טראָלדן און כינעזישע וואַסער־ליולקעס, ביז די שווערע פאַרצעלײַענע ליולקעס, וואָס זעען אויס ווי מוזיק־אינסטרומענטן, און די לאַנגע קאָרעישע פּיפּקעס מיט פּיסקלעך פון בורשטין און עלפאַנטביין.

קאָוואַבע האָט אַ הוסט געטאָן. דערמיט האָט ער צו וויסן געגעבן, אַז ער האָט פאַרענדיקט זײַן רעדע, און האָט זיך פאַרנייגט. די אויפנאַם־צערעמאָניע איז געווען געענדיקט. באַנקער און וויטני האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער טיר און מעק מיט ברעדלין האָבן זיך אַוועקגעזעצט נישט וואַרטנדיק ביז מיר וועלן אַרויסגיין.

קאָוואַבע האָט זיך אומגעדרייט צו אונדז און האָט ווידער אַ הוסט געטאָן. דאָס האָט געהייסן: מען דאַרף דעם נאָרדאַמעריקאַנער העכסטן שעף אויסדריקן דעם מאַקסימום פאַרערונג. אַלס צווייטער שעף פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב, האָט ער עטלעכע מאָל געהאַט דעם קאָוועד צו באַריכטן פאַרן מיקאַדאָ און האָט געוווסט וויאַזוי מען דאַרף אַרויסגיין פונעם קייזערלעכן קאַבינעט, לויט די פאַרשריפטן פונעם הויפישן צערעמאָניאַל. לויט דעם צערעמאָניאַל, איז פאַרבאָטן געווען יעדן אונטערטאַן צו ווײַזן דעם מיקאַדאָ דעם רוקן. קאָוואַבע האָט באַשלאָסן אויך דאָ צו באַנוצן דעם אויפן אַרויסגיין ווי מען באַנוצט אינעם יאַפּאַנישן הויף. ער האָט זיך פאַרנייגט און אין דער פּאָזע האָט ער זיך גערוקט מיט דראָבנע טריט און מיט אַ זײַט צו דער טיר. מיר האָבן אויך אָנגענומען די זעלביקע פּאָזע און זיך גענומען רוקן הינטער קאָוואַבען ווי די ראַקעס.

בײַ דער טיר האָבן מיר זיך אויסגעגלײַכט, געמאַכט אַ לעצטן פאַרנייג און אַרויסגעגאַנגען פון זאַל.

געשפּאַנט האָבן מיר פונעם הויפּטשטאַב ביזן פלאַץ פאַרן פּאַלאַץ און פאַר דער ערשטער טיר האָבן מיר שטיל געקניט.

אַ קורצן סאַכאַקל פון דעם אויפנאַם אין כיביאַ האָט מען צע־שיקט צו אַלע ביוראָס, קאָאָפּעראַטיווס, געזעלשאַפטן און קלובן, אָן אָפּ־געדרוקטן אַף אַ מימעאָגראַף און מיט אַ שטאַמפּ „שטרענג פאַרטרויליך". אין דעם קאָמוניקאַט איז איינגעשלאָסן געווען דער טעקסט פון מעקס רעדע וועגן פאַרשטאַרקן די באַזעס פון דער דעמאָקראַטיע אין יאַפּאַן און וועגן אָנווענדן די דעמאָקראַטישע אידעאַלן.

אין צוויי טעג אַרום זיינען ברעדלי און די שעפן פון די הויפּט־שטאַבן אַרויסגעפאָרן מיט אַן אַוויאָן קיין נאָרדאַמעריקע. דערוווּסט האָט מען זיך, אַז זיי האָבן דיסקוטירט מיט מעקן פּראָבלעמען פון פאַרשטאַרקן די מיליטערישע באַזעס אין יאַפּאַן און אָנווענדן די פאַרגעזעענע סטראַ־טעגישע מאָסמיטלען.

איך האָב גערעדט מיטן דאָקטער מיקויעך דעם אויפנאַם. ווען איך האָב דערמאָנט די ציווילע מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב אַלמאַנד און דעם שעף פון דער אַכטער אַרמיי, וואָלקער, האָט ראָבערט האָן מיר געזאָגט:

— דאָס זיינען גרויסע פּערזענלעכקייטן. מען רופט זיי דער „מויעך־טרעסט" פונעם העכסטן שעף. דער קליינער און דיקלעכער איז מיסטער וווד, פּרעזידענט פונעם אַדמיניסטראַטיוון ראַט פונעם הויז סירס ראָבאַק ענד קאָמפּאַני, און דער צווייטער, אַ דאַרער מיט אַ פּליך, איז ווייַ־טעמאַר, וויצע־פּרעזידענט פונעם טשייס נעשאָנעל באַנק. וואָס שייך אונדזער האַש־האַש (דאָס ווייס איך פון אַ נאָרדאַמעריקאַנער קאָרעער וואָס אַרבעט אינעם הויפּטשטאַב), איז ער אַ מעקורעוו צו דעם מיסטער וווד, וואָס האָט דעם ראַנג פון גענעראַל־מאַיאָר...

איך האָב מיך ווידער דערמאָנט ווי צודרינגלעך האַש־האַש איז גע־ווען מיט זיין פאָדערונג אויפצונעמען יעדיִעס וועגן די באָוקסיטן, נעפּע־לינען, אַלוניטן און וואָלפראַם, און האָב פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

## 8.

דאָקטער לי סין־מאַן, פּרעזידענט פון דאָרעם־קאָרעע איז געקומען פון סעול מיט אַן אַוויאָן, באַגלייט מיט דעם שעף פונעם צענטראַלן הויפּטשטאַב צאַי בען־דעק. אָפן אַעראָדראָם אין האַנעדאַ האָט זיי אויפ־גענומען מאַק גופּע, וואָס האָט זיי באַלד אַוועקגעפירט צו זיך אין דער רעזידענץ אין אַקסאַקאַ, ווו פריִער איז געווען די נאָרדאַמעריקאַנער גע־זאַנדשאַפט. די געסט זיינען געווען אין אַקסאַקאַ ביז אָפן צווייטן טאָג און זיינען ווידער אַוועק אַף אַן אַוויאָן.

נאַטירלעך, האָט אונדז קיינער נישט דערציילט וואָס אַזוינס מען האָט געזאָגט בעייס דעם שמועס וואָס זיי האָבן געהאַט צווישן זיך, נאָר מיר שטויסן זיך אָן. געקענט האָט עס גיין נאָר אין איין זאַך: מען האָט באַקאַנט געמאַכט די געסט מיט די באַשלוסן וואָס די אויסערגעוויינלעכע סטראַטעגישע זיצונג אין כיביאַ האָט אָנגענומען.

אַאַיאַמאַס ביוראָ האָט באַקומען אַ באַפעל צוזאַמענצושטעלן און אוועקשיקן אַפן האַלב־אינדזל דעסטאַקאַמענטן פליער, סאַפּיאָרן און שאָפערן. דער דעסטאַקאַמענט וואָס וויצע־אַדמיראַל קאַנדאַ האָט צונויפגעשטעלט, איז שוין געווען אַפּגעשיקט פון אָקינאַוואַ קיין קאָרעע. אַלע וואָלונטירן וואָס מען האָט אַפּגעשיקט אַפן האַלב־אינדזל האָבן געטראָגן דעם טיפּ נאָרדאַמעריקאַנישע מונדירן. אַלעמען האָט מען זיי אָנגעזאָגט, אַז אָנקומענדיק קיין קאָרעע, זאָלן זיי זאָגן, אַז זיי באַלאַנגען צום 422טן דעסטאַקאַמענט פון דער נאָרדאַמעריקאַנער אַרמיי, דאָס הייסט, צום נאָרדאַמעריקאַנער דעסטאַקאַמענט פון יאַפּאַנישן אַפּשטאַם, וואָס האָט זיך בעייסן קריג אויסגעצייכנט אַפן איטאַליענישן פראָנט.

איבער אַלע ביוראָס האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס נייס, אַז אינגיכן וועט דורכגעפירט ווערן דער פּראָיעקט פונעם „אָרגאַן קאַטאַ“, דאָס הייסט, מען וועט צו וויסן טאָן דאָס שאַפן אַ קאָרפּוס רעזערוו־פּאָליציי.

איך האָב באַקומען אַ פּאָסטקאַרטל פון דזינטאַנען מיט אַ שטעמפּל פון האָנג־קאָנג. ער שיקט מיר גרוסן פונעם גענעראַל־לייטענאַנט דאָבאַשי, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סאַיגאָן. קענטיק אַז פאַראַן זיינען שוין אונדזערע דעסטאַקאַמענטן אויך אין אינדאָכינע.

סאָפקאָלסאָף איז געקומען דער טאָג ווען האַש־האַש האָט מיר פאַרגעלייגט אַריבערפאָרן קיין קאָרעע, אין דער שטאָט סוואָן, ווו עס מוז זיך געפינען אונדזער גרופּע פאַר ספּעציעלן דינסט. דאָרט זאָל איך אָפּוואַרטן האַש־האַשן און דעם דאָקטער. זיי וועלן אָנקומען עטוואָס פריער איידער עס וועלן זיך אָנהייבן די געשעענישן. סוואָן שטייט אינגאַנצן פינף און צוואַנציק קילאָמעטער פון סעול, נאָר איך דאַרף נישט אָפּטרעטן פון דער שטאָט אַף קיין איין מינוט.

פּאַק טשאָ־דיאָנג, וועלכער האָט באַקומען אַ באַפעל אַרויסצופאָרן מיט מיר, האָט מיר געזאָגט:

— דעם קאָלאָנעל ביירד האָט מען אַרויסגערופן קיין נאָרדאַמעריקע. האַש־האַש איז שטאַרק צופרידן. מען האָט אים באַפרייט פון אַ קאָנקורענט.

איך בין געגאַנגען זיך געזעגענען צו די גענעראַלן קאַוואַבע און איוואַקורא, דערנאָך בין איך אַריין אין האָטעל „קובאַנאַ“ אין צוקיכי זען דעם מאַיאָר קאַבוראַקי, וועלכער איז ערשט געהאַט אָנגעקומען פון סעול מיט אַן אַוויאָן. ער האָט מיך פאַרגעשטעלט דעם קאָרעער וויליאַם טשאָ, אָפיציר פונעם אויספשפיר־דינסט אינעם טאַיהאַנער צענטראַלן הויפּטשטאָב.

געשמועסט האָבן מיר ביזן באַגינען. פּאַק טשאָ־דיאַנג האָט מיר טעלעפאָנירט, אַז עס איז שוין צײַט אַרויסצופאָרן צום אַעראָדראָם אין האַנעדאַ. קאָבוראַקי און וויליאַם טשאַ האָבן זיך אָנגעבאָטן מיך צו באַגלייטן.

אָנגעקומען איז דער פײַערלעכער מאָמענט: איך פאַרלאָז טאָקיאָ. דאָרט אַפּן האָריזאָנט, וואַרט אַף מיר דער קאָנטינענט, אַן אַרענע אַן אַ ברעג פאַר די מײַסים וואָס וועלן פאַרשאַפן קאָוועד דעם אישיכאַראַ־פלאַן.

קאָבוראַקי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער זען צי איז שוין דאָ דער אויטאָ. דער צימער איז געווען אַפן צווייטן שטאָק. ער האָט מיך מיט דער האַנט צוגערופן און מיר געזאָגט אין דער שטיל:

— קומט אַהער, נאָר שטילער.

געזען האָב איך אונטן דרײַ יונגען מיט ביציקלעטן. איינער — מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ — האָט געקוקט צום עק געסל, בעת די אַנדערע צוויי האָבן עפּעס אויפגעקלעפּט מיט גרויסע פענדזלען אַפן פלויט פון דעם קעגנאיבערדיקן הויז.

געכאַפּט האָב איך אַ פלאַש, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אַף דער ערד לעבן פענצטער און האָב זי מיט אַלע מײַנע קויכעס אַ וואָרף געטאָן. די פלאַש האָט געטראָפן איינעם פון זיי, נאָר ער האָט טייקעף דעם קאָפּ אויפגעהויבן און צוריקגעוואָרפן די פלאַש צו אונדז אין פענצטער. מיר זײַנען אָפּגעשפרונגען. די פלאַש האָט זיך אַף פּיצלעך צעבראָכן אַן דער וואַנט, אַזוי אַז נאָר עטלעכע פּושקעס זײַנען אַראָפּגעפאַלן פון אַן עטאַ־זשערקע. איך האָב אַרויסגעצויגן מײַן פּיסטויל און בין צוגעגאַנגען צום פענצטער. קיינער איז שוין דאָרט נישט געווען. אַפן פּלויט איז געווען אָנגעקלעפּט אַן אַפּיש: „בידער מיט די מיליטאַריסטישע פאַשיסטן!" לעבן די אויסיעס איז געווען אָנגעצייכנט אַ מיליטערמאַן מיט ברילן און וואָנצעס. אַ ריזיקע האַנט, וואָס האָט פאַרנומען דעם אויבערשטן ווינקל פונעם אַפּיש, האָט אים באַם קאָלנער געשלעפּט פון אַ לאָך אַרויס. דער מיליטערמאַן איז ענלעך געווען אַף דעם גענעראַל־לייטענאַנט איוואַקוראַ.

— יענע וואָך האָט מען אַפן זעלבן פּלויט אָנגעקלעפּט אַן ענלעכן אַפּיש — האָט קאָבוראַקי זיך אָנגערופן — געווען איז דעמאָלט אויס־געמאָלט קאָוואַבע.

— מען דאַרף זײַן אַף דער וואַך און זיי האַרגענען אַפן אָרט. — האָב איך געזאָגט.

קאָבוראַקי האָט געטרייסלט מיטן קאָפּ.

— שווער זיי צו כאַפּן. ווי די מערעשקעס לויפן זיי אום אַף די ביציקלעטן און קלעפּן די אַפּישן. האָסט כאָטש געזען ווי פלינק דער יאַט האָט געוואָרפן די פלאַש? לויט אַלע קלאַלים. מען זעט באַלד, אַז דאָס איז אַן אַלטער זעלנער.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. צום אומגליק איז עס אַזוי: אַ סאַך געוועזענע זעלנער זײַנען געוואָרן רויטע. זיי האָבן זיך פאַררעטעריש אָפּ־געזאָגט פון דער אימפּעריע.

— און די פּאָליציי וואָס טוט?

— די פּאָליציי יאָגט זיך נאָך זיי. סײַ אונדזערע און סײַ די נאָרד־אַמעריקאַנער. מען האָט אויסגעבילדעט ספּעציעלע מאַנשאַפטן צום קאַמף מיט די אַנטי־נאָרדאַמעריקאַנער אַפּישן און אויפשריפטן. „סקרייפּ אָוו גרופּס" רופט מען זיי, דאָס הייסט קראַצער־גרופּעס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַנגעקומען אונדזער אויטאָ און מיר זײַנען אַראָפּ צום טויער. ווען מיר האָבן די קאָלאָשן אַנגעטאָן אינעם פּירהויז, זײַנען מיט אַ קנאַקערײַ אַרײַן אינעם געסל עטלעכע מאָטאָציקליסטן. לעבן אונדזער אויטאָ זײַנען שטיין געבליבן דרײַ מאָטאָציקלעטן מיט מ. פּ. טייקעף האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט. באַנעצט האָבן זיי דעם אַפּיש מיט זייף־וואַסער פון אַן אַפּאַראַט, ווי מען נוצט אָף צו לעשן סרייפעס, און גענומען אָפּקראַצן דאָס פּאַפּיר מיט האַרטע בערשט. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט, האָבן זיי באַהאַלטן די בערשט מיט די אַפּאַראַטן אין די סידעקאַרס פון די מאָטאָציקלעטן און זײַנען אַוועק ווײַטער.

— זיי מוזן אַרומגיין דעם סעקטאָר איידער עס הייבט זיך אָן דער גאַסן־פּאַרקער — האָט קאַבוראַקי געזאָגט.

— מען דאַרף די פּאַטרולן אַרויסשיקן פריִער.

— וועלן זיי נעמען קלעפּן ווען די פּאַטרולן וועלן אַריבער.

— אין סעוּל קלעפּט מען אויך אַפּישן אָדער מען שרײַבט פּאַשעט אָף די ווענט מיט פאַרב. — האָט וויליאַם טשאַע געזאָגט. — די וואָס מען כאַפּט, ראַמט מען אָפּ אָפּן אָרט.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: דאָס איז דאָס ווירקזאַמסטע מיטל.

איבער פּוסטע גאַסן זײַנען מיר געפאָרן צו סוקיאַבאַשי נעמען פּאַק טשאָ־דיאַנגן, וועלכער האָט געוווינט אין מײַרעוודיקן גינצאַ. ווען אונ־דזער אויטאָ האָט פאַרקירעוועט אין דער דריטער מײַרעוודיקער גאַס, דורכפאָרנדיק די צײַטונג „יאָמיורי", האָבן מיר קעגנױבער דעם קאַבאַ־רעט „שאַנכײַ" געזען צוויי יינגלעך צײַטונגס־פאַרקויפער שרײַבן עפּעס אָף דער וואַנט. דערהערט האָבן זיי דעם גערויש פונעם אויטאָ זײַנען זיי פאַרשוווּנדן אין אַ טויער און דאָרט גענומען קלינגען אינעם גלעקל. איך האָב צײַט געהאַט איבערצולייענען: „גאָ האָם קווײַק!" (גייט אײַך וואָס גיכער אַהיים!).

— די „סקרייפּער אָפיסערס" זײַנען שוין קענטיק אַדורכגעגאַנגען — האָט קאַבוראַקי זיך אָנגערופן. — זיי מוזן זיך קעסיידער אומדרייען. מיט איין מאָל אַרומגיין מאַכט מען גאָרניט.

אַפן וועג צום אַעראָדראָם האָבן מיר געזען נאָך בלעטלעך און אַפישן אויפגעקלעפּטע פון די ווענט. אַף דער וואַנט פון אַ טאַבאַק־געשעפט לעבן דער סטאַנציע סינאַגאָוואַ האָבן זיך געשוואַרצט די אויפשריפטן: „אָולאָו די אַ־באָמב!״ [נידער מיטן גוזעץ וועגן דער אַטאָמישער באָמבע!] און אַף אַ סלופּ לעבן דעם טעמפּל אינאַרי, איז געווען אָנגעשריבן אין יאַפּאַנעזיש: „פאַרטיידיקט דעם אַלגעמיינעם פרידן!״

דער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן און איך האָב צום לעצטן מאָל געגריסט די שטאָט. געוואָלט האָב איך צוגעבן פּײַערלעכקייט דעם מאָמענט, נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די אַפישן האָבן מיר קאַליע געמאַכט די שטימונג. מיר זײַנען פונעם קאָפּ ניט אַרויס די צוויי ייִנגלעך צײַטונגס־פאַרקויפער. אין זעקס אָדער זיבן יאָר אַרום וועט מען זיי רופן זײַן די קאַזאַרמעס. די שילער, וואָס האָבן אין יענעם פרימאָרגן, מיט פינפטהאַלבן יאָר צוריק, נישט געוואָלט שטאַרבן און אַנטלאָפן פונעם שכאָט־פּלאַץ, זײַנען שוין איצט אין דער עלטער פון גיין דינען, און דער באָכער, וואָס האָט געוואָרפן די פלאַש, איז אַ געוועזענער זעלנער. מען קען זיי קיין איינעם נישט געטרויען.

פּאַק טשאַ־דיאָנג האָט מיר געגומען עפּעס דערציילן, נאָר איך האָב אים נישט געהערט. נישט ווילנדיק, האָב איך אַפן קאָל אַ זאָג געטאָן:

— און טאָמער פאַלן אונדז דורך אויך די?

— ווער? — האָט פּאַק אַ פרעג געטאָן.

איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, האָב מיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און האָב דעם גאַנצן וועג דאָס מויל ניט געעפנט.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין סוואָן, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ דעסטאַקאָמענט יאַפּאַנישע וואָלונטירן. צו.אַמענגעשטעלט האָט אים דער קאָלאָנעל סאָוואַי טעצובאַ אַף דער באַשטעלונג פון אָאַיאַמאַס ביוראָ. די אָפיצירן האָבן געטראָגן נאָרדאַמעריקאַנישע מונדירן. איך און פּאַק טשאַ־דיאָנג האָבן מיר געפּראַנטעוועט אין מונדירן פון דער 3טער דאָרעם־קאָרעיִשער הויפטשטאַטישער שוץ־דיוויזיע.

און אָט אַזוי בין איך צוגעקומען ביזן הײַנטיקן טאָג, קורץ באַשרײַבנדיק מײַן לעבן זײַט דעם טאָקאַטאָרי־באַרג ביז אָט דעם אַלטן קאָרעיִשן שטעטל. עס פרייט מיך וואָס איך האָב דאָס אַלץ געקענט אויפשרײַבן איידער האַש־האָש איז אָנגעקומען. ער האָט מיר צו וויסן געגעבן, אַז ער קומט אַהער איבערמאָרגן. אינגיכן, הייסט עס, וועט זיך עס אָנהייבן.

## .9

האַש־האַש איז געקומען מיט אַן אַוויאָן, און מיר האָבן אַרבעט איבערן קאָפּ. אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר באַקומען רוישטאָף צום באַאַרבעטן: אַ פּאַרטיע אַרעסטירטע וואָס האָבן קרויווים אין צאָפן־קאָרעע. אַלע ווערן זיי אָנגעקלאָגט אין שפּיאָנאַזש לעטויוועס די צאָפן־

קאָרעער. די אָנקלאָגע האָט נישט קיין אַנדער גרונט ווי דעם פאַקט, וואָס זייערע קריוווים געפינען זיך אין צאָפן־קאָרעע. מיר וועלן אַלע אַרעסטירטע אונטערוואַרפן אַ ספּעציעלן אויספרעג און ווי נאָר מיר וועלן אָפּקלײַבן די וואָס לוינען אונדז אָמבעסטן, וועלן מיר זיי רעקרוטירן.

ראָבערט האַן געפינט זיך איצט אין קאָעסאָנג. אינגיכן קומט ער אַהער.

דער ראַדיאָ האָט צו וויסן געגעבן: מאָק האָט באַפוילן דער יאַפּאַנישער רעגירונג זי זאָל באַזײַטיקן אַלע מיטגלידער פונעם צענטראַלן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין יאַפּאַן פון יעדער פּאָליטישער און מעלוכישער אַרבעט. באַ די מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט וואָס זײַנען פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן, ווערן צוגענומען זייערע מאַנדאַטן.

אין גאַנץ יאַפּאַן ווערן פאַרבאָטן מיטינגען, זיצונגען און עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס. די פּאָליציי איז געשטעלט אַף קריגספוס. אַלע אייבסן פון דער מעלוכע־פּאָליציי האָבן באַקומען געפאַנצערטע וועגענער און „דזשיפּס" מיט מעטראַליעזן. אין טאָקיאָ, אָסאַקאַ, קאָבע, נאַגאַיאַ, יאָקאָהאַמאַ, האַמאַצי און אין אַנדערע שטעט האָט מען אָנגעהויבן אַרעסטירן קאָמוניסטן לויט רעשימעס צוגעשטעלטע פון דער צווייטער סעקציע אין מאַקס הויפּטשטאַב.

אָנגעהויבן האָט זיך אַ רייניקונג אינעם הינטערלאַנד. אָן אָט דער רייניקונג איז אוממעגלעך אָנצוהייבן אַקטיווע אָפּעראַציעס אַפן קאָנטינענט. וואָרעם ווי נאָר די געשעענישן וועלן זיך אָנהייבן וועט קימאַט די גאַנצע נאָרדאַמעריקאַנער אַכטע אַרמיי אַריבערגעפירט ווערן פון יאַפּאַן צום פראָנט.

קיין טאָקיאָ איז צוריקגעקומען דער גענעראַל ברעדלי, באַגלייט מיט דעם קריגס־מיניסטער דזשאָנסאָן און מיט דזשאָן פ. דאַלעס, ראַטגעבער פונעם שטאַטס־דעפּאַרטאַמענט. געקומען זײַנען זיי איבערשמועסן מיט מעקן וועגן קאַרדינאַלע פראַגן אין דער אַקטיווער פּאָליטיק פון נאָרד־אַמעריקע און אַזיע.

געקומען איז ראָבערט האַן. ער זאָגט, אַז די מיליטערישע גרונט־קויכעס פון טאַיהאַן זײַנען שוין קאָנצענטרירט אַף דער ליניע פונעם פּאַראַלעל. דער גענעראַל קים סונג־וואָן, שעף פונעם מײַרעוודיקן פראָנט, געפינט זיך שוין אין דער זאָנע פון קאָעסאָנג, און דער גענעראַל טשאַיע בען־דעק, שעף פון דעם מיזרעך־פראָנט, אין דער זאָנע פון טשונגטשאָנג.

דאָס מאָל איז אַלצדינג פּאָרויסגעזען. לויט דעם גענעראַל ראָבערטס זײַנען איצט די דאָרעם־קאָרעיִשע מיליטער־טיילן קימאַט ניט הינטערשטעליק לעגאַבע די נאָרדאַמעריקאַנישע מיט זייער צוגעגרייטקייט, אויסשטאַטונג און מאָראַל. די געשיכטע פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר וועט זיך שוין ניט איבערכאַזערן.

דער שוץ־מיניסטער, סין סונג־מאָ, און טשונג איל־גוואָן, צווייטער שעף פון צענטראַלן הויפּטשטאַב, זײַנען איצט באַשעפטיקט מיט אויס־בילדן נײַע דיוויזיעס, אין וועלכע עס וועלן אײַנגעשלאָסן ווערן יאַפּאַ־נישע טיילן. דער גענעראַל ראַבערטס האָט שוין באַקאַנט געמאַכט דער טאַיהאַנער מיליטערישער אָנפירונג די פּינקטלעכע דאַטעס ווען די נאָרד־אַמעריקאַנישע מיליטערישע קויכעס וועלן אָנקומען, ווי נאָר עס וועלן זיך אָנהייבן די געשעענישן. די 24סטע דיוויזיע, וואָס געפינט זיך איצט אין יאַפּאַן, איז שוין גרייט צום אַרויסשיקן. זי וועט זײַן די ערשטע צום אַריבערפירן. די איבעריקע טיילן פון דער אַכטער אַרמיי און פון דעם פינפטן לופט־פלאָט זײַנען שוין אויך גרייט. פון נאָרדאַמעריקע וועלן אָנקומען די ערשטע דיוויזיע פלאָט־אינפאַנטעריע און די צווייטע דיוויזיע אינפאַנטעריע. עס האָבן באַקומען אַ באַפעל גרייט צו זײַן צום אַרויס־שיקן טיילן פונעם פערטן און פונעם זעקסטן נאָרדאַמעריקאַנישע מילי־טערישע דיסטריקטן. דער וויצע־אַדמיראַל סטרייבל, שעף פונעם זיבעטן פלאָט, האָט שוין אַרויסגעשיקט אַ טייל פונעם פלאָט צום קאָרעער גאָלף.

אַ סענסאַציע: נעכטן האָט מען אַרעסטירט אַ שיינע קאָרעערין, וועלכע איז געווען פּריוואַטע סעקרעטאַרקע באַם קאָלאָנעל ביירד. עס איז אויך אַרעסטירט די גאַנצע דינערשאַפט: צוויי דינסטן, דער קאַמער־דינער, די קעכן, דער קוכער, דער שאָפער, דער פאָרטיער, דער קאָנסערזש, דער גערטנער און אַנדערע. איינינעם נײַנצן פאַרשוין. אַלע זײַנען זיי געווען רעקרוטירט פון דער סעקרעטאַרקע. די סעקרעטאַרקע האָט גע־קענט פירן דעם אויטאָ און זיך נוצן מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און פלעגט מאַכן אָפטע עקסקורסיעס מיט דעם קאָלאָנעלס פּריוואַטן אויטאָ איבער דער פאַרבאָטענער זאָנע נאָנט צום 38טן פּאַראַלעל. זי האָט גע־האַט אַ ספּעציעלן פּאַסיר־שײַן — באַזאָרגט פון קאָלאָנעל ביירד — און האָט געקענט פרײַ אַרײַנגיין אומעטום, אַפילו צום פּרעזידענט לי סינג־מאַן אינעם פּאַלאַץ. געווען איז זי ביז גאָר באַפרײַנדעט מיט דעם פּרעזי־דענטס פרוי, די נאָרדאַמעריקאַנערן אַליס, וועלכע האָט איר זיכער דער־ציילט אַלץ וואָס זי האָט געוווּסט פון איר מאַן.

אויב עס זאָל זיך אַרויסשטעלן, אַז די סעקרעטאַרקע איז געווען אַן אַגענט פון צאָפן, וועט מען מוזן אָנערקענען, אַז אין סאַמע צענטער פון סעול, אינעם הויז פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן ראַטגעבער פאַר די אינ־יאָנים פון אויסשפּירונג און קאָנטערשפּיאָנאַזש, האָט עטלעכע יאָר נאָכ־אַנאַנד אָפּערירט אַ גרופּע אַגענטן פונעם סוינעס אויסשפּיר־דינסט. אַ סקאַנדאַל!

האָש־האָש האָט דערויף געזאָגט:

— דעריקער איז קלאָר צו ווערן צי האָט זי געוווּסט פון דעם גרונט־פּלאַן. און אויב זי האָט געוווּסט, צי האָט זי אים געקענט איבערגעבן

די איריקע. אויב זי האָט אים געקענט איבערגעבן, מוזן מיר טייקעף אָנהייבן, איידער זיי האָבן צײַט געהאַט גוט זיך צוצוגרייטן.

פּאַק טשאַ־דיאָנג האָט אויפגענומען דעם טעקסט פון אַן אויפרוף, וואָס דער ראַדיאָ פּיאָנגיאַנג האָט גענומען איבערגעבן. דער אויפרוף איז געמאַכט אין נאָמען פון אַ בלאָק פּאָליטישע פּאַרטייען און פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטן פון צאָפן־ און דאָרעם־קאָרעע...

דער בלאָק, וואָס רופט זיך „פּאַרייניקטער דעמאָקראַטישער פּאַטער־לאַנד־פראָנט" שלאָגט פאָר אַ פאַרייניקונג פון קאָרעע אָף אַ פרידלעכן אויפן.

קענטיק, אַז די צאָפן־קאָרעער האָבן שוין אַלץ אָנגעטאָפּט און באַ־מיִען זיך מיט אַלע קויכעס פאַרמײַדן די געשעענישן.

מען מוז אָנהייבן וואָס פריִער. אָט דער רוף צום פרידלעכן פאַריי־ניקן דאָס לאַנד, באַווײַזט בעסער ווי וועלכער עס איז אולטראַ־געהיימער דאָקומענט אַרויסבאַקומען דורך די אַגענטן, אַז די צאָפן־קאָרעער זײַנען נישט צוגעגרייט צום קריג און האָבן פאַר אים מוירע.

קיין סוואָן זײַנען אָנגעקומען לים כאַ, די קאָלאָנעלן סוצוקי און כידאַקאָ און דער מאַיאָר איריע.

קאַאָטאַני, איִאַי, יאַמאַאָקאָ און אַנדערע זײַנען איצט אין סעול.

געקומען זײַנען קיין פּוסאַן נאָך דרײַ יאַפּאַנישע דעסטאַקאַמענטן.

מען האָט צו וויסן געגעבן דעם דאָקטער טעלעפאָניש פון סעול, אַז מען האָט דערשאָסן ביירדס פּריוואַטע סעקרעטאַרקע און די גאַנצע דינ־נערשאַפט. קיין איין אַרעסטירטער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, כאָטש אָנגעווענדט האָט מען באַם אויספרעגן צוואַנגס־מעטאָדן.

די צאָפן־קאָרעער האָבן ווידער איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ, אין נאָ־מען פון זייער פּאַרלאַמענט, דעם פאָרשלאָג פרידלעך פאַרייניקן דאָס לאַנד דורך אַ צוזאַמענגוס פון די פּאַרלאַמענטן פון צאָפן־ און דאָרעם־קאָרעע.

אַלץ גיט צו דענקען, אַז די צאָפן־קאָרעיִשע רעגירונג קען זיך ניט פאַרלאָזן אָף איר מיליטער און פרווט מיט אַלע מיטלען צו שטערן אונ־דזערע אַקציעס. מען מוז אָנהייבן וואָס פריִער!

פון סעול איז געקומען אָף באַזוך דער מאַיאָר ווילי׳אַם איסאַי.

מען זאָגט, אַז נישט געקוקט אָף די אויסערגעוויינלעכע מאַסמיטלען, וואָס ווערן אָנגענומען פון דער פּאָליציי, באַווײַזן זיך לעצטנס אַלץ אָפ־טער אָף די ווענט און פּלויטן בלעטלעך בענעגייע דער פרידלעכער פאַר־אייניקונג פונעם קאָרעיִשן פאָלק.

דזשאָן פ. דאַלעס, ראַטגעבער פונעם שטאַטס־דעפּאַרטאַמענט, איז נעכטן אין אַן אויטאָ אומגעפאָרן די ליניע פון 38טן פּאַראַלעל און האָט באַזוכט די פּאָזיציעס פון דעם טאַיהאַנער מיליטער. נאָך דעם באַזוך,

האָט דזשאָן פּ. דאָלעס געהאַלטן אַ רעדע פאַר די אָפיצירן פון צוויי דאָ־רעם־קאָרעישע גרופּירונגען.

— איך האָב געזען — האָט ער געזאָגט — אַ סאַך מער דערפון וואָס איך האָב פריער געהאַט געהערט. דער שטאַרקסטער סוינע וועט אײַך ניט קענען בײַשטיין. עס פעלט שוין ווייניק צו דעם מאָמענט ווען איר וועט אַרויסווײַזן אײַער קויעך.

.10

מיט אַ שאָ פריער האָט מיך האַש־האַש גערופן צו זיך און האָט לאַנגזאַם מיט אַן עטוואָס ציטערדיקן קאָל מיר געזאָגט:

— מאָרגן קאַיאַר.

אַרויסגענומען האָט ער אַ שפּרינצאַווקע פון אַ רײַזע־טאַש, האָט פאַרקאָשערט אַן אַרבל און האָט זיך אײַנגעשפּריצט אַ פּאָרציע כיראָ־פּאָן. איך האָב גענומען פונעם קעסטל דרײַ פּילן און האָב זיי מיט איינ־מאָל אײַנגעשלונגען.

— אין וועלכער שאָ פּינקטלעך? — האָב איך אים געפרעגט מיט אַ פּלוצים אייזעריק געוואָרענעם קאָל.

— פיר אַזייגער פאַרטאָג, אָפּן סעולער זייגער.

— וויאַזוי וועלן מיר אָנהייבן?

— עס וועלן אויפרײַסן עטלעכע באָמבעס מיט פאַרצויגענער וויר־קונג אויף דער סאַמע ליניע פונעם פּאַראַלעל. עס וועט זיך אָנהייבן אַ שי־סערײַ. זיי וועלן ענטפערן. די מיטגלידער פון דער יו־ען־קאָמיסיע פאַר קאָרעע וועלן, נאַטירלעך, איידעס זאָגן, אַז די צאָפן־קאָרעער האָבן די ערשטע געשאָסן. נאָך אַן אַרטילעריע־צוגרייטונג וועלן די מײַרעוודיקע אַרמיי פון קים סוג־וואָן און די מיזרעכדיקע פון טשאַיע בען־דעק זיך לאָזן פאַרויס.

האַש־האַש האָט פון אַ וואַליזע אַרויסגענומען אַ פלאַש פראַנצויזישן קאָניאַק, האָט אָנגעגאָסן צוויי רײַזע־גלעזלעך און געוווּנטשן:

— פאַרן אָנהייב פון די פּאָזיטיווע אָפּעראַציעס!

און איך פון מײַן זײַט:

— פאַרן איבערגאַנג פונעם קאַלטן קריג צום הייסן!

מיר האָבן אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך און אויסגעטרונקען.

האַש־האַש האָט פאַרשטעקט די פלאַש און האָט זי פאָרזיכטיק באַ־האַלטן אין דער וואַליזע.

— אַ טײַערער אַלטער קאָניאַק. דאָס צווייטע גלעזל פון דער פלאַש וועלן מיר אויסטרינקען באַ די ברעגעס פונעם יאַלו.

איך האָב קיין צײַט נישט געהאַט איבערצולייענען דעם עטיקעט אויף דער פלאַש.

* * *

דאָס וואָס איך האָב ביז איצט געשריבן פאַרנעמט אַ האַלב פון דעם העפט. מאָרגן וועט זיך אָנהייבן די צווייטע העלפט. יעדע נאַכט וועל איך מאַכן אַ געגנויעם אונטערצי וואָס שײַעך דעם טאָג. איך וועל פאַרציי־כענען אַלע פּראָטים פון דעם גרויסן אַוואַנס אַף צאָפן.

מאָרגן וועל איך אָנהייבן אַ נײַ בלעטל אין מײַן העפט. מאָרגן וועט זיך אָנהייבן אַ נײַ בלעטל אין דער געשיכטע פון אַזיע.

הײַנטיקע נאַכט וועט דער גײַסט פונעם גענעראַל אישיכאַראַ אַראָפּ־נידערן אַף דער ערד און וועט פאַמעלעך שפּאַנען איבער דער ליניע, אי־בער וועלכער עס האָט צוריק מיט אַ פּאָר טעג געשפּאַנט דער נאָרדאַמע־ריקאַנער הויכגעשטעלטער פאַרשוין.

יומיאַ כאַטשימאַן, גאָט פון די קריגער, בענטש אונדז!




# דער פּלאַן אין דער טאַט

**1.**

די גאַנצע צײַט האָט זיך מיר די האַנט נישט געלייגט צום שרײַבן. די צוויי כאַדאָשים וועלן מיר אַף אייביק פאַרבלײַבן אינעם זיקאָרן ווי אַ שרעקלעכער כאָלעם. אַ כאָלעם וואָס האָט זיך געצויגן זעכציק טעג נאָכאַנאַנד. איך האָב זיך אײַנגאַנצן פאַרגעסן אַף דעם העפט.

מײַן וואַליזע, ווו דער העפט איז געליגן, האָט זיך מיט ניסים געראַטעוועט. דער מאַיאָר דוד, פונעם הויפּטשטאַב באַם גענעראַל טשערטש, וועלכער פאַרבײַט ראָבערטסן, האָט אַלפּי טאָעס געכאַפּט מײַן וואַליזע און זי אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פאַרבײַפאָרנדיקן „דזשיפּ". דוד איז נישט דערפאָרן ביז טאַידען. אַ שאָס פון אַ באַמבוק־וועלדל אַרויס האָט אים דאָס לעבן פאַרשניטן, נאָר די וואַליזע איז יאָ דערפאָרן. געפונען האָב איך זי צווישן אַ הויפן זאַכן אָנגעוואָרפענע פאַר דער סטאַנציע טאַידען. איך בין אויך שיר נישט געבליבן אין סוואַן. דער ווירוואַר האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט אין דער נאַכט, נאָך אַ קורצער שיסערײַ אין דער דאָרעמדיקער פאָרשטאָט. דער ערשטער איז אַנטלאָפן טשערטש מיט זײַן הויפּטשטאַב, און האָט אַפּילע זײַנע פּערזענלעכע זאַכן איבערגעלאָזט. איך בין צוגעלאָפן צום „דזשיפּ" ווו האַש־האַש האָט זיך אַרײַנגעזעצט, נאָר אַרום דעם קאָטש איז שוין געווען אַ גרויסער טומל. מען האָט מיך אַף דער ערד אומגעוואָרפן און מיך האָט שיר נישט איבערגעפאָרן אַ ראָלס ראָיס, אַ פולער מיט נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן. טייל זײַנען געווען אין פּיזשאַמעס, נאָר מיט קעפּקעס. דערנאָך האָב איך מיך דערוווּסט, אַז דער ראָלס ראָיס איז געווען סין סען־מאָס, דעם טאַיהאַנער קריגס־מיניסטערס. דעם מיניסטער האָבן זיי פונעם אויטאָ אַרויסגעוואָרפן. געפונען האָבן אים עטלעכע זעלנער אונדזערע פון סאָוואַיס דעסטאַקאַמענט, וואָס זײַנען געפאָרן אין אַ לאַסט־אויטאָ, נאָר ווען זיי האָבן דערזען אַז ער איז ניט קיין יאַפּאַנעזער, האָבן זיי אים ווידער אַראָפּגעוואָרפן. דער מיניסטער, אַלנפאַלס, האָט זיך דערקליבן קיין טאַידען, וויאַזוי ווייס איך

ניט. וואָס שײַעך מיר, האָב איך מיך געראַטעוועט אַ דאַנק דעם קאַפּי־טאַן כאַרויאַמאַ, פון סאַוואַיס דעסטאַקאַמענט. ער איז אַרויפגעשפּרונגען אַף אַן אויטאָ ווי עס זײַנען געפאָרן עטלעכע ציווילע קאָרעער אין קאַפּע־ליושן — מיסטאָמע טאַיהאַנער באַאַמטע — און האָט מיך אַרויפגע־שלעפּט. איינער פון די ציווילע האָט געפּרווט מיך אַראָפּוואַרפן, נאָר איך האָב אים אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אינעם פּאָנעם און האָב אים אַרויס־געוואָרפן פונעם אויטאָ. כאַרויאַמאַ איז אומגעקומען אַף אַ שרעקלעכן נאַרישן אופן. ער איז אַרויסגעפאַלן פונעם אויטאָ ווען ער האָט זיך געגעבן אַ שאַרפן קער און איז אַרונטערגעפּוילן אונטער אַ סטודעבייקער, וואָס איז געפאָרן הינטער אונדז. סוואָן איז יענע נאַכט געווען אַ פּיליאַ־לע פונעם געגעם.

.2

איך וועל פאַרצייכענען וויאַזוי ניט איז. איצט האָב איך קיין צײַט ניט צו טראַכטן עס זאָל זיך בינדן. ס'איז נישט די צײַט דערפאַר. איכל שוין שפּעטער זען איבערשרײַבן, אויספאַרריכטן, דערגאַנצן. איך וועל נאָר אָנוואַרפן.

פון אָנהייב האָט מען בעדייע געהאַט אונדזער גרופּע זאָל זיך אָפּ־געבן מיט ספּעציעלע אַקציעס, באַזונדער מיט צוגרייטן אַגענטן מיט ספּע־ציעלער באַשטימונג און, אַף וועלכן עס איז אויפן, אַרײַנשיקן זיי אינעם סויגעס הינטערלאַנד דאָרט דורכצופירן סאַבאָטאַזש־אַקטן ביז אונדזער מיליטער וועט אַהין קומען. נאָר די טייטיקייט איז פאַרשוווּנדן נאָכדעם ווי די געשעענישן האָבן אומגעריכט אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג.

מען האָט שוין אויך נישט באַדאַרפט דעם „רוישטאָף” וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. דער „רוישטאָף” איז באַשטאַנען פון אַרעסטירטע מע־נער און פרויען פון צוויי קאַטעגאָריעס: די וואָס האָבן קרויווים אין צאָפּן און די וואָס מען האָט אַרעסטירט גלאַט אַזוי אַף צו זען צי קענען זיי נוצלעך זײַן.

מיר האָבן גערעכנט אויסקלײַבן צווישן דעם „רוישטאָף” די וואָס לאָזן זיך אויסנוצן פאַר אַגענטן. אין פאַל די רעקרוטן וועלן אָנגעשטעלט ווערן, וועלן שוין זייערע קרויווים פאַרוואַנדלט אין מאַשקאָנעס. צוליב דעם האָבן מיר אָנגעקליבן באַצײַטנס די מישפּאָכע־מיטגלידער פון אַלע אַרעסטירטע — עלטערן, מענער, ווײַבער, ברידער, שוועסטער, זין און טעכטער — און מיר האָבן זיי גענומען אונטער אַ וואַך, צוליב מער זי־כערקייט.

ווען מען האָט געזען אַז מען מוז אָנהייבן צוגרייטן די עוואַקואַציע צוליב דער דראָענדיקער לאַגע אַפן פראָנט, האָט האַש־האַש פאַראָרדנט מען זאָל אָנהייבן די ליקווידאַציע פון טייל „רוישטאָף” און זייערע קרוי־ווים. מירן דאָך ניט גיין מיטשלעפּן מיט זיך העכער צוויי טויזנט אַרעס־

טיד׳טע, וואָס העלפט זייערע באַשטייט פון פרויען און יונגוואַרג! ווען עס האָט זיך באַקומען די יעדיִע, אַז עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די שלאַכטן אין דער זאָנע פון סעול, האָבן מיר באַשלאָסן אַ טייל זייערע פּאַטערן באַ אַ נאָענטן בערגל, ווו עס זײַנען געווען גרויסע היילן. געטאָן האָבן עס ד׳אָרעם־קאָרעיִשע פּאָליציאַנטן אונטער אונדזער אָנפירונג. דעם רעשט האָט מען אַוועקגעפירט אַף לאַסט־אויטאָס קיין טאַידען. ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אַהין, האָבן מיר זיי אַבסאָלוט אַלע אַוועקגעפּאַטערט אַ טאָג פאַר דעם ווי מיר האָבן פאַרלאָזט די שטאָט.

אַז אונדזער גרופּע איז געבליבן אָן אַרבעט, האָט זי באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוהעלפן דער סעקציע פאַר קאָנטרשפּיאָנאַזש באַם הויפּטשטאַב פון דער 24סטער נאָרדאַמעריקאַנער דיוויזיע און שפּעטער באַם הויפּטשטאַב פון דער אַכטער אַרמיי. די באַאַמטע פונעם קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט זײַנען געווען איבערגעלאָדן מיט אַרבעט צוליב דעם באַפעל פון וואַלקערן, שעף פון דער אַכטער אַרמיי, צו פאַרניכטן אַלע פאַרדעכטיקע ציווילע, וואָס וועלן זיך באַווײַזן נאָענט צום פראָנט. אָפּטרעטנדיק, האָט דאָס נאָרדאַמעריקאַנער מיליטער געצווונגען גיין אַף דאָרעם די באַוווינער פון אַלע שטעט און דערפער. מען האָט אָבער באַלד מוירע באַקומען, אַז צפון־קאָרעיִשע אַגענטן, דורכגעריסענע דורך דער פראָנטליניע, וועלן זיך אַרײַנרײַסן קיין דאָרעם, אויסגעמישטע מיט דער מאַכנע עוואַקויִרטע, קעדיי צו טאָן סאַבאָטאַזש־אַרבעט אָדער אײַנשטעלן קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. דער נאָרדאַמעריקאַנער קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט האָט דעריבער גענומען שטרענג „איבער׳ניפּן” די עוואַקויִרטע. פליִענדיקע גרופּעס קאָנטרשפּיאָנאַזש־אַגענטן האָבן גענומען אַקטויִרן אַף אַלע שאָסייען און באַם אַרײַנפאָר אין אַלע שטעט און דערפער. די ערשטע צײַטן, איז יעדער איינער וואָס האָט דערוועקט דעם מינדסטן כשאַד, אָפּן אָרט און אָן שום אויספרעג ליקווידירט געוואָרן. נאָר אַזוי ווי די מאַסן־אויסראָטונג פון די פאַרדעכטיקטע, אָן אויספרעג, האָט די מינדסטע יעדיִע ניט פאַרשאַפט איבער דעם סויגעס אויסשפּיר־טעטיקייט, האָבן אַלע פליִענדיקע גרופּעס באַקומען אַ באַפעל אַוועקצופירן די מער פאַרדעכטיקע אין די קאָנטרשפּיאָנאַזש־סעקציעס באַ די מיליטערישע טיילן. און די סעקציעס, ווידער, האָבן שוין איבערגעשיקט צום קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט פונעם הויפּטשטאַב באַ דער אַרמיי יענע וואָס האָבן אויסגעזען פאַרדעכטיק קעדיי מיט זיי זיך צו פאַרנעמען. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן טאָג ווי נאַכט אַף אויסצופרעגן די אַרעסטירטע. מען האָט זיי געבראַכט אָן אַן אויפהער.

פאַרן אויספרעגן פלעגט מען טייל אַרעסטירטע אײַנשפּריצן אַזעלכע ספּעציעלע פּרעפּאַראַטן: אַמיטאַל און פּענטאָטאַל. געזאָגט האָט מען אונדז אַז די פּרעפּאַראַטן, וואָס ווירקן פּסיכיש, נוצט מען אין נאָרד־אַמעריקע בעייסן אויספרעגן קעדיי די אַרעסטירטע זאָלן זיך וואָס גיכער

מוידע זײַן. נאָר די נאָרדאַמעריקאַנער פּרעפּאַראַטן האָבן אַף די קאָרעער געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג. מיר האָבן ליבערשט געניצט באַם אויספרעגן פאַרשטאַרקטע טראַדיציאָנעלע מעטאָדן, מיט וואַריאַציעס לויט יעדן פאַל באַזונדער.

די גרעסטע דערפינדערישקייט אַף דעם געביט האָט אַרויסגעוויזן דער דאָקטער. שטענדיק אַ קאָרעקטער, אַ צערעמאָניעזער, פלעגט ער זײַן ראַפינירטע העפלעכקייט אַוועקלייגן אָן אַ זײַט באַם אַרײַנגיין אין דער צעל, ווו ער פלעגט פירן דעם אויספרעג מיט דער הילף פון דרײַ טעכנישע געהילפן: דרײַ נאָרדאַמעריקאַנער סערזשאַנטן. קיין איינער פון די אויסגעפרעגטע איז פון דער צעל נישט אַרויסגעגאַנגען אַף די אייגענע פיס. האַש־האַש פלעגט אויספרעגן בלויז פרויען, און אויך ער איז געווען זייער דערפינדעריש. די דאָזיקע אַרבעט פלעגט אונדז דער־שעפּן און מיר האָבן זיך געמוזט מונטערן מיט כיראָפּאָן און ציגאַרעטן מיט העראָינאַ דורכגעזאַפּטע. נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, ווען מיר האָבן אויסגעפרעגט צענדליקער אַרבעטער און אַרבעטער־פרויען פון דער שטרי־קער־פאַבריק ״אין טאַעגו, פאַרדעכטיקטע אַז זיי העלפן די פאַרטיזאַנער און זיי ליקווידירט טייקעף נאָכן אויספרעגן, האָט מיר האַש־האַש געזאָגט:

— איצט קעמפן מיר קעגן די צאָפן־קאָרעער אַף צוויי פראָנטן: דעם טעריטאָריאַלן און אונדזערן, דעם אויסראָטונגס־פראָנט. אַפן טערי־טאָריאַלן פראָנט גייט זייער שלעכט, דערפאַר אָבער קוויטעווען מיר זיך אָפּ אַף דעם צווייטן פראָנט.

— פאַראַן נאָך אַ דריטער פראָנט — האָב איך מיך אָנגערופן — דער לופט־פראָנט. אויך אַף דעם פראָנט קוויטעווען מיר זיך אָפּ.

— דער לופט־פראָנט איז אויך אַן אויסראָטונגס־פראָנט. אונדזערע מאַסן־באָמבאַרדירונגען, וואָס ראָטן אויס די באַפעלקערונג אינעם הינ־טערלאַנד, זײַנען מער שטראָף־אָפּעראַציעס איידער מיליטערישע.

.3

געגאַנגען איז בעעמעס גאַנץ שלים אַפן טעריטאָריאַלן פראָנט. צוויי כאַדאָשים זײַנען שוין פאַריבער זײַט מיר האָבן אָנגעהויבן די אָפּעראַ־ציעס. איצט האָבן מיר פאַר זיך ניט דעם יאַלו, נאָר דעם נאַקטאָנגאַן; הינטער אונדז דעם קאָרעער גאָלף.

די גאַנצע אַרבעט פון אונדזער געזעלשאַפט פאַר היסטאָרישן שטור־דיום האָט צו גאָרנישט ניט גענוצט. ראָבערטס האָט ווידער שלעכט גע־צילט. די טאַיהאַן־דיוויזיעס וואָס ער האָט זיי געמושטערט און אַזוי גע־לויבט, האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן דעם ערשטן קלאַפּ צוריק.

פאַרוואָס האָט דער פראָנט אַזוי שנעל געקראַכט? די הויפּט־אורזאַך איז באַשטאַנען דערין וואָס די פּאָזיציעס פון קים סוג־וואָנס און טשאַיע ביונג־דוקס מיליטער זײַנען געווען גענוג שטאַרק אַף דער ערשטער ליניע,

אָבער נישט גענוג טיף. די צען דאָרעם־קאָרעיִשע דיוויזיעס, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט אין שלאַכט אינעם פאַרטאָג פונעם 25טן יוני, זײַנען נישט צוגעגרייט געווען צו דעפענסיווע אָפּעראַציעס און נאָר אַף צו דערלאַנגען אַ פּלוצימדיקן צעשמעטערנדיקן קלאַפּ. מיר אַלע, פונעם „שאָגון" מיט די פינף שטערן פון כיביאַ ביז דעם לעצטן פּאָרוטשיק פון טאַיהאַן, זײַנען געווען טיף איבערצײַגט, אַז דער סוינע, אַן אומגעריכט־איבערגעפאַלענער, וועט ניט אויסהאַלטן דעם קלאַפּ און וועט אַפן שטעל בלײַבן נאָק־אַוט.

באַם אַרויסלאָזן זיך אין אַטאַק, האָט די דאָרעם־קאָרעיִשע קאָמאַנדע מיט איין מאָל אַרויסגעפירט קימאַט אַלע אירע גרונט־קויכעס אַף די ערשטע שטאַפּלען קעדיי זיי צו געבן דעם מאַקסימום אימפּעט. דער אָנהייב איז דערום געווען אַ גוטער. די אַרטילעריע־צוגרייטונג איז געווען נישט גענוג לאַנג: מען האָט געמוזט וואָס פריִער זיך וואַרפן אַפן סוינע. און ווי נאָר די דאָרעם־קאָרעיִשע דיוויזיעס האָבן געקרייצט די ליניע פונעם פּאַראַלעל, האָבן זיי זיך געוואָרפן פאָרויס אַף די זאָנעס פון כאַדין, קומטשאָן און טשאַרוואָן. פאַר זיך האָבן זיי געזען נישט מער ווי עטלעכע קליינע דעסטאַקאַמענטן צאָפן־קאָרעיִשע גרענעץ־וועכטער. די דאָזיקע דעסטאַקאַמענטן האָבן גענומען אָפּטרעטן, און דאָס דאָרעם־קאָרעיִשע מיליטער, שוין אַף דער טעריטאָריע פון צאָפן־קאָרעע, האָט אַרײַנגעדרונגען עטלעכע קילאָמעטער. נאָר דער ריטם פון דער אָפענסיווע האָט באַלד גענומען פאַלן צוליבן צאָרנדיקן ווידערשטאַנד פון צאָפן־קאָרעיִשע גרענעץ־וועכטער און, אָנשטאָט צו וואַרפן זיך אין אַטאַק אָנהאַלטנדיק ביזן סאָף די טעאָריע פון בליץ־קלאַפּ, זײַנען די דאָרעם־דיוויזיעס שטיין געבליבן דאָרט ווו זיי זײַנען צוגעקומען און געוואַרט ביז עס וועט אונטערקומען זייער שווערע אַרטילעריע. אָט די אָפּשוואַכונג פונעם אַוואַנסריטם איז געווען פאַטאַל. עס האָבן גענומען אונטערקומען טיילן פון דער צאָפן־קאָרעיִשער אַרמיי און אַפן שטעל פאַרפירט דעם קאַמף אין פאַרשיידענע סעקטאָרן. גיך איז צונישט געוואָרן די גאַנצע אייבערהאַנט פון דעם פאַקטאָר סורפּריז. מען האָט געגעבן דעם סוינע די מעגלעכקייט צו זיך צו קומען און אָנהייבן פונאַנדערוויקלען זײַנע קויכעס. דרײַ שאָ נאָכן ערשטן איבערפאַל, איז דער אַוואַנס פון דעם דאָרעם־קאָרעיִשן מיליטער פאַרהאַלט געוואָרן און באַלד האָט ער גענומען אין אייניקע סעקטאָרן אָפּטרעטן. דער סוינע האָט שנעל פאַרשטאַרקט זײַן דרוק און איז אַריבער אין אַ קאָנטראַטאַק. די קאָנטראַטאַקן זײַנען גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלגעמיינעם קעגן־קלאַפּ. און דעם קעגן־קלאַפּ האָט דאָס דאָרעם־קאָרעיִשע מיליטער נישט אויסגעהאַלטן. מען האָט דעם געלערנט נאָר איין זאַך: איבערפאַלן אומגעריכט, צעקלאַפּן דעם סוינע מיט איין־איינציקן קלאַפּ און שנעל אַוואַנסירן, נאָר מען האָט דעם נישט געלערנט זיך פאַרטיידיקן.

און דעמאָלט האָט דער סוינע געשטעלט אין קאָן זײַנע טאַנק־אָפּטיילונגען. זיי האָבן זיך אַרײַנגערוקט אין די ליניעס פונעם טאַיהאַנער מיליטער, האָבן געבילדעט עטלעכע קלינעס און אַלץ מער און מער צו נישט געמאַכט דעם מעכאַניזם פון דער שלאַכט. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנטראָפּענסיווע פון די צאָפּן־קאָרעער. די דאָרעמדיקע זײַנען צוריקגעטראָטן נאָך שנעלער און ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו זייערע אַרויסמאַרש־פּאָזיציעס אַף דער ליניע פונעם פּאַראַלעל, האָבן זיי זיך שוין נישט געקענט באַפעסטיקן אַף איר. די צאָפּן־קאָרעער זײַנען געגאַנגען ווײַטער: אין מײַרעוו אַף סעול; אינעם צענטער צו טשונטשאָנג און באַם מיזרעך־ברעג צו קאַנון.

אַפן צווייטן טאָג איז שוין די קאָנטראָפּענסיווע פון די צאָפּן־קאָרעער אַפן גאַנצן פראָנט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּעראַציע פון יאָגן דאָס דאָרעם־קאָרעיִשע מיליטער.

אַפן סאָף פון דער ערשטער וואָך, זײַנען פון די צען דיוויזיעס, וואָס ראָבערטס האָט געשאַפן, פאַרבליבן נישט מער ווי דרײַ. אין דער עמעסן, איז די מילכאָמע שוין געווען פאַרענדיקט. נאָר נישט געענדיקט האָט זי זיך דערפאַר וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע מילכאָמע: די נאָרדאַמעריקאַניש־קאָרעיִשע.

מאַק־אַרטור האָט אַרויסגעשיקט אַף קאָרעע די בעסטע דיוויזיעס, דעם שטאָלץ און רום פון דער נאָרדאַמעריקאַנישער אַרמיי: די ערשטע מאָטאָ־מעכאַניזירטע דיוויזיע, די ערשטע וואָס האָט אין פעברואַר 1945 די ערשטע זיך אַרײַנגעריסן אין דער ברענענדיקער מאַנילאַ. פאַר אָט דער העלדישער טאַט, האָט מאַק איר אָפּגעגעבן דעם קאָוועד צו זײַן די ערשטע אַרײַנצוקומען אין דער הויפּטשטאָט פון דער יאַפּאַנישער אימפּעריע נאָך דער קאַפּיטולאַציע; די 25סטע דיוויזיע, וואָס האָט גענומען דעם אינדזל לוזאָן און האָט צעקלאַפּט דאָס מיליטער פון יאַמאַשיטאַ, פון אונדזער בעסטן סטראַטעג; די 2טע דיוויזיע, באַרימט מיט איר אַראָגאַנטן דעוויז: „די צווייטע וואָס איז קיינמאָל ניט די צווייטע". געווען איז זי די ערשטע וואָס האָט זיך אַרויסגעזעצט אין נאָרמאַנדיע, די ערשטע וואָס איז אַרײַן אינעם האַפן ברעסט, די ערשטע וואָס איז געקומען קיין בעהמען; די 7טע דיוויזיע, וואָס האָט גענומען די אינדזלען אַטטו, קוואַדיעלין, עניוועטאָק און לעיטע; די 24סטע דיוויזיע, וואָס האָט נאָכן זיג אַף די פיליפּינען, באַקומען דעם נאָמען: „דיוויזיע פון ניצאָכן". און, צום סאָף, די ערשטע דיוויזיע פלאָט־אינפאַנטעריע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין גוואַדאַלקאַנאַר און אין אָקינאַוואַ. בעיס דער פּאַציפיק־מילכאָמע האָט די דיוויזיע באַקומען 18.337 פּורפּור־הערצער און געשלאָגן דעם רעקאָרד פון אויסצייכענונגען. די אַלע דיוויזיעס פאַרנעמען אין דער נאָרדאַמעריקאַנער אַרמיי דעם

זעלביקן אָרט ווי עס האָבן אין אונדזערע פּאַרנומען אין זייער צײַט די דיוויזיעס פון דער גוואַרדיע, פון קומאַמאַטאָ און פון קאַנאַצאַוואָ.

מען האָט געשיקט קיין קאָרעע די בעסטע גענעראַלן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער אַרמיי. וואַלטאָן וואַלקער, באַרימטער שעף פונעם צוואַנציקסטן אַרמיי־קאָרפּוס, וואָס איז געגאַנגען פון נאָרמאַנדיע ביז עסטרײַך. פּעטאָן אַפילע האָט זײַן רום מעקאַנע געווען; כאָבאַרט גײַ, דער וואָס איז געווען שעף פון פּאַטאָנס הויפּטשטאַב; ווילּיאַם קין, געוועזענער שעף פון דער 1טער אַרמיי; לאָורענץ קייזער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין צאָפן־אַפריקע און, אָפן סאָף, ווילּיאַם דיק, וואָס אַ דאַנק אים איז די 24סטע דיוויזיע געוואָרן די „דיוויזיע פון ניצאָכן".

און אָט די דיוויזיעס, די בעסטע פון נאָרדאַמעריקע, און אָט די גענעראַלן, די בעסטע פון נאָרדאַמעריקע, טראַכטן איצט נאָר פון איין זאַך: ווי אַרום ניט אַרײַנצופאַלן אין יאַם אַרײַן פון דעם פּוסאַנער שפּיץ.

זיי האָבן געיאָגט די דײַטשן אין אַפריקע און אין אייראָפּע, אונדז האָבן זיי באַזיגט אָף די פּאַציפיק־אינדזלען, נאָר אוממעכטיק זײַנען זיי אָפן האַלב־אינדזל קאָרעע. וואָס פּאַסירט דאָ?

דער הויפּטשטאַב־שעף פון די יאַבאַשע־קויכעס, קאַלינס, און דער הויפּטשטאַב־שעף פון די לופט־קויכעס, וואַנדענבערג, זײַנען שוין געקומען מיט אַן אַוויאָן פון וואַשינגטאָן און געשטעלט מאַכן די זעלבע פראַגע: וואָס פּאַסירט דאָ?

פאַר אַלעמען האָט מען גענומען זוכן די שולדיקע. מיט ביזאָיען האָט מען אַראָפּגעזעצט ראָבערטס פאַרוואָס ער האָט די דאָרעם־קאָרעער געלערנט בלויז די קונסט פון אָנפאַלן אומגעריכטערהייט און נישט די קונסט פון מילכאָמע האַלטן מיט אַן עמעסן און, איבערהויפּט, די קונסט איבערצוגיין פון אָנפאַל צו פאַרטיידיקונג. אין „צוצווזשו" און אין פעכטן יוערט די קאַטעגאָריע באַשטימט גראַד לויט דעם גראַד פעיִקייט שנעל איבערצוגיין פון אָנפאַל צו פאַרטיידיקונג.

דערנאָך האָט מען אַראָפּגענומען דעם אַדמיראַל הילינקעטער, הויפּטשטאַב־שעף פון דער צענטראַל אָנפירונג מיט דעם אויסשפּיר־אַמט פון די פאַראייניקטע שטאַטן דערפאַר וואָס ער האָט פאַרזיכערט מאַכן: „די צאָפן־קאָרעער קענען זיך ניט שלאָגן. קומט!" אָף זײַן אָרט האָט מען אָוועקגעשטעלט דעם גענעראַל בעדעל סמיט, געוועזענער געזאַנדטער אין מאָסקווע און פריִער שעף פון אייזנהאָווערס הויפּטשטאַב.

באַקומען האָט אויך זײַן ערלעך אויסקומעניש דער קריגס־מיניסטער, דזשאָנסאָן, פאַר דער לעכערלעכער לאַגע אין וועלכער עס זײַנען אַרײַנגעפאַלן די געקליבנסטע דיוויזיעס פון נאָרדאַמעריקע, וואָרעם די „דיוויזיע פון ניצאָכן" איז אין טאָידען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „דיוויזיע פון מאַפּאָלע".

ניט געריררט האָט מען בלויז מאַקן. בעיס דער פריִערדיקער מיל־כאָמע האָט מען אים מויכל געווען די פּלייטע פון באַטאַאַן, און דאָס מאָל האָט מען אים ווידער אַלץ מויכל געווען: די מאַפּאָלע פון דער דאָרעם־קאָרעער אַרמיי און די מאַפּאָלע פון טאַידען.

דאָס שרעקלעכסטע איז וואָס דער פּלאַן גופע איז דורכגעפאַלן. ווער האָט דאָס געקענט דערוואַרטן, אַז די מאַפּאָלע זאָל קומען שוין אַפן ערשטן עטאַפּ פון די אָפּעראַציעס?

סעול האָט מען פאַרלאָזט אין אַזאַ איַילעניש, אַז ס׳איז אַפילע קיין צייַט נישט געווען צו פאַרברענען די וויכטיקסטע דאָקומענטן. די צאָפן־קאָרעער האָבן פאַרכאַפּט אַלץ וואָס עס איז געווען אין די איַיזערנע קאַסעס פון טשאַיִע בען־דעק, שעף פון צענטראַלן הויפּטשטאַב, און פון סין סונג־מאָ, קריגס־מיניסטער. טאָג נאָך טאָג דרוקן איצט די צאָפן־קאָרעער צייַטונגען די פאַרטרוילעכסטע דאָקומענטן בענעגייִע די איבער־פאַל־פּלענער אַף צאָפן. דערין אויך די וואָס אונדזער גרופּע האָט אויס־געאַרבעט.

.4

איך וועל אַמאָל אויפקומען, וועל איך מיך דורכשמועסן וועגן אונ־דזערע איַינדרוקן מיט קאַוואַבע, איִאיִ, יאַמאַאָקאַ און די אַנדערע און, נאָכדעם ווי איך וועל רעזומירן אַלע אָנמערקונגען, וועל איך זיי אַרויס־לייגן מיט אַלע פּראָטים.

איצט שרייַב איך פון דער האַנט. איך מאַך עס שנעל. ס׳איז איצט נישט קיין צייַט אַף מאַכן ליטעראַטור. ווען די לאַגע וועט זיך פאַרבע־סערן, וועל איך מיך אַף די זאַכן לענגער אָפּשטעלן; איצט באַגרענעץ איך מיך אַף צו מאַכן קורצע פאַרצייכענונגען.

עס האָבן זיך מיטאַמאָל אַרויסגעוויזן אַ סאַך כעסרוינעס אין דער נאָרדאַמעריקאַנער אַרמיי. די כעסרוינעס האָט מען נישט אַרויסגעזען אין דער פריִערדיקער מילכאָמע, ווען די נאָרדאַמעריקאַנער זייַנען מערסטנס נאָכגעלאָפן די דייַטשן און ווען מאַקס מיליטער האָט גענומען איינעם נאָכן צווייטן די אינדזלען, ווו אונדזערע גאַרניזאָנען האָבן נישט געהאַט קיין טאַנקען און קיין אַמוניציע.

איך וועל נישט ריידן וועגן אַלע כעסרוינעס, וואָרעם איך וויל ניט מאַכן קיין פּריצייַטיקע אויספירן. איך וועל מיך באַציִען בלויז דערויף וואָס איך האָב געזען מיט מייַנע אייגענע אויגן.

אַפן וועג פון טאַידען קיין טשאַנאַן האָב איך געזען „באַזוקאָס" און מעטראַליִעס אַוועקגעוואָרפענע אַפן שאָסיי. אַוועקגעוואָרפן האָבן עס די זעלנער פון דער 24סטער דיוויזיע קעדיי אַף וועלכן עס איז אויפן העכערן די שנעלקייט פון די לאַסט־אויטאָס, וואָס זייַנען אַנטלאָפן צו דאָרעם־צו.

די פּאַניק האָט זיך אָנגעהויבן אין טאַידען ווי נאָר עמעצער האָט אַרויסגעבראַכט דעם קלאַנג, אַז צאַפּן־קאָרעער טאַנקען האָבן זיך באַוויזן פון הינטן. די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט צו זייער אייגענעם גורל די דאָרעם־קאָרעער טיילן. די ערשטע צום אַנטלויפן זײַנען געווען די טאַנקען, נאָך זיי איז געלאָפן די אַרטילעריע.

איך ווייס אַז די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן זיך גוט געשלאָגן אין גוואַדאַלקאַנאַר, אַף די פיליפּינען און, איבערהויפּט, אין אָקינאַוואַ. די 24סטע דיוויזיע האָט איר נאָמען פאַרדינט נאָך דער אַרויסזעצונג אין לעיטע. וואָס־זשע פּאַסירט דאָ?

פאַרוואָס האָבן די נאָרדאַמעריקאַנער אַרויסגעוויזן זייערע שוואַכע זײַטן אין קאָרעע? פאַרוואָס האָבן זיי מוירע זיך צו שלאָגן קערפּער צו קערפּער מיט דעם סוינע? פאַרוואָס האָבן זיי מוירע פאַר באַנאַכטיקע שלאַכטן? פאַרוואָס האָבן זיי מוירע פאַר די יעדיעס, אַז זייערע פלאַנקען זײַנען באַדראָט? די רעטאַגוואַרד־שלאַכטן גיט מען געווײנלעך איבער די נעגער־אָפּטיילונגען אָדער די טאַיהאַנער און מען לאָזט זיי איבער אַף זייער אייגענעם גורל.

די אַנטיטאַנקען־„באַזוקאַס" זײַנען אַ ווילע זאַך. מיט די דריט־האַלבן־צאָליקע קען מען צעקלאַפּן אַ טאַנק און, נאָך בעסער, מיט די פערטהאַלבן־צאָליקע. נאָר שיסן דאַרף מען ווען דער טאַנק איז גאָר נאָנט. און די נאָרדאַמעריקאַנער טאַנקען־יעגער, ווען זיי זעען אַז עס גייט אַף זיי שנעל אַן איבערפאַל־וואָגן, וואַרפן זיי אַוועק די „באַזוקאַס" און הייבן אויף די הענט. די „באַזוקאַ" איז גוט נאָר דעמאָלט ווען זי איז אין גוטע הענט.

מען זאָגט אַז די צאָפּן־קאָרעער זײַנען שטאַרק געפעלן די „באַזוקאַס" וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט.

לויט מײַנע פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען, האַלט עס אויך ניט אַזוי גוט בענעגייע דער מאָראַל. אין דער פּאַציפיק־מילכאָמע האָט צווישן די נאָרדאַמעריקאַנער זעלנער, וואָס האָבן זיך געפונען אַף די דאָרעם־אינדזלען, אַן עמעסן כורבן אָנגעמאַכט אַ קראַנקייט, וואָס מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן „אַנאַנאַס־מעשוגאַס". פּלוצים האָבן זיי גענומען באַגיין נאַרישקייטן, ווייִנען, אַרײַנשיסן זיך קוילן אין די הענט, זעלבסטמאָרד באַגיין. די קראַנקייט פלעגט צומאָל פאַרכאַפּן גאַנצע פּלוטאָנען און ראָטעס. די קראַנק־געוואָרענע טיילן פלעגט מען מוזן אײַנשטילן מיט מעט־ראַליעס.

אין קאָרעע זײַנען אַ סאַך נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן און זעלנער קראַנק געוואָרן אַף דער „רײַז־מעשוגאַס". און אָט־די „רײַז־מעשוגאַס" פאַרשאַפן ניט נאָר די רעגולערע צאָפּן־קאָרעישע טיילן, נאָר אויך די פּאַרטיזאַנער. פּאַק טשאַ־דיאָנג האָט מיר דערציילט וועגן אַ נאָרדאַמעריקאַנער קאָלאָנעל וואָס האָט דערקלערט פאַר אַ קאָרעספּאָנדענט: „עס

איז אומגלויבלעך! דאָ שיסן די בערג, עס שיסן די שטיינער, עס שיסן די קוסטעס, עס שיטן אַפילע די ווילדע אָרכידייען פון די טאָלן".

אין דאָרעם פון טשונאָן האָב איך געזען ווי נאָרדאַמעריקאַנער אָפּיצירן, באַפאַלענע פון היסטעריע, האָבן זיך געוואַלגערט אינעם שטויב אַפן שאָסיי. מען האָט זיי מיט קוילן פאַרענדיקט פון אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס איז דאָרט פאַרבײַגעפאָרן. איך האָב געזען ווי אַ גאַנצע ראָטע האָט גענומען לויפן אַף אַלע זײַטן, ווען מען האָט פּלוצים גענומען שיסן אַף זיי פון אַ וואַלד. און טייל זעלנער זײַנען געבליבן אַפן שאָסיי מיט די אָרעמס אין דער הייך אויפגעהויבן. נאָר קיינער איז נישט צוגעקומען זיי נעמען געפאַנגען. די נאָרדאַמעריקאַנער זײַנען אַ ווײַל אַזוי געשטאַנען, דערנאָך האָבן זיי פאַרייכערט ציגאַרעטן און זײַנען ווײַטער געגאַנגען זייער וועג.

איך, אַ זעלנער פון דער יאַפּאַנישער אַרמיי, וואָס האָב מיך פיל מאָל געשלאָגן אַקעגן זיי, האָב קיין רעכט ניט אָנצורופן פאַכדאָנים די נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן און זעלנער. וואָס־זשע פאַסירט איצט, דאָ?

אַלע נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן און זעלנער, מיט וועמען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן, לייגן זייערע האָפענונגען דערויף אַז האַרי און מאַק וועלן זיי גיך צושיקן די באָמבע „אַ" און די באָמבע „ה". דערויף האָפן זיי. אַלע זאָגן זיי, אַז די דופּאָנט קאָמפּאַני בויט שוין אין קאַליפאָרניע אַ פאַבריק פון הידראָגען־באָמבעס. אויך ריידן זיי וועגן אַ קאָלאָנעל פינקס, שעף פונעם אַרמיי־אינסטיטוט, וואָס האָט דערפונדן קעפּקעס פון „נײַלאָן" און פּאַנצערס פון אַ פּלאַסטישן שטאָף, וואָס קיין שום קויל קען אים ניט דורכשיסן. און זיי וואַרטן אומגעדולדיק אַף די קעפּקעס און אַף די פּאַנצערס.

דער אונטערצי: זיי לייגן זייערע האָפענונגען אַף אַ וווּנדער־געווער און ניט אַף זייער קעמפערישן גײַסט און ניט אַף זייער קונסט פון קאַמף.

אַ סאַך אָפיצירן און זעלנער טראָגן אַ ווײַס טיכל אין דער ברוסט־קעשענע, דאָרט ווו די יאַפּאַנישע קריגער טראָגן געוויינלעך דאָס זעקעלע מיט דער קאַמייע. בעדערעך קלאַל נוצן זיי עס ניט. דאָס טיכל האָט אַ ספּעציעלע באַשטימונג: דאָס דינט זיי צום פאָכען דערמיט אינעם פאַסיקן מאָמענט ווי אַ צייכן אַז זיי גיבן זיך אונטער.

און אייערנעכטן האָב איך געזען אַ פולשטענדיק אויסגעשטאַטן פליער פאַרן פליען. געטראָגן האָט ער אַ לעדערנעם רעקל מיט עטלעכע צוגענייטע זאַמשענע פאַסן. אַף די פאַסן האָט מען געקענט איבערלייענען אין פיר שפּראַכן — אין קאָרעיש, כינעזיש, יאַפּאַניש און מאַנטשו — די ווערטער: „איך בין אַ נאָרדאַמעריקאַנער פליער. האַרגעט מיך ניט. פירט מיך ווו עס איז פאַראַן צו עסן און צו טרינקען".

די נאָרדאַמעריקאַנער רופן די קאָרעער „גוקס". די זעלנער לערנט מען: „די „גוקס" זײַנען ניט קיין מענטשן. לינטשט זיי ווי די לײַז".

די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן שטאַרק מוירע פאַר די פּאַרטיזאַנער,

באַזונדער האָבן זיי מוירע פאַר די סאַבאָטאַזש־גרופּעס. די דאָזיקע גרופּעס רײַסן זיך אַרײַן באַנאַכט אין די ייִשובֿים אַריבער דער שוץ־ליניע און באַפאַלן מערסטנס די הויפּטשטאַבן. זיי אַרבעטן אין דער שטיל, נוצן בלויז קאַלט געווער און ווערן צעשווומען ווי אַ רויך. און שטענדיק פאַלן זיי אָן פון אַן אומגעריכטן אָרט. דאָס באַווײַזט, אַז זייער אויסשפּיר־דינסט אַרבעט אַף אַ מוסטערהאַפטן אויפן. לויט דער מיינונג פון דעם גענעראַל־לייטענאַנט וואָלקער און פון דעם קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט, דאַרפן אַלע ציווילע קאָרפּער, וואָס געפינען זיך אין דער זאָנע וואָס איז אָקופּירט פון די נאָרדאַמעריקאַנער, באַטראַכט ווערן ווי מיטשולדיקע מיט־אַרבעטער — פּאַסיווע אָדער אַקטיווע — פון די פּאַרטיזאַנער. קעדיי זיך צו שיצן קעגן די פּאַרטיזאַנישע איבערפאַלן ווענדן דעריבער די נאָרד־אַמעריקאַנער אָן פּרעווענטיווע מיטלען צו יעדן וואָס וועקט אַ כשאַד.

יענע וואָך, האָט האַש־האַש, פאָרנדיק מיט מיר אין אַן אויטאָ אין דאָרעם פון עגוואַן, דערזען דרײַ דאָרפישע מיידעלעך, וואָס זײַנען איינע הינטער דער צווייטער געגאַנגען איבער אַ סטעזשקע. געטראָגן האָבן זיי אַפן קאָפּ ליימענע שיסלען אין וועלכע מען וואַשט וועש, און פלאַכע קיישלעך. האַש־האַש האָט זיי באַפוילן צוקומען נעענטער. אויסגעזען האָבן זיי זיבן־ אָדער אַכט־יאָריקע. געפרעגט האָט ער זיי וווהין זיי גייען. ווען זיי האָבן אים געענטפערט, אַז זיי גייען צו זיך אַהיים אין דאָרף, וואָס ליגט אַף דער אַנדער זײַט באַרג, האָט האַש־האַש אַרויסגענומען זײַן פּיס־טויל און האָט זיי איינע נאָך דער צווייטער דערשאָסן. אין דער הייך אַפן באַרג האָט זיך באַוויזן נאָך איין מיידעלע. האַש־האַש האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט דעם שאָס. און נאָכדעם ווי ער האָט מיך באַגריסט פאַר מײַן גוטן צילעווען, האָט ער געזאָגט:

— פאַר די „גוקס” זײַנען דער געשלעכט און דער עלטער אַ מיטל פאַר קאַמופלאַזש.

.5

אי!אי! איז געקומען צו אונדז אַף באַזוך אין טאַעגו. פאַרבראַכט האָבן מיר שמועסנדיק קימאַט די גאַנצע נאַכט. קאַצומאַטאַ און מינע זײַנען צוריק מיט צוויי וואָכן געקומען קיין קאָרעע מיט אַ נײַעם דעסטאַקאַ־מענט, זיי האָבן זיך באַטייליקט אין דער שלאַכט בײַ פּכאָכאַן און ביידע זײַנען זיי דאָרט אומגעקומען. דאָס מאָל זײַנען זיי אַף אַן עמעס גע־שטאָרבן.

אַזוי, הייסט עס, האָט מען אין יאַפּאַן אָפיציעל געמעלדעט די אויס־בילדונג פון אַ פּאָליצייאישן רעזערוו־קאָרפּוס. די קאַוואָנע איז געווען, אַז די טיילן פון אונדזער אַרמיי זאָלן ניט מיט אַן עמעס געשיקט ווערן ביז צום צווייטן עטאַפּ פון די אָפּעראַציעס. נאָר צוליב דער לאַגע האָט מאַק באַשלאָסן שוין איצט צו נוצן גרויסע דעסטאַקאַמענטן אונדזערע. דזינטאַן און מוסאָליני זײַנען אויך געקומען קיין קאָרעע. אַ סאַך עלע־

מענטן פון דאָבאַשיס גרופּע זײַנען אויך אַהער געשיקט געוואָרן. אײַנ־גיכן וועט מען שיקן קיין קאָרעע אַ גאַנצע דיוויזיע פונעם פּאָליצייאישן רע.ערוו־קאָרפּוס.

איאַי האָט מיר געזאָגט, אַז אַף דער באַשטעלונג פון מאַקס הויפּט־שטאַב, אַרבעט איצט די געזעלשאַפט פאַר היסטאָרישן שטודיום אַף אַ פּראָיעקט פון אַן אַרויסגעזעצונגס־אָפּעראַציע. דער אַדמיראַל טאָמאָס ספּרײַג, דער גרעסטער נאָרדאַמעריקאַנער ספּעציאַליסט אין אַרויסזעצונגס־אָפּעראַציעס, איז אָנגעקומען פון טאָקיאָ. דאָס האָט ער אין זײַן צײַט אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון דער „האָסקי״־אָפּעראַציע, דאָס הייסט, די אַרויסזעצונג אין סיציליע, און שפּעטער די אַרויסזעצונגס־פּלענער אין לעיטע און אין אָקינאַוואַ. עפּעס, הייסט עס, גרייט מען. אַלמאַנד, דער הויפּטשטאַב־אָנפירער פונעם העכסטן שטאַף, איז באַשטימט געוואָרן פאַר קאָמאַנדיר פונעם צענטן קאָרפּוס און פאָרט אַרויס קיין קאָרעע. אין קיושי קאָנצענטרירט מען גרויסע גרופּירונגען נאָרדאַמעריקאַניש מיליטער און אָנגעקומען זײַנען אַ סאַך שיפן פונעם 7טן פלאָט־ מען גרייט עפּעס גאָר אַן ערנסטע זאַך. עס איז אוממעגלעך ווײַטער אַזוי צו פאַרבלײַבן אַפן פוסאַנער שפּיץ. דאָס איז גאָר ניט קיין פויגלדיקע לאַגע. די גאַנצע וועלט קוקט איצט אַף טרומאַנען און מאַקן און וואַרט. אָדער זיי מאַכן זיך כאַ־ראַקיריס אָדער זיי מוזן אונטערנעמער אַ מער אַנטשיידענע אָפּעראַציע.

6.

עס איז געראָטן! די אינטשאָנער אָפּעראַציע איז געראָטן. מאַק האָט געזאָגט זײַנע אונטערגעאָרדנטע, אַז די אידעע פון דער אָפּעראַציע האָט אים אינספּירירט די געשיכטע פון דער ענגליש־פראַנצויזישער מילכאָמע אין קאַנאַדע: די אָפּעראַציע דורכגעפירט אין 1759 פון דעם ענגלישן גענעראַל דזשיימס וואָלף, וואָס זײַן מיליטער האָט נאָכן אַרומגיין דעם טײַך סענט לאָורענס, פאַרכאַפּט מיט איין קלאַפּ די שטאָט קוועבעק, דער פעסטער פונקט פון די פראַנצויזן.

אין דער אינטשאָנער אָפּעראַציע האָבן זיך באַטייליקט דער צענטער קאָרפּוס פון דער נאָרדאַמעריקאַנישער אַרמיי, איין ענגלישע בריגאַדע און איין יאַפּאַנישער באַטאַליאָן, געשיצט פון פינף הונדערט אַוויאָנען און דרײַ הונדערט קריג־שיפן, דערין אונדזערע, אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם וויצע־אַדמיראַל מאַעדאַ.

נאָר דער דערפּאָלג איז אין דער זעלבער צײַט אַ דורכפאַל.

דער ציל איז געווען פאַרנעמען סעול אַפן צווייטן אָדער דריטן טאָג קעדיי אַף אַ בליץ־שנעלן אויפן צו איזאָלירן דאָס גאַנצע צאָפן־קאָרעיִשע מיליטער, וואָס האָט זיך געפונען אין דאָרעם, אַרײַנצונעמען עס אין קלעם

און צעשטויבן ביזן לעצטן זעלנער. און אזוי אַרום אַוועקשטעלן אַ פּינטל נאָכן קריג אין קאָרעע, דער ערשטער עטאַפּ פון די אָפּעראַציעס.

דאָך, האָבן מיר שוין אין אינטשאָן געשטרויכלט. און צוקומען צו סעול, האָט באַ אונדז געדויערט קימאַט אַ וואָך צײַט. סעול האָט מען פאַרנומען ערשט צוויי וואָכן נאָך דער אַרויסזעצונג. און דערווײַל האָבן די גרונט־קויכעס פון דער צאָפן־קאָרעיִשער אַרמיי אינעם צענטראַלן טייל פונעם האַלב־אינדזל צײַט געהאַט אַריבערצוגיין קיין צאָפן איבער די ראַיאָנען וואָנזשו און טשונטשאָנג. דער ניצאָכן איז אונדז פון אונטער די הענט אַנטלאָפן.

דער יאַפּאַנישער באַטאַליאָן איז אינגאַנצן אומגעקומען אַרונטער־פאַלנדיק אונטער אַ קרייצפײַער. מוסאָליני איז געפאַלן טויט פון אַן אויפגעריסענער גראַנאַטע. ד״ינטאָן איז ערנסט פאַרוווּנדעט. די גאַסן־שלאַכטן אין סעול האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. ראָבערט האַן האָט מיר געזאָגט, אַז אַ דעסטאַקאַמענט קאָרעער מיידלעך, באַוואָפנטע מיט אַלטע יאַגד־ביקסן, האָט געקעמפט אין סונטשאָן ביז דער לעצטער קויל. קיין איינע פון זיי איז נישט אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

דעם 1טן אָקטאָבער האָט מאַק גערעדט אין ראַדיאָ צו די צאָפן־קאָרעער און זיי פאַרגעלייגט קאַפּיטולירן. קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען. מיט אַכט טעג שפּעטער האָט ער דעם פאָרשלאַג איבערגעכאַזערט. און אויך דאָס מאָל האָט ער קיין ענטפער נישט באַקומען. די אַוויאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן איבער די צאָפן־קאָרעער שטעט דרײַ מיליאָן בלעטלעך, פאַרלייגנדיק זיי אויפצוגעבן זייער אומזיסטן ווידערשטאַנד. קיין שום ווירקונג. די צאָפן־קאָרעער, קענטיק, האָבן באַשלאָסן זיך פאַרלייגן אין די בערג און זיך שלאָגן ביזן סאָף.

## 7.

דעם 15טן אָקטאָבער האָט פּרעזידענט טרומאַן זיך געזען מיט מאַקן אַפן אינד״ל וואַק קעדיי צו באַגריסן דעם העכסטן שעף מיט זײַן ניצאָכן איבער די קאָרעער. אַף דעם פּרעזידענטס פּראַגע מיקויעך דעם העכסטן שעפס פּראָגנאָז, האָט מאַק געענטפערט: „די כינעזער האָבן מוי״ע פאַר דער אַטאָמישער באָמבע. זיי וועלן זיך נישט דערוועגן גיין צו הילף די קאָרעער. ווען אונדזער מיליטער וועט צוקומען צום יאַלו, וועט זיך די פּאַניק פאַרשפּרייטן אין פּעקין און עס וועלן אויסברעכן אומרוען אין גאַנץ כינע. אונדזער קאָמענדיקער צוזאַמענטרעף, מיסטער פּרעזידענט, וועט פאָרקומען אין מוקדען". מאַק האָט באַקומען פונעם פּרעזידענטס הענט אַ פּערטע אָפּצייכענונג מיט לאָרבער־בלעטער.

די קאָרעיִשע פּאַרטיזאַנער האָבן עטוואָס פאַרטונקלט דעם ניצאָכן פון דעם זיגרײַכן קריגסהעלד: דעם 18טן אָקטאָבער האָבן זיי פאַרנומען

זעקס שטעט אינעם רוקן פון די נאָרדאַמעריקאַנער: קאָטשאַן, קומסאַן, טשאַנזשו, מוזשו, סאַמטשו און אולטשין. געווען זײַנען עס זעקס טראָפּנס ביטערניש אינעם טאָסט־בעכער.

8.

סאָפּקאָלסאָף, זײַנען מיר אַרײַן אין פּיאָנגיאַנג, ניט אָפּן דריטן טאָג נאָכן אָנהייב מילכאָמע, נאָר אין פיר כאָדאָשים אַרום. מאַק האָט אַראָפּ־געוואָרפן צווישן סוקטשאַן און סונטשאַן דעם 187סטן פּאַראַשוטיסטן־פּאָלק מיט אַ באַפעל צו פאַנגען די צאָפן־קאָרעיִשע רעגירונג. די אָפּע־ראַציע איז דורכגעפאַלן.

שוין דרײַ טעג ווי מען פירט דורך רייניקונגס־אָפּעראַציעס אין שטאָט: די אײַנוווינער פירט מען אַוועק צו די ברעגעס פונעם טאַעדאָנגאַן און פון דער לופטן צעשיסט מען זיי. איבער די גאַסן פירט מען גרופּעס מיידלעך באַשטימטע פאַרן קלוב פון די נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן.

באַלד פון אָנהייב האָב איך באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז ערגעץ האָב איך עס שוין געזען. איך דערמאָן מיך שוין: פּונקט ווי איצטער, בין איך געווען אינעם נאַנקינער האָפן נאָכדעם ווי מען האָט אים פאַרנומען. אונדזערע זעלנער האָבן אויך אַזוי געפירט די אײַנוווינער צום טײַך און האָבן זיי דערשאָסן, און פּונקט אַזוי האָט מען איבער די גאַסן געפירט גרופּעס כינעזישע מיידלעך געבונדענע. דער אינטערנאַציאָנאַלער קריגס־טריבונאַל אין טאָקיאָ האָט פאַרמישפּעט צו דער טליִע דעם גענעראַל מאַצואי איוואַנע — געוועזענער שעף פון אונדזער מיליטער אין כינע — פאַר דער מאַסן־אויסראָטונג פון דער באַפעלקערונג אין נאַנקין. איצט האָט ער דאָס פולע רעכט צו פאָדערן פון מאַקן אים נאָכן טויט רייני־צוואַשן.

האָש־האָש איז שיר נישט אומגעקומען. פאַרנאַכט האָט מען געגרייט אַ באַנקעט פאַר די נאָרדאַמעריקאַנער אָפיצירן אינעם רעסטאָראַן וואָס געפינט זיך אָף דער טעראַסע פון איינער פון די גרויסע קראָמען אין פּיאָנגיאַנג. מען האָט נישט פאַרבעטן קיין איין יאַפּאַנעזער און קיין איין קאָרעער. ראָבערט האָן, וועלכער טראָגט איצט דעם מונדיר פון אַ קאָ־לאָנעל, האָט זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט. געשען איז אָט־וואָס: אינ־מיטן דעם באַנקעט איז אין זאַל אַרײַנגעקומען אַ יונג קאָרעיִש מיידל, זייער אַ פּיפּיקע, פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ בוקעט בלומען. זי האָט קאָקעטיש אַ שמייכל געטאָן צו די נאָרדאַמעריקאַנער, האָט געענטפערט אָף זייערע באַגריסונגען פאַרנייגנדיק דעם קאָפּ און איז צוגעקומען צו דער עסטראַדע פונעם אָרקעסטער. אַלע האָבן געמיינט, אַז זי וועט זינ־גען. ווי זי איז אַרויף אָף דער עסטראַדע האָט זי פּלוצים אַ געשריי גע־טאָן: „לעבן זאָל דאָס קאָרעיִשע פאָלק!" „אַ טויט די אינטערווענציאָ־

ניסטן!" און אַרויסגענומען האָט זי פונעם בוקעט צוויי גראַנאַטן, איינעם האָט זי געוואָרפן אינמיטן זאַל און דעם צווייטן אין אַ ווינקל. טויטע אָפיצירן זײַנען פאַראַן העכער צוואַנציק און פאַראַן מער ווי פערציק פאַרוווּנדעטע. אַ שפּליטער פון איין גראַנאַט האָט געטראָפן האַש־האַשן אין אַן אויער און האָט אים אַרויסגעריסן אַ שטיק פלייש. דאָס מיידל האָט מען אָנגעיאָגט שוין בײַ די טרעפּ און אָוועקגעפירט אינעם קאָנטרשפּיאָנאַזש־דינסט. נאָך די פאַרשטאַרקטע איבערריידונגס־מיטלען איז זי געשטאַרבן בעייסן אויספרעגן און האָט בלויז איינס איבערגעכאַזערט: „איך בין אַ קאָרעערן".

ראָבערט האַן, העגרי לים און איך זײַנען מיר געגאַנגען אויסגעפינען מענטשן צום רעקרוטירן אינעם אָנדגין־לאַגער, ווו מען האַלט די צאָפן־קאָרעיִשע ציווילע געפאַנגענע און זייערע קרוויווים. מיר האָבן נישט געפונען קיין שטאָף וואָס מען זאָל אים קענען נוצן. דער לאַגער געפינט זיך אונטער דער יוריסדיקציע פון מאַקס מעדיציניִשער סעקציע. פון נאָרד־אַמעריקע איז אָנגעקומען אַ גרופּע מיקראָביאָלאָגן טאָקסיקאָלאָגן דאָ אויסצופּרוּוון נײַע פּרעפּאַראַטן, אײַנגעשלאָסן די וואַקצינעס „8־ו" און „11־ו" פון אונדזער אִישׂאִי. די רעזולטאַטן פון די פּרוּוון זײַנען געווען צופרידנשטעלנדיקע. צווישן אַנדערן האָט מען געזען, אַז נאָך אַן אײַנשפּריצונג פון „11־ו", זײַנען פּרויען, אַף וועלכע מען האָט געמאַכט דעם פּרוּוו, געשטאָרבן 32 סעקונדן שפּעטער ווי די מענער, נאָר די וואַקצינע „8־ו" רופט אַרויס דעם פּאַראַליז פון האַרצן קימאַט 17 סעקונדן פריִער ווי בײַ די מענער. דער מאַיאָר קאַנעט, שעף פון דער סעקציע פאַר ווייסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אינעם לאַגער, האָט בײַ אונדז גענומען אַן אונטערשריפט, אַז מיר וועלן בײַ קיין שום פאַל, קיינמאָל און קיינעם נישט דערציילן וואָס מיר האָבן געזען.

אונדזער גרופּע האָט באַקומען אַ באַפעל זיך נעמען צו דער גרינגטלעכער אַרבעט, דאָס הייסט, צוגרייטן דאָס אַרויסשיקן אַגענטן. מען וועט זיי שיקן אין די באַרגיקע געגנטן פון צאָפן־קאָרעע דאָרט אַרויסצורופן אַן אויפשטאַנד, און אין צאָפן־מאַנדזשוריע, אין דער געגנט פון כאַרבין. צוגעשיקט האָט מען אונדז פון סעול עטלעכע צענדליק מויל־העלדן פון דער דאָרעם־קאָרעיִשער אַנטיקאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אַלע טראָגן זיי אינעם לאַץ אַן אָפּצייכן מיט דער פאָן פון דער „יר־ען".

דער כיראָפּאָן האָט מיר אינגאַנצן צעפּאַטערט די נערוון. נעכטן האָב איך געהאַט אַן אײַנדרוק ווי עמעצער וואָלט אַף מיר געקוקט פון הינטער דער טיר. איך האָב אויסגעשאָסן און האָב שיר ניט געטראָפן אין פּאַק טשאַ־דיאָנג, ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר. מײַן געהילף, דער איבערזעצער, טראָגט איצט אַ מונדיר פון אַ קריגס־קאָרעספּאָנדענט אין דער צײַטונג „שינזע קאַי־שימבון" און אַפּן בײַשפּיל פון ראָבערט האַן,

הענרי לים און אַ סאַך אַנדערע דאָרעם־קאָרעער, רופט ער זיך איצט מיט אַן אַנדער נאָמען: טשאַרלז יאַנאַטאַן פּאַק.

אונדזער מיליטער איז צוגעקומען צום יאַלו, אין דער געגנט פון כעסאַנדין. אינעם מיזרעוודיקן סעקטאָר זײַנען אונדזערע טיילן שוין געהאַט געווען פערציק קילאָמעטער צום יאַלו, נאָר געמוזט האָבן זיי אָפּטרעטן אַכציק קילאָמעטער אַ דאַנק אַ קאָנטראָפּענסיווע פון די צאָפּן־קאָרעער. געקומען זײַנען זיי צו הילף די כינעזישע וואָלונטירן. מאַקאַרטור איז דורכגעפאַלן. די כינעזער האָבן זיך דערוועגט צו הילף קומען די קאָרעער. לויט יעדיעס פון דעם לופט־אויסשפּיר־דינסט, גייען אַ סאַך כינעזער אַריבער דעם טײַך באַנאַכט. האַש־האַש זאָגט, אַז מאַקאַרטור האָט בעדייע צו מעלדן, אַז אַריבערגעקומען זײַנען שוין קיין קאָרעע אַריבער אַכט הונדערט טויזנט כינעזער. ווי עס גייט אין ציפערן, איז מאַק נישט קיין קאַמצן. מיר יאַפּאַנעזער ווייסן עס שוין פון זײַן הויפּטשטאַבס באַריכטן בעיס דער פריערדיקער מילכאָמע.

איך בין איבערצײַגט, אַז די אָנוועזנהייט פון די כינעזער וועט זיך ניט אָפּרופן אויפן גאַנג פון די אָפּעראַציעס. באַם צאָפן־מיזרעוודיקן ברעג קאָרעע וועלן די נאָרדאַמעריקאַנער קענען באַנוצן גרויסע מאָטאָמעכאַניזירטע גרופּירונגען געשטיצט פון מאַסן אַוויאַציע און פלאָט. די כינעזער זײַנען נישט צוגעגרייט צו דער מילכאָמע. זיי וועלן צעקלאַפּט ווערן און דער וועג קיין מאַנדזשוריע וועט בלײַבן אָפן.

אונדזער גרופּע איז צוגעקומען צו סונטשאָן. איצט וועט זי זײַן צוגעשריבן צום הויפּטשטאַב פונעם 1טן מיליטער־קאָרפּוס. פון אַלעם איז צו דרינגען, אַז עס גרייט זיך אַן אָפּענסיווע, דער פינאַל פון ערשטן עטאַפּ אָפּעראַציעס. די קאָרעע־מילכאָמע האַלט שוין באַם סאָף. אינעם הויפּטשטאַב פונעם מיליטער־קאָרפּוס האָט מען שוין אויפגעהאָנגען מאַפּעס פון מאַנדזשוריע.

עס האָט זיך באַקומען אַ געהיימער באַפעל פון מאַקס הויפּטשטאַב: די דיוויזיע וואָס וועט די ערשטע קרייצן דעם יאַלו וועט האָבן דאָס רעכט צוצוגעבן צו איר עמבלעם אַ קאַטשקע מיט זילבער אויסגעהעפט. צום באַפעל גיט ער צו אַ דערקלערונג פון אַן אָריענטאַליסט פונעם הויפּטשטאַב, ווי עס זאָגט זיך, אַז דער נאָמען פונעם טײַך יאַלו שרײַבט זיך מיט צוויי יעראָגליפן: „קאַטשקע" און „געמיזע".

.9

גערופן האָט מיך האַש־האַש. באַ אים אין ביוראָ איז געזעסן אַן אַרעסטירטע קאָרעערקע, פון פיר און צוואַנציק ביז פינף און צוואַנציק יאָר, וואָס איז ענלעך געווען אויף אונדזער קינאָ־אַקטריסע כאַנאַי ראַנקאָ: דאָס זעלבע לענגלעכע פּאָנעם מיט קרומע אויגן. די הענט זײַנען איר צוגעבונדן געווען אויף די קניען.

האַש־האַש האָט מיך אַוועקגענומען אין אַ ווינקל פֿונעם צימער און אַ שעפּטשע געטאָן מיר אין אויער, אײַנהילנדיק מיך אין אַ גערוך פֿון הערבאַ:

— מירן אָנהייבן מאָרגן פֿאַרטאָג.

— איך וועל צוגרייטן מײַנע זאַכן — האָב איך אַ זאָג געטאָן און האָב ניט אויפֿגעהערט קוקן צו דער קאָרעערקע.

געזעסן איז זי אויף אַ שטול קעגנאיבער מיר. אויף איר פּנים האָט מען געזען, אַז זי באַמיט זיך מיט אַלע קוילעס אָנצוהאַלטן אַ רויִקע פּאָזע, נאָר אירע פֿינגער ציטערן גאַנץ אָנזעעוודיק. געטראָגן האָט זי אַן אייראָפּעיִשן אָנצוג פֿון גרויער וואָל, אַ ציכטיקן און אָן איין קנייטש. פֿון אַ קעשענקע האָט בײַ איר אַרויסגעשטעקט אַ געהאָפּטן טיכעלע.

— זי זעט גאָרניט אויס קיין אַרעסטירטע — האָב איך באַמערקט.

— מען קען מיינען אַ וויזיט. רעדסט יאַפּאָנעזיש.

האַש־האַש האָט פֿאַר איר געענטפֿערט:

— לויט אונדזערע יעדיִעס, מוז זי קענען, ווײַל געאַרבעט האָט זי צען יאָר אין אַ יאַפּאַנישער וועב־פֿאַבריק, איצט איז זי אַ סטודענטקע פֿון פּיאָנגיאַנגער קאָנסערוואַטאָריע. ריכטיקער, זי איז עס געווען. איצט איז זי אַן אַרעסטירטע. זי האָט אַן אויסערגעוויינלעכע שטימע: אַ זייער שיינעם רעגיסטער פֿון מעצאָ־סאָפּראַנאָ. באַקאַנט איז אויך, אַז זי איז אַ מיטגליד אין דער אַרבעטס־פּאַרטיי און אַז דעם זומער איז זי געפֿאָרן קיין מאָסקווע מיטן כאָר פֿונעם פּיאָנגיאַנגער קונסט־טעאַטער. צוליב דעם אַלעמען און צוליב נאָך עפּעס, וועט מען זי אינגיכן אַוועקשיקן אויף יענער וועלט. די דאָזיקע יעדיִעס האָבן מיר באַקומען נישט פֿון איר, נאָר פֿון אונדזערע אַגענטן. וואָרעם זי שווײַגט כוצפּעדיק פֿון דער מינוט ווי מיר האָבן זי אַרעסטירט. צוליב אָט דער אומקאָרעקטער האַלטונג אירער וועט זי שטאַרבן ניט מיט איין מאָל: פֿריִער וועט זי אויסשטיין גרויסע פּײַניקונגען.

— אַז זי איז אַ קאָמוניסטקע איז זיכער. — באַקוקט האָב איך זי פֿון אונטן ביז אַרויף. — און, אַ גאַדלענטע דערצו. מען זעט באַלד אַז זי האָט אַ געליבטן. זי האָט זיך נאָך ניט מוידע געווען?

האַש־האַש האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ זײַן טיש, האָט פֿאַרייכערט אַ ציגאַרעט און געבלאָזן דעם רויך דעם מיידל אין פּנים אַרײַן. זי האָט לײַכט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— די עקלהאַפֿטע קאָרעערקע וויל אָנגיין פֿאַר אַ שטומער — האָט רויִק אַ זאָג געטאָן האַש־האַש. — איך האָב שוין אַוועקגעפּאַטערט אויף איר אַ וואָך צײַט. זי רעדט קיין איין וואָרט ניט אַרויס. נאָר געכאַפּט האָט מען זי בײַ דער האַנט, ווען זי האָט אַוועקגעלייגט אַ פּודעלע פּי־ראָקסילין אין קעלער פֿון דעם הויז ווו עס וווינט דער גענעראַל־מאַיאָר מיילבוירן.

— אויב מען האָט זי געכאַפּט באַ דער האַנט, איז עס געגוג —
האָב איך מיך אָפּגערופן. — דאַרף מען קיין צײַט ניט פאַרלירן. פאַר־
ענדיקן מיט איר און שוין. אָדער אַרײַנשיקן זי ערגעץ אין אַ קאַזאַרמע
פאַר אַ צײַט־פאַרטרײַב. דערויף טויג זי.

האַש־האַש האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און דערנאָך אָן אַנטשיי־
דענעם שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— פּאַרטיק. איך דערלויב אײַך דאָס מיט איר צו טאָן... נעמט
זי און צעשנײַדט זי אויף דער העלפט. איר וועט אַזוי אַרום פאַרזוכן קאַ־
רעישן לעבער. — ער האָט די האַנט אויסגעשטרעקט צום יאַפּאַנישן
זעבל, וואָס איך האָב אים געהאַט געשענקט ווי אַ באַווײַז פון אונדזער
קריגס־פרײַנטשאַפט.

איך האָב אויסגעשפּיגן אויפן דיל.

— איך האָב פײַנט פרויען־לעבער.

האַש־האַש האָט אַרויסגענומען פונעם קעסטל זײַן באַליבטן טיש־
צינדער.

— אויב אַזוי וועלן מיר אָנהייבן מיט דער געוויינלעכער פּראָצע־
דור. עפּשער וועט דאָס הײַנט צו עפּעס נוצן און די זינגערן וועט באַ־
קומען לאַשן.

די קאָרעערקע האָט מיט אַ זײַט אַ קוק געטאָן אויפן צינדער און האָט
לײַכט אַ באַוועג געטאָן מיט די געבונדענע הענט.

— זי האָט מוירע — האָב איך איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

האַש־האַש האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דעם צינדער אין טיש און
דאָס קאָל אויפגעהויבן:

— זי האָט מוירע, נאָר זי זאָגט גאָרניט, דאָס געלע מיסט! שוין
אַכט טעג ווי זי מאַכט זיך פאַר אַ נאַרעלע. ווועסטו מיר זאָגן ווי עס
הייסן אַלע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע? דו האָסט וואָס צו זאָגן.
מיר ווייסן, אַז דו ביסט נישט לאַנג צוריק געווען אין נאָוואַל און אַז
דו האָסט אומלעגאַל אָרגאַניזירט אַ גרופּע. און אויך איז אונדז באַקאַנט
דײַן אומלעגאַלער נאָמען. איינער אַ מענטש האָט דיך פאַרראַטן. מען
רופט דיך „זאָיאַ־4".

— פאַרוואָס פיר? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. — און וואָס
מיינט זאָיאַ?

האַש־האַש האָט געהויבן די אַקסלען.

— דאָס מוז זײַן אַ שיפרירטער נאָמען פון דעם אָרגאַניזאַטאָר פון
די אומלעגאַלע גרופּעס אָדער פון דעם טראַנזיט־שפּיאָן. באַ אַ דערשאָ־
סענער פרוי לעבן אַנזשו האָט מען געפונען אַ שיפרירטן באַריכט מיט
דער אונטערשריפט „זאָיאַ־19", און אונדזערע קאָקטשאַנגער אַגענטן האָט
זיך אײַנגעגעבן אויסצוגעפינען, אַז אין שטאָט אָפּערירן צוויי קאָמוניסטן
„זאָיאַ־31" און „זאָיאַ־56".

האַש־האַש האָט געלאָזט פונקציאָנירן דעם צינדער און זיך אַנגע־רופן צו דער קאַרעערקע:

— אַנו דריי זיך אויס מיטן רוקן, מיס שטומע.

דאָס מיידל האָט זיך עטוואָס אומגעדרייט און איך האָב געקענט מערקן, אַז איר אַנצוג, וואָס איז פון פאָרנט אַזוי ציכטיק געווען, איז אָפן רוקן אין אַ סאַך ערטער פאַרברענט און צעריסן. מען האָט אַרויס־געזען דאָס לײַב: דער גאַנצער רוקן איז באַדעקט געווען מיט פאַרגיפ־טיקטע ברי־ווונדן. פאַרשטאַנען האָב איך, אַז האַש־האַש האָט די עט־לעכע טעג קעסיידער אַנגעווענדט צו איר די „טאָטוירונג אַף הייסן״, און עס האָט ניט געהאָלפן.

אַן אויסגעצויגענער און ווילדער געוואַי האָט זיך דערהערט פון אַן עק קאָרידאָר. דערנאָך האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס. דאָרט האָט אויסגע־פרעגט ראָבערט האַן. בעייט דעם אויספרעגן פלעגט ער אָפט אויסשיסן אין דער סטעליע און אין די ווענט. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך ווידער דערהערט דער געוואַי.

איך האָב מיך אויפמערקזאַם אײַנגעקוקט אין דער קאַרעערקע. זי האָט זיך אַ ליפּ אײַנגעביסן, נאָר געבליבן איז זי זיצן אומבאַוועגלעך, נישט אַראָפּנעמענדיק אַן אויג פון האַש־האַשס צעקאַליעטשעטן אויער. די איבערמענטשלעכע געוואַיען האָבן זי ניט אײַנגעשראָקן און ניט פאַר־שאַפט קיין שלוקערץ. נאָר די פינגער האָבן איר געציטערט.

— גענוג שוין פאַרלירן צײַט מיט איר — האָב איך זיך אָפּגערופן און האָב פאַרלאָשן מײַן ציגאַרעט אַף דעם מיידלס האַלדז. זי האָט אַ שוי־דער געטאָן. — פירט זי אַרויס אין הויף, וועל איך אײַך ווײַזן אַ קלאַפּ פון ערשטער קאַטעגאָריע: פונעם אַקסל ביז דער לענד אין דער קרום, מיט איין קלאַפּ.

איך האָב מיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— אַזוי וועלן מיר טאָן — האָט האַש־האַש מאַסקים געווען און אַ וואָרף געטאָן דעם צינדער אָפן טיש. — אַלנפאַלס, זאָגט זי גאָרניט. אײַך אַלעמען, געלע זשאַבעס...

איך האָב מיך אומגעדרייט און געקוקט אַף האַש־האַשן.

— איך מיין ניט אײַך. וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר? — האַש־האַש איז צוגעקומען צו דער קאַרעערקע. — קום, שלאַנג. מען דאַרף מאַכן אַ סאַף מיט דיר.

דאָס מיידל האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט אַ באַוועג געטאָן די צו־געבונדענע הענט זיך דאָס קלייד אויסצוגלײַכן און האָט זיך אומגעדרייט צו דער טיר. זי איז קענטיק בלייך געוואָרן. זי האָט זיך מיט קויעך אַ ליפּ אײַנגעביסן און, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ גענומען גיין נאָך האַש־האַשן. דער נאָרדאַמעריקאַנער האָט זיך אומגעקערט, האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די געבונדענע הענט און אַ שטויס געגעבן צום טיש צו.

— מאַכט זיך ווי זי וואָלט קיין מוירע ניט געהאַט, די צויג! „גוקס" זײַנען נישט מער ווי „גוקס". דאָס זײַנען נישט קיין מענטשן, נאָר ני־דעריקע ברואים, און דערפֿאַר פֿילן זיי ניט.

ער איז צו איר נאָנט צוגעגאַנגען, קימאַט זי באַרירנדיק, מיט אַ פּאַר־קרומט פּאָנעם און אָנגעלאָפֿענע ליפּן. דאָס מיידל האָט אים רויִק אַרײַנ־געקוקט אין די אויגן און דערנאָך אַ קוק געטאָן אַף זײַן אויער. האַש־האַש האָט זי מיט אַ שטויס אין דער ברוסט ווידער אָוועקגעזעצט אַפֿן שטול און זיך אָנגערופֿן צו מיר, אַז צום אומגליק קען מען זי אין דעם מאָמענט ניט אָוועקהאַרגענען. צוויי אָפֿיצירן פֿון דער קאָנטרשפּיאָנאַזש־סעקציע זײַנען ספּעציעל געקומען נאָך איר פֿון נאַנוואָל. דאָרט וויל מען זי אויספֿרעגן און שטעלן אויג אַף אויג מיט אונדזערן אַן אַגענט, עפּשער וועלן זיי זיך עפּעס דערוויסן וועגן דער סאַבאָטאַזש־גרופּע. מאָרגן וועט מען זי אָוועקשיקן אין אַן אויטאָ מיט אַ וואַך קיין נאַנוואָל.

— ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט פֿון עפּעס אַ פּרינצעסן — האָט האַש־האַש צוגעגעבן און קרום אַ קוק געטאָן אַף איר. ער האָט ווידער גענומען דעם צינדער אין דער האַנט. — מיילע, כיראַפּאָן, גייט אַהיים און לייגט אײַך שלאָפֿן. איך וועל אַביסל אונטעררייכערן די פּרינצעסן און וועל אויך גיין שלאָפֿן פֿאַרפֿרי. מען דאַרף זיך אויסשלאָפֿן... איי־דער עס קומט... — ער האָט באַטײַטפֿול אַ פֿינטל געטאָן מיט די אויגן און נאָכגעמאַכט מאַק־אַרטורן. — מאַק וועט קומען מיט אַן אָוויאָן פֿאַר־טאָג און וועט באַפֿעלן: „פֿאָרויס, צום יאַלו! אַף ווײַנאַכטן, יעדערער באַ זיך אין דער היים". דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַ צוזאָג. אין דער עמעסן, וועלן מיר טייקעף אָנהייבן דעם צווייטן עטאַפּ. אונדזער מיליטער־קאָרפּוס וועט גיין דירעקט אַף כאַרבין. און דערנאָך וועט זיך אָנהייבן דער דריטער עטאַפּ: דער דעפֿיניטיווער!

איך האָב אַ ווײַז געגעבן מיטן קאָפּ אַף דער קאָרעערקע.
— זי פֿאַרשטייט יאַפּאָנעזיש.
האַש־האַש האָט זאָרגלאָז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— מען מעג זי שוין האַלטן פֿאַר אַ טויטער. אין נאַנוואָל וועט מען טייקעף באַנוצן אַזעלכע מעטאָדן, וואָס וועלן איר באַם ערשטן אויספֿרעג דעם אָטעם אַרויסלאָזן — לאָרי!

פֿונעם קאָרידאָר זײַנען אַרײַנגעקומען די סערזשאַנטן לאָרי און וועב־נעמייקער, האַש־האַשס אַסיסטענטן, האָבן פֿון זיך די רעקלעך אַראָפּגע־נומען און פֿאָרזיכטיק זיי אַריבערגעלייגט אַף אַן עק טיש.

האַש־האַש האָט ווידער געלאָזט פֿונקציאָנירן דעם צינדער און מיט דער האַנט באַפֿוילן דער קאָרעערקע זי זאָל זיך אויסדרייען צו אים מיטן רוקן. די סערזשאַנטן האָבן זי אָנגענומען פֿאַר די געבונדענע אָרעמס.

— גוט, איך גיי מיר — האָב איך אַ גענעץ געטאָן. — מאָרגן

באַנאַכט וועלן מיר שוין זיכער זײַן באַם יאַלו און מירן אַ זופּ טאָן פון אַ ײַער באַרימטן פלעשל.

האַש־האַש האָט מאַסקים געווען מיט אַ שאָקל פונעם קאָפּ.

— אָן שום טערעץ. און דאָס דריטע גלעזל — אין כאַרבין. און איצט גייט שלאָפן.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער נאָכדעם ווי איך האָב גע־וואָרפן אַ בליק אויף דער קאַרעערקע. געזעסן איז זי מיטן רוקן צו האַש־האַשן און געהאַלטן די אויגן צוגעמאַכט.

מאָרגן גאַנץ פרי וועט זיך אָנהייבן די אַלגעמיינע אָפענסיווע. פון אַלץ איז זיך מעשאַער צו זײַן אַז דאָס מאָל איז דער ניצאַכן אַ געזי־כערטער. מאַק האָט באַשלאָסן דעם באַפעל אַליין צו געבן. ער וויל, אַז די דאָזיקע סצענע זאָל באַשריבן ווערן פון די קומענדיקע היסטאָריקער. דאָס הייסט, ער איז זיכער אינעם דערפאָלג.

יומיאַ כאַטשימאַן, בענטש אים!

*
**

דאָ זײַנען פאַרענדיקט געווען די פאַרצייכענונגען אינעם סונטשאָ־נער געפונענעם העפט, אינעם הויפּטשטאַב פונעם 1טן נאָרדאַמעריקאַנער אַרמיי־קאָרפּוס.

פיאָנג־האָק האָט אויף אַ בלעטל פּאַפּיר אויפגעשריבן דאָס וויכטיקסטע פון די פאַרצייכענונגען און איז געגאַנגען אינפאָרמירן דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב. נאָר דעם שעף איז דער קאָפּ ניט געווען בײַ קיין יאַפּאַנע־זישע העפטן. דער דעסטאַקאַמענט איז אַרויסגעטראָטן פון דער שטאָט, וואָרעם די צעקלאַפּטע טיילן פון די אינטערווענציאָניסטן און זייערע לאַקייען זײַנען אַהינצו אָפּגעטראָטן. פאַרויס זײַנען געלאָפן די טאַנקען און לאַסט־אויטאָס פון דער 1טער נאָרדאַמעריקאַנער קאַוואַלעריע־דיוויזיע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל־מאַיאָר גאַי.

מען וואָלט דאָרט געקענט פאַרהאַלטן דעם סוינע און, אַפּוואַרטנדיק די טיילן פון דער פאָלקס־אַרמיי, אים אָפּשנײַדן דעם וועג אויף צוריק. נאָר דער דעסטאַקאַמענט האָט נישט פאַרמאָגט גענוג קויכעס פאַר אַזאַ אָפּעראַציע. די העכערע קאָמאַנדע האָט באַפוילן דעם דעסטאַקאַמענט שנעל גיין צו דאָרעם־מיזרעך, צו דער קאָקסאַנער געגנט, טיף אינעם סויי־נעס הינטערלאַנד.

דאָס מאָל זײַנען די פּאַרטיזאַנער אַריבערגעפאָרן אין נײַיִנקע „דזשיפּס", דאַדזשעס און סטאַדעבייקערס, און דער שעף פונעם דעס־טאַקאַמענט האָט אויסגעקליבן אַ „דזשיפּ", אין וועלכן ער האָט אַרײַנ־געשטעלט אַ רעאַקטיוון קאַנאָן 7,5. זיי האָבן געמעגט דאַנקען מאַק־אַרטורן!

ווי נאָר מען האָט געגעבן דעם באַפעל זיך צו לאָזן אין וועג, איז אָנגעקומען אַ נײַע פּאַרטיע געפאַנגענע. מען האָט זיי גענומען אָפּן שאָסיי, בײַ דער צאָפּנדיקער הינטערשטאָט. פונעם אויטאָ זײַנען אַרויסגעקומען פינף מענטשן אײַנגעוויקלטע פון די פיס ביזן קאָפּ אין פעלצן און שמאַ־טעס. דער דיקסטער און, קענטיק, דער עלטסטער, האָט מיט אַ קוויטשיקן קאָל אַ מורמל געטאָן: „טעסלים אַלו־יאַרום... אַמאַן". אַלע נאָך אים האָבן צעריסן איבערגעכאַזערט „אַמאַן" און האָבן זיך גענומען בוקן. איינער פון די זעלנער האָט אַרויסגעזאָגט די האַשאַרע, אַז „אַמאַן" מיינט דאָס אייגענע וואָס דער קריסטלעכער „אַמען" און אַז די געפאַנגענע מוזן זײַן אייראָפּעער. די מיינונגען זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיקויעך זייער נאַציאָנאַליטעט. און דער ראַדיאָטעלעגראַפיסט האָט אַרויסגעזאָגט אַזאַ האַשאַרע:

— אויב זיי זײַנען קריסטן, פאַרוואָס ציילעמען זיי זיך ניט און זיי הייבן נאָר די הענט און בוקן זיך?

דער שעף פונעם דעסטאַקאַמענט האָט אַ סאָף געמאַכט צו דער דיס־קוסיע און האָט זיך געווענדט צו אַק־טאַנג:

— פרעג זיי ווער זיי זײַנען!

צו אַלעמענס שטוינען, האָט אַק־טאַנג, אַ צעטומלטע, געשאָקלט מיטן קאָפּ און שולדיק געענטפערט, אַז זייריידן אַ שפּראַך, וואָס איז פאַר איר אַבסאָלוט אומבאַקאַנט. דער שעף האָט אַן אויסמײַדנדיקן מאַך גע־טאָן מיט דער האַנט און האָט באַפוילן אַרײַנצושטופּן די נײַע געפאַנ־גענע אינעם לאַסט־אויטאָ, ווו עס זײַנען שוין געווען פופצן טרומאַנער, דרײַ נעגערס, צוויי ענגלענדער, איין אויסטראַליענער און צוויי פיליפּי־נער. די ליסינמאַנער האָט מען אַרײַנגעזעצט אין אַ צווייטן לאַסט־אויטאָ. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער שאָפער פון דעם לאַסט־אויטאָ, אין וועלכן עס זײַנען געזעסן די פרעמדע, אַ געשריי געטאָן:

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז דאָס זײַנען נישט קיין גריכן, נישט קיין פראַנצויזן, טערקן זײַנען זיי!

פיאַנג־האַק איז געזעסן אין אַ ווינקל פונעם אויטאָ און האָט גע־קלערט וועגן דעם וואָס ער האָט איבערגעלייענט. אַף דער סטאַנציע האָט ער דערזען אַלע באַפרײַטע קאַמאַראַדן פון סונטשאָן. געווען זײַנען צווישן זיי צוויי פרויען: אַ זיבעציק־יעריקע זקיינע און אַ צווייטע פרוי, פון אַ יאָר דרײַסיק, מיט צוויי קינדער. „זאַיאַ־4" איז צווישן די באַפרײַטע נישט געווען. מען האָט זי מיסטאָמע אַוועקגעשיקט קיין נאַנוואַל. דער הויפּטשטאַב פונעם דעסטאַקאַמענט האָט שוין געהאַט יעדיעס, אַז די אינ־טערווענציאָניסטן זײַנען אַנטלאָפן פון נאַנוואַל. זאָל זיך האָבן „זאַיאַ־4" געראַטעוועט?

און ווו זאָלן זיך איצט געפינען האַש־האַש און דער באַלעבאָס פו־נעם העפט? צווישן די געפאַנגענע אין סונטשאָן זײַנען זיי נישט געווען.

זאָלן זיי געווען האָבן צײַט צו אַנטלויפֿן פֿון דער שטאָט ? און אויב זיי האָבן צײַט געהאַט, האָט מען זיי עפּשער אָנגעיאָגט אויפֿן וועג ?

דערזען האָט פּיאַנג־האַק אין דער קאַנאַווע דרײַ צעקלאַפּטע אויטאָס פֿונעם סוינע און אייניקע טויטע. איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם לאַסט־אויטאָ און האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אין די טויטע. עמעצער האָט אַ גע־שריי געטאָן :

— דו זוכסט מאַק־אַרטורן ? דער איז גאָר קיין נאַר ניט. ער איז אין טאָקיאָ.

לעבן דער אײַזנבאַן־בריק וואָס ציט זיך איבער דעם טאַעדאָנגאַן, האָבן די פּאַרטיזאַנער דערזען אַ גרויסן גרוב. אױפֿן דעק זײַנען געליגן עטלעכע צענדליק טויטע מענער און פֿרויען, הענט און פֿיס געבונדן מיט שטעכיקן דראָט. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַראָפּגענומען דעם דראָט בײַ די טויטע און האָבן זיי מעקאַבער געווען.

דער שעף פֿון דער וואַך בײַ דער בריק האָט געזאָגט, אַז הינטער אַ באַרג, אין אַ קליינעם סאָסנע־וועלדל, ליגן צוויי ליסינמאַנער און איין נאָרדאַמעריקאַנער אָפֿיציר טויטע. מען האָט זיי נאָך אין אָוונט געטראָפֿן בײַ זייער פֿאַרברעכן. זיי האָבן פֿאַרשאָטן אַ גרוב פֿול מיט דערשאָסענע. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפֿן ווען זיי האָבן דערזען די זעלנער פֿונעם דעס־טאַקאַמענט און מען האָט זיי דערשאָסן.

פּיאַנג־האַק איז אַראָפּגעשפּרונגען און אַ פֿרעג געטאָן :

— מען האָט זיי דורכגעזוכט ?

— יאָ — האָט דער שעף פֿון דער וואַך געענטפֿערט. — בײַ דעם נאָרדאַמעריקאַנער האָבן מיר גאָרנישט ניט געפֿונען. זײַנע דאָקומענטן אָפּאָנים האָט ער געהאַלטן אינעם פּעלץ, וואָס איז פֿאַרבליבן אינעם אױ־טאָ. און דעם אויטאָ האָבן מיר אױף פּיצלעך צעריסן מיט אַן אַנטיטאַנק־גראַנאַט. די ליסינמאַנער האָבן בלויז געהאַט בײַ זיך זעקעלעך מיט אַזעל־כע קליינע ברעטעלעך, אױף וועלכע עס זײַנען אויסגעברענט דרײַ יעראָ־גליפֿן : סען דען סאַן . . .

פּיאַנג־האַק האָט אַ דערשטיקטן געשריי געגעבן :

— דאָס איז אין קאָרעיִש. נאָר אין יאַפּאַנעזיש מיינט עס : נאָרי־טאַיאַמאַ. ס׳איז דער נאָמען פֿון אַ טעמפּל . . . די ברעטעלעך זײַנען יאַ־פּאַנעזישע קאַמייעס. דאָס זײַנען ניט קיין ליסינמאַנער, נאָר יאַפּאַנעזער. און וועלכן אָפֿצייכן טראָגט דער נאָרדאַמעריקאַנער אויפֿן אַרבל ?

— אַ בלאָט און אַ בליץ.

— די 25סטע דיוויזיע ! קומט שנעלער. דאָס זײַנען זיי . . .

פּיאַנג־האַק האָט זיך געלאָזט לויפֿן פֿאָרויס און נאָך אים זײַנען גע־לאָפֿן עטלעכע פֿון זײַנע מענטשן. געלאָפֿן איז ער מיט פֿאַרקלעמטע ציין. ווען ער האָט דערזען דאָס וועלדל, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב הינטער אים לויפֿט נאָם יען־סע, דער בעסטער שיסער פֿונעם דעסטאַקאַ־

מענט, וועט זײַן ווונטש מעקויעם ווערן: זיי זײַנען עס. ער האָט דעם קאָפּ אויסגעדרייט און האָט דערזען נאָם יען־סעס ברייטע און אָנגעכמור־רעטע פּאָנעם. זײַן ווונטש וועט מעקויעם ווערן.

צוויי טויטע זײַנען געלעגן צוואַנציק מעטער ווײַט פון אַ פרישן אָנשיט, מיט דעם פּאָנעם אין דער ערד אײַנגעגראָבן, און דער דריטער, אין אַ נאָרדאַמעריקאַנער מונדיר, לעבן די רעשטן פון אַ „דזשיפּ". פּיאַנג־האַק איז צוגעלאָפן צו די טויטע יאַפּאַנעזער, ער האָט אונטערגעהויבן דעם ערשטן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן הינטער די אויערן; דערנאָך האָט ער דאָס אייגענע געטאָן מיט דעם צווייטן. ניט דער ערשטער ניט דער צווייטער האָבן געהאַט אַ וועלכן עס איז שראַם. צוגעקומען איז ער דערנאָך צו דעם טרומאַנער. געליגן איז ער מיט דעם פּאָנעם אַרויף. אויך זײַנע סימאָנים שטימען ניט: אַ הויכער איז ער געווען, מיט געדיכטע שפּיציקע ברעמען און וואָנצעס ווי אַ בערשטל.

ווען פּיאַנג־האַק איז שוין געזעסן ווידער אינעם אויטאָ, האָט ער אַן איראָנישן שמייכל געטאָן. וואָס עפּעס איז אים אַרײַן אין קאָפּ, אַז ער מוז זיי געפינען? אַזוינע סורפּריזן פּאַסירן נאָר אינעם קינאָ אָדער אין די ראָמאַנען. די אומגלויבלעכע צוזאַמענפאַלן, וואָס קומען דאָרטן פאָר, פּאַסירן ניט אינעם לעבן און, אויב זיי פּאַסירן, איז עס זייער זעלטן.

בעייס אַן אָפּשטעל אין וועג, קימאַט אין באַגינען, האָט פּיאַנג־האַק אינפאָרמירט דעם שעף פונעם דעסטאַקאַמענט און דעם שעף פונעם הויפּטשטאַב דעם אינהאַלט פון די פאַרצייכענונגען אינעם העפט, וואָס מען האָט געפונען אין סונטשאָן.

ביידע שעפן זײַנען געזעסן באַ אַ פײַער. זיי האָבן זיך געשיצט פון דער קעלט מיט שאַלן אַף וועלכע עס איז אויסגעהעפט געווען אַ טורעם מיט אַ זייגער אָפן פאַן פון אַ הערב. אונטער דעם הערב, אַף אַ סטענגע איז געווען אויפגעשריבן דער דעוויז „אַן די מיניוט" [צו דער מינוט]. געווען איז עס דער הערב פון דעם 37סטן אַרטילעריע־באַטאַליאָן פון דער 2טער נאָרדאַמעריקאַנער דיוויזיע.

בעייס פּיאַנג־האַק האָט אינפאָרמירט, זײַנען צום פײַער צוגעקומען נאָך צוויי מענטשן: דער שעף פון דעם אויסשפּירער־טייל און דער מע־דיצינער.

ווען דער שעף פונעם דעסטאַקאַמענט — פאָרזיצער פון אַ קרײַזישן פאָלקס־קאָמיטעט פאַר דער אינוואַזיע פון די אינטערווענציאָניסטן — האָט אויסגעהערט דעם באַריכט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— די דאָזיקע פאַרצייכענונגען פון אַן אָנגעדונגענעם באַ די נאָרד־אַמעריקאַנער, דערגאַנצן דאָס וואָס מיר ווייסן שוין פון די דאָקומענטן, וואָס מיר האָבן פאַרכאַפּט אין סעול און זיי באַשטעטיקן די דעקלאַראַ־ציעס פון דעם געפאַנגענעם האָן פו־האַן, אָפיציר פונעם הויפּטשטאַב אין

לי סין־מאַנס 17טן פּאָלק. דער דאָזיקער געפאַנגענער האָט אונדז איבער־געגעבן מיט אַלע פּראַטים דעם פּלאַן „אַ. בע. צע.", וואָס זײַנע שעפן האָבן באַקומען פון די נאָרדאַמעריקאַנער אים דורכצופירן אין דער פּראַק־טיק.

דער שעף פון דעם אויסשפּירער־טייל האָט אַ שמייכל געטאָן:

— געוואָלט האָבן זיי זאָגן „אַ" און אײַנשלינגען אונדז אין דרײַ טעג ; דערנאָך זאָגן „בע"...

— געזאָגט האָבן זיי „אַ" און האָבן זיך דערוואָרגן, — האָט פאַר־ענדיקט דער שעף פונעם דעסטאַקאַמענט צווישן אַלגעמיינעם געלעכטער.

— עס איז זיי נישט אַרויסגעקומען. דער נאָרדאַמעריקאַנער פּלאַן האָט פאַרגעזען אַ בליץ־שנעלע אָקופּאַציע פון אונדזער רעפּובליק, דערנאָך אַן אַרײַנרײַס אין מאַנדזשוריע און אַ ווײַטערדיקע אָפענסיווע צו צאָפן און אין איין צײַט צו דאָרעם, צו פעקין צו. מיט אַנדערע ווערטער געזאָגט, זיי טראָגן זיך אַרום מיטן געדאַנק פונאַנדערצובלאָזן אַ דריטע וועלט־מילכאָמע. נאָר די וואָס האָבן באַפוילן טרומאַנען און מאַק־אַרטורן דורכ־צופירן דעם פּלאַן האָבן נישט אין אַכט גענומען איין אומשטאַנד. אַמאָ־ליקע צײַטן פלעגן פרעמדע דעראָבערער אַ סאַך מאָל זיך אַרײַנרײַסן אין אונדזער קאָרעע און אַ דאַנק דעם פאַראַט און דער פאַכדאַנעס פון אונ־דזערע קעניגן און כאַשעווע לײַט, פלעגט זיי געלינגען בינדן באַם פאָלק די הענט. דאָס מאָל אָבער האָבן די נאָרדאַמעריקאַנער צו טאָן מיט אַ פאָלק, וואָס ווייס וואָס אַזוינס איז פרײַהייט און וועט קיינעם נישט דערלאָזן באַ זיך די פרײַהייט אַוועקצונעמען. נאָרדאַמעריקע האָט געשיקט קיין קאָרעע אירע בעסטע דיוויזיעס, האָט באַפוילן אַלע אירע וואָסאַלן זיך צו פאַראייניקן צוליב דער אינטערווענץ, האָט געשטעלט אין קאָן אַ סאַך „נײַעסן", וואָס זי האָט געהאַט אויסבאַהאַלטן אַף דער צוקונפטיקער מיל־כאָמע, פון די שטראַם־אַוויאָנען פונעם לעצטן מאָדעל ביז דעם נאַפּאַלם. נאָרדאַמעריקע פּרוווט אונדז אונטעריאָכן מיט אירע „טעפּיך־באָמבאַרדי־רונגען", אָפּווישנדיק פון דער ערד אונדזערע שטעט און דערפער לויט דער צעווירעטער מאָפּע. נאָר איר וועט נישט געלינגען אונטערטעניק צו מאַכן אונדזער פאָלק. די אינטערווענציאָניסטן וועט זיך ניט אײַנגעבן אונדז צו צעקלאַפּן און אַריבערצוגיין קיין מאַנדזשוריע קעדיי אָנצוהייבן אַ נײַע גרויסע מילכאָמע. דער פּלאַן „אַ. בע. צע." איז דורכגעפאַלן. מיר, די קאָרעער, האָבן מיר אויסגעפּילט אונדזער כויוו לעגאַבע דער מענטש־הײַט. אונדזער מאָראַל איז פעסט, ווײַל הינטער אונדז שטייט דאָס גרוי־סע פעלד פון פרידן.

דער שעף פונעם דעסטאַקאַמענט האָט געקוקט אַף די סאָסנע־שפּיצן אין צאָפן און אין צאָפן־מײַרעוו־זײַט. עס האָט שוין גענומען טאָגן.

אָק־טאַנג איז צוגעקומען צום פײַער און האָט אַוועקגעלייגט אַ בינט טרוקענע צווײַגן.

פיאַנג־האַק האָט זיך אָנגערופן:

— אַך, ווי עס ווילט זיך כאַפּן האַש־האַשן און דעם יאַפּאַנישן אָפיציר!...

— צו וואָס דאַרפסטו זיי? — האָט דער שעף פון דעם אויסשפּי־רער־טייל געפרעגט. — מיר ווייסן שוין פון זיי אַלץ וואָס מיר האָבן נייטיק געהאַט צו וויסן. טראַכט דיר, אַז אַלע אינטערווענציאָניסטן זײַנען פונקט אַזעלכע ווי האַש־האַש און כיראַפּאַן, און שלאָג זיי אַלעמען.

— די בודיסטן גלייבן, אַז די נעשאָמעס גייען אַריבער פון איין גוף אין צווייטן — האָט דער שעף פונעם דעסטאַקאַמענט געזאָגט. — דער מענטש שטאַרבט, נאָר באַלד לעבט ער אויף אין אַ נײַער געשטאַלט, און אַזוי קעסיידער, אָן אויפהער. פונדעסטוועגן, טראַגט ער אַף זיך די שטראָף פאַר די זינד פון זײַן פריִערדיקן לעבן. אויב דער מענטש איז געווען אַ ראָשע, וועט ער אין זײַן צווייטן לעבן זײַן אַ שלאַנג אָדער אַן אַנדער מין קריכנדיקע בהמה. דאָס זאָגן די בודיסטן. מיר אָבער זאָגן, אַז דער דײַטשישער עס־עס איז פאַרניכטעט, נאָר אויפגעלעבט האָט ער אין דער געשטאַלט פון דעם נאָרדאַמעריקאַנער פאַשיסט האַש־האַש. וואָס שײַך כיראַפּאַנען, איז ער דער יאַפּאַנישער מיליטאַריסט, וואָס האָט אַפילע נישט באַדאַרפט דורכמאַכן קיין פאַרוואַנדלונג. די נאָרדאַמעריקאַנער האָבן אים אײַנגעהיט און האָבן אים איצט אַוועקגעשטעלט צום שפּיל.

פיאַנג־האַק האָט אַ קוק געטאָן אַף אָק־טאַנג און האָט געפרעגט:

— זאָל זיך האָבן געראַטעוועט „זאָיאַ־4"? זעט אויס, אַז אונדזערע האָבן שוין פאַרנומען נאַנוואַל!...

— נאַנוואַל איז שוין באַפרײַט — האָט באַשטעטיקט דער שעף פונעם הויפּטשטאַב. — און פונקט אַזוי שנעל ווי מיר האָבן באַפרײַט סונטשאָן. מען האָט זיכער באַוויזן צו ראַטעווען די אַרעסטירטע.

— כאַווער יון, דו האָסט אָנטיילגענומען אין דער אומלעגאַלער באַ־וועגונג אין נאַמפּיאָ? — האָט געפרעגט דער דעסטאַקאַמענט־דאָקטער.

— ניין, איך בין געווען אין האַעיו.

— וואָס־זשע פאַר אַ קאָנווענציאָנעלן נאָמען האָסטו דאָרט געהאַט? אַ נומער צי אַ נאָמען?

— מיר, מיידלעך... — האָט אָק־טאַנג שעמעוודיק אַ שמייכל גע־טאָן — פלעגן מיר זיך רופן מיט נעמען פון פלאַנצן.

דער שעף פונעם הויפּטשטאַב האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— דו האָסט דיך אַוואָדע גערופן פּעאָניע.

דאָס מיידל האָט שטיל געענטפערט:

— ניין... ווערבע האָט איך מיך גערופן. זאָיאַ־ווערבע...

— אַ גוטער אײַנפאַל געווען באַ די מיידלעך אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג — האָט זיך אָנגערופן דער שעף פונעם אויסשפּיר־אָפּטייל. — צו זייער נומער אָדער קאָנווענציאָנעלן נאָמען האָבן זיי צוגעגעבן דעם

נאָמען זאָיאַ אַלס באַוויַיז, אַז זיי פאָלגן נאָך דעם ביַישפּיל פון דער רו־סישער העלדן.

— און אַלע אומלעגאַלע גרופּעס יוגנטלעכע — האָט דער דאָקטער אָריַינגעשטעלט — רופן זיך „יונגע גוואַרדיע". אין פּיאַנגיאַנג, אין אַניו, אין רעומי...

— אויך אונדזער גרופּע אין האַעיו האָט זיך אַזוי גערופן — האָט אָק־טאַנג געזאָגט.

— דערציייל וויִאַזוי מען שווערט ווען מען שליסט זיך אָן אין אַזאַ ער־גאַניזאַציע? — האָט פּיאַנג־האָק זי געבעטן.

אָק־טאַנג האָט גענומען צעבלאָזן דאָס פיַיער און האָט פאַרשטעלט די אויגן פונעם רויך.

— ווי מען שווערט? איך האָב קיינמאָל נישט געהערט דערפון. מאָדנע — האָט דער שעף פונעם דעסטאַקאָמענט זיך אָנגערופן.

אָק־טאַנג האָט זיך צוגעזעצט צום פיַיער מיט די פיס אונטער זיך און האָט גענומען דערציילן:

— אונדזערע יאָטן האָבן איַינגעהיט דאָס אַלעמען באַליבטע בוך. ס'איז איבערגעזעצט פון רוסיש. ס'איז אַ ראָמאַן, נאָר עס רעדט זיך אין אים פון זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אַן עמעסן, וויִאַזוי רוסישע מיידלעך און יִינגלעך האָבן מילכאָמע־ציַיט געשאַפן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „יונגע גוואַרדיע". די יִינגלעך מיט די מיידלעך האָבן געקעמפט און זיַינען אומגעקומען פאַרן פאָטערלאַנד. דאָס בוך האָבן מיר געליייענט צו עטלעכע מאָל, דערנאָך האָבן מיר געזען דעם רוסישן פילם און ווידער געליייענט דעם בוך. קעדיי דאָס בוך זאָל ניט צעריסן ווערן, האָבן מיר עס איַינגעבונדן אין פערסימאָן־קאָרע. נאָכדעם ווי די נאָרד־אַמעריקאַנער זיַינען אַריַינגעקומען, האָבן מיר דאָס בוך באַהאַלטן אונטער דער ערד. און ווען מיר האָבן באַשלאָסן גרינדן אונדזער גרופּע, האָט יע־דער פון אונדז אַזוי געשוווירן... ער האָט די לינקע האַנט אַרויפגעלייגט אויפן בוך און געזאָגט... — דאָס מיידל האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך אַ שטרעק געטאָן, אויפגעהויבן די רעכטע האַנט און מיט אַ פאַרשטיקטן נאָר פיַיערלעכן קאָל אָנגעהויבן:

— אינעם נאָמען פון די אַלע וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם בוך, גיב איך, איך דער און דער, אַ שוווע צו קעמפן ניט שוינענדיק מיַין לעבן פאַר דער ערד פון אונדזערע עלטערן און פאַר דער גליקלעכער צו־קונפט פון אונדזער פאָטערלאַנד. און זאָל פאַר מיר זיַין דער גרעסטער קאָוועד און דער העכסטער לויז איך זאָל דערגרייכן צו זיַין מיט עפּעס ענלעך צו די כאַוויירים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם בוך.

אַלע האָבן אַרויסגענומען די פּיפּקעס פונעם מויל און געשוויגן. אָק־טאַנג האָט זיך אָוועקגעזעצט באַם פיַיער און האָט מיט אַ האַנט פאַר־

שטעלט זיך די אויגן. נאָך אַ קורצער פּויזע, האָט דער שעף פונעם דעס־טאַקאַמענט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ מורמל געטאָן:

— ניין, אונדז קען מען נישט באַזיגן.

אין איינעם פון די טאָלן, ווו עס זײַנען פאַראַן אַ סאַך טיפע שפּאַלטן אין די פעלדזיקע בערג, האָבן די פּאַרטיזאַנער אויסבאַהאַלטן די אויטאָס און האָבן זיך געלאָזט גיין צו פוס איבער די אָפּגעוואַלגערטע וועגן. פאַר דעם ווי מיר זײַנען צוגעקומען צו קאַקסאָן, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט זעלנער פון דער פאָלקס־אַרמיי און, ווי נאָר זיי האָבן איבערגעגעבן די געפאַנגענע און טייל פון דעם פאַרכאַפּטן מאַטעריאַל, האָבן זיי זיך ווידער געלאָזט גיין אַף מײַרעוו. נאָך אַ ריי גלענצנדיקע אָפּעראַציעס מיז־רעך־זײַט פון טשונוואָ, איז דער דעסטאַקאַמענט, מיט אַן אַטאַקע פון דאָ־רעם־מיזרעך, אַרײַנגעקומען דעם 11טן דעצעמבער אין פיאַנגיאַנג, וואָס די טיילן פאָלקס־אַרמיי און כינעזישע וואָלונטירן האָבן געהאַט פאַרנומען נאָך מיט פינף טעג צוריק.

דער דעסטאַקאַמענט האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין דער מײַרעוודיקער סטאַנציע. פיאַנג־האַק האָט געבעטן באַם שעף פונעם דעסטאַקאַמענט אַ דערלויבעניש אַהיימצוגיין. ער האָט נישט געהאַט געזען זײַן מוטער און זײַן שוועסטער פון זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. ער האָט זיך געלאָזט לויפן איבער דער סטאַלין־גאַס, פאַרבײַגייענדיק לעבן דעם מאַראַנבאָן, פאַרבײַ בלאָקן הײַזער פאַרברענטע אָדער אויפגעריסענע, פאַרבײַ גוואַלדאָוונע לעכער, פון וועלכע דער רויך האָט געשפּאַרט ווי פון אַ ווולקאַן־קראַטער, און גענומען האָט ער פאַר ריכט־פונקטן די בריק פאַר פוסגייער לינקס און, רעכטס דעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, נאָענט פון דער באַן־סטאַנציע. ביידע די ריכט־פונקטן זײַנען צעשטערט געווען, נאָר פיאַנג־האַק האָט, ווי עס איז, זיך דערשלאָגן צום ריאַנוואַרי־פערטל אָדער, ריכטיקער צום אָרט ווו דאָס פערטל איז פריִער געשטאַנען, מיט דעם געסל ווו ער האָט געוווינט.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום איז פיאַנג־האַק צוריקגעקומען אינעם דעסטאַ־קאַמענט מיט אַ פאַרשטיינערטן האַרצן. באַם האַפּן, אַ פאַרוואַלגערטן מיט הויפנס אַש, האָט ער אָנגעטראָפן אַן אַלטיטשקע, וואָס האָט געהאַט געוווינט קעגנאיבער זייער הויז: זי האָט אים אַלץ דערציילט. פאַרבײַ־גייענדיק אַ פוסטן פּלאַץ אינמיטן שטאָט, האָט ער דערזען דעם רעשט פון אַ מויער, אַף וועלכן עמעצער האָט אָנגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס: „נאָרדאַמעריקע, באַזין דיך! שאַנד צו נאָרדאַמעריקע!"

פיאַנג־האַק איז אַ לאַנגע ווײַלע געשטאַנען פאַר דעם רעשט מויער. מירן קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מירן קיינמאָל ניט פאַרגעבן. פאַרשאָלטן זאָלט איר זײַן, מערדער!

דעם זעלביקן טאָג האָט זיך זײַן דעסטאַקאַמענט אײַנגעגלידערט אין דער דיוויזיע ב. און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די זעלנער זײַנען אַרי־

בער דעם טײַך און האָבן גענומען גיין פאָרויס דער באַן־סטאַנציע סאָנג־יאָרי. אַן אײַז־קאַלטער ווינט, אַ דורכגעזאָפּטער מיט פײַכטקייט האָט געבלאָזן אין רוקן. קעגנױבער דער סטאַנציע איז געשטאַנען אַן אויטאָ מיט אַ הויכריידער. געהאַלטן האָט מען פונקט אין איבערגעבן דעם באַ־פעל פונעם העכסטן שעף. די יוגנטלעכע און מוטיקע שטים פון קים איר סען האָט אָפּגעקלונגען עטוואָס פאַרטויבט:

...דאָס קאָרעיִשע פאָלק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צו אַ גערעכטן קאַמף פאַר דער פרײַהייט, פאַר דעם קאָוועד און פאַר דער אומאָפּהענ־גיקייט פון זײַן פאָטערלאַנד, ציט אויך זײַן פעסטן גלויבן אינעם ניצאָכן און זײַן אומויסשעפּלעכן קויעך פון דער הילף, וואָס די גרויסע פעלקער, דאָס סאָוועטישע און דאָס כינעזישע, פון די פעלקער און די לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע און פון די פרײַע פעלקער אין דער גאָרער וועלט...

איבער די זעלנער איז מיט אַ דורכדרינגלעכן געוואָי דורכגעפלויגן אַן ערטל שטראָם־אַוויאָנען און איז פאַרשוווּנדן אין דער ווײַט. אונדזערע!

די זעלנער האָבן ווײַטער געשפּאַנט און הינטער זיי האָבן זיך גע־הערט די ווערטער:

— טויט און נעקאָמע אונדזערע פאַרשאָלטענע סאָנים, די באַוואָפנ־טע נאָרדאַמעריקאַנער אינטערווענציאָניסטן און דער פאַררעטערישער באַנ־דע פון לי סין־מאַן!... רום דער העלדישער פאָלקס־אַרמיי און די העל־דישע וואָלונטירן־טיילן פונעם כינעזישן פאָלק! רום די פּאַרטיזאַנערנס און פּאַרטיזאַנער! לעבן זאָל דאָס פאַראייניקטע קאָרעיִשע פאָלק!...

די זעלנער האָבן אַ ווײַלע געשפּאַנט שווײַגנדיקע און דערנאָך האָבן זיי גענומען זינגען „דאָס ליד פון דעם פאָלקס ווידערשטאַנד", דאָס באַ־ליבטע ליד פון די פּאַרטיזאַנער. לעבן אַן אָפּגעברענט פויעריש שטיבל, איז געלעגן און געצילט אין הימל אַרײַן מיט אַ צעבראָכענעם פליגל, אַ פײַנטלעכער יאָגד־אַוויאָן אַף שטראָם „פּ־80". אַפן הינטערשטן טייל פליגל האָבן זיך געשוואַרצט די אויסיעס: או.ס.אַ. און אַף דעם פאָדערשטן אונטערן נומער, איז געווען אויסגעמאָלט אַ נאַקעטע פרוי, וואָס שטעלט אַרויס די צונג.

די זעלנער זײַנען שטיין געבליבן אַף דורכצולאָזן אַ קאָלאָנע טאַנקען און לאָסט־אויטאָס, אין וועלכע עס זײַנען געפאָרן שטייענדיק, מיט גרוי־סע בלויע אונטערגעבעטע רעק און בלאַנדע פוטערנע היטלען, די כינע־זישע וואָלונטירן. די זעלנער האָבן געשריגן: וואַנסואי! די כינעזישע כאַוויירים האָט געענטפערט מיט דרײַ מאָל הייבן די האַנט. הינטער זייע־רע אויטאָס זײַנען נאָכגעפאָרן צוויי לאָסט־אויטאָס מיט הויכריידער: אינעם ערשטן האָט פיאָנג־האַק דערזען פאַן אָק־טאַנג מיט צוויי געפאַנ־גענע. זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן אַף דער ערשטער ליניע אויפקלערן די אינטערווענציאָניסטן ווי־אַזוי זיי קענען זיך ראַטעווען די פעל. פיאָנג־

האָק האָט אַ רוף געטאָן אָק־טאַנג. דאָס מיידל האָט אים געגריסט און, צווישן ביידע הענט באַם מויל, ווי אין אַ מעגאָפאָן אַרײַנגעשריגן:

— איך האָב מיך שוין דערוווּסט... יענע זאָיאַ לעבט!...

פונעם הויכריידער אָפן צווייטן לאָסט־אויטאָ האָט זיך געהערט דעם ספּיקערס קאָל:

— און אין די טעג ווען די אַרמיי פון די אָנגרײַפער האָט אַרײַנגעדרונגען אין צאָפן־קאָרעע און אונדזער לאַגע איז געווען שווערער ווי ווען עס איז, האָט דער גענעראַליסימוס סטאַלין געזאָגט אין זײַנער אַ באַגריסונג אַלס ענטפער אונדזער העכסטן שעף: „איך ווינטש דעם קאָרעיִשן פאָלק ער זאָל העלדיש פאַרטיידיקן די אומאָפּהענגיקייט פון זײַן לאַנד, אַ גלענצנדיקן סאָף צו זײַנע לאַנגע יאָרן פון געראַנגל פאַר דער באַשאַפונג פון אַ פאַראייניקטער, אומאָפּהענגיקער און דעמאָקראַטישער קאָרעע". אַזוי האָט געזאָגט דער גרויסער פרײַנט פון אונדזער פאָלק...

די זעלנער האָבן בראַוו אויפגעזונגען דאָס ליד פון דעם גענעראַל קים איר סען און האָבן געשפּאַנט ווײַטער, צו דאָרעם.

געוווּסט האָבן זיי, אַז עס וואַרטן אויף זיי נאָך אַ סאַך שלאַכטן, אַ סאַך שווערקייטן, אַ סאַך ניסיונעס, אָבער אויך, אַז עס וואַרט אויף זיי דער ניצאָכן איבער די סאָנים פון דער מענטשהײַט. מאַנסעי קאָרעע אַ פרײַע און אַן אומאָפּהענגיקע! מאַנסעי דער פרידן אויף דער גאַרער וועלט!

  

# El Cuaderno de Sunchon

NOVELA DOCUMENTAL

—— DE ——

ROMAN KIM



* * *

Impreso en la Argentina

Printed in Argentine

EDITORIAL "HEIMLAND"

BUENOS AIRES